

*Hans Christian Andersen*

# Stories in Yiddish

# האַנס קריסטיאַן אַנדערסען מעשׂהלעך אויף ייִדיש



## איבערגעזעצט פֿון איציק לייב גאָלדשטיין

רעדאַקטירט פֿון חנה־פֿייגל טערטלטויב

Translated by Itsik Leyb Goldstein

*Edited by Dr. Khane-Faygl Turtletaub*



איציק לייב גאָלדשטיין

איציק לייב (איזידאָר לויִס) גאָלדשטיין איז געבוירן געוואָרן אין סאַקי, ליטע אין 1891 און געשטאָרבן אין עוואַנסטאָן, אילינוי אין 1966. ווי אַ קינד אין ליטע האָט ער עטלעכע יאָר געלערנט אין אַ ישיבֿה. ער איז אָנגעקומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אין 1907 און האָט שטודירט ענגליש און ליטעראַטור אינעם העברעיִשן אינסטיטוט אויף דער מערבֿ זײַט שיקאַגאָ. ער האָט חתונה געהאַט מיט שיינע רייזל (ראָז) קאַפּלאַן פֿון ווײַסרוסלאַנד, וואָס האָט אויך געהאַט אימיגרירט.

איציק לייב איז געווען אַ שטילער, באַשיידענער מאַן מיט אַ סובטילן חוש פֿאַר הומאָר, וואָס האָט צו אים צוגעצויגן אַלערליי מענטשן.

אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן געאַרבעט ווי אַ פּרעסער אין דער פּראָוויִדענס קליידער אינדוסטריע זײַן גאַנץ לעבן, אָבער, ער האָט זיך אַלע מאָל פֿאַראינטערעסירט אין קונסט. ער איז געווען אַ טאַלענטירטער מאָלער, סקולפּטור און אָפּדרוקער פֿון זײַנע אָריגענעלע בילדער. ער האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט איבערזעצן פֿאַרשיידענע אינטערנאַציאָנאַלע שרײַבערס אויף ייִדיש. כאָטש ער האָט זיך גיך אויסגעלערנט דײַטש, פֿראַנצייזיש און איטאַליעניש, איז אים, אַ חוץ ייִדיש, געפֿעלן דעניש מער ווי אַלע אַנדערע שפּראַכן און ער האָט זיך אונטערגענומען איבערצוזעצן אויף ייִדיש די מעשׂהלעך פֿון דעם באַוווּסטן דענישער שרײַבער, האַנס קריסטשאַן אַנדערסען.

דער לייענער וועט דאָ געפֿינען 35 פֿון אָט די מעשׂהלעך וואָס איציק לייב האָט זייער געוואָלט אַרויסברענגען בײַם לעבן. צום באַדויערן איז דאָס אים ניט געווען באַשערט. ווילן מיר איצט געבן כּבֿוד זײַן אָנדענק מיט דעם דאָזיקן באַנד, אילוסטרירט פֿון ליז עלזבי אין ישׂראל און געשטיצט פֿון זײַן זון, נחמן גאָלדשטיין.

חנה־פֿײַגל טערטלטויב

וידמונג

דאָס בוך איז געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון מײַן טאַטן, איציק לייב גאָלדשטיין, אַ מענטש פֿון פֿאָלק און פֿאָרט אַ שרײַבער און איבערזעצער. איך דערמאָן זײַן חוש פֿאַר הומאָר און זײַן אָפּטן שמייכל מיט ליבשאַפֿט.

## אַ וואָרט צום לייענער

דער דענישער שרײַבער האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט פֿאַרכאַפּט די פֿאַנטאַזיע פֿון איציק לייב גאָלדשטיין ווען ער, גאָלדשטיין, איז שוין געווען אין די שפּעטע זעכציקער יאָרן. ער האָט געהאַט עטלעכע דענישע באַקאַנטע און ניצנדיק אַ דעניש ווערטערבוך אָנגהויבן איבערצוזעצן אַנדערסענס מעשׂיות אויף ייִדיש. עטלעכע יאָר האָט ער אָפּגעגעבן דער אַרבעט, ווײַל ער האָט מסתּמא געזען, גלײַך ווי אַ סך אַנדערע שרײַבערס און קריטיקערס פֿאַר אים, אַז אַנדערסענס מעשׂיות זײַנען מער ווי אויבנאויפֿיקע דערציילונגען פֿאַר קינדער. די פּסיכאָלאָגישע יסודות אויף וועלכע די דערציילונגען שטייען זײַנען פּונקט אַזוי אמת פֿאַר דערוואַקסענע ווי פֿאַר קינדער. למשל, „דאָס מיאוסע ענטל" דערמוטיקט אַלע וואָס פֿילן ,אַז זייער פּאָטענציאַל איז אַנדערש פֿון זייערע פֿרײַנד אָדער זייערע מיטקינדער, און זייערע לעבנס גייען אויף אַנדערע וועגן. „דעם קייסערס נײַע קליידער" גיט צו פֿאַרשטיין, אַז מע קען זיך ניט אַלע מאָל פֿאַרלאָזן אויף די מיינונגען פֿון אַנדערע; מע מוז האָבן צוטרוי צו זיך אַליין און גלייבן דאָס וואָס מע זעט מיט די אייגענע אויגן און דאָס וואָס מע פֿאַרשטייט מיטן אייגענעם שׂכל, און אַזוי ווײַטער.

א. ל. גאָלדשטיין איז אויך געווען אַ מבֿין אויף אַנדערסענס פּשוטן, דערציילערישן סטיל און אים געוואָלט איבערגעבן אויף מאַמע־לשון. צו די אָריגינעלע חנעוודיקע מעשׂיות האָט ער צוגעגעבן אַ ייִדישן חן. כאָטש דער ניסוח האָט אויך איבערגעזעצט אַ סך פֿון אַנדערסענס מעשׂיות אויף ייִדיש, האָט ער זיי איבערגעזעצט פֿון רוסיש. אויף ווי ווײַט מיר ווייסן האָט קיין אַנדער שרײַבער זיי ניט איבערגעזעצט אויף ייִדיש דירעקט פֿון דעניש.

דאָ אין דעם בוך האָבן מיר אַ ביסל מאָדערניזירט גאָלדשטיינס ליטוויש ייִדיש, כּדי עס זאָל זײַן נענטער צו כּלל־ייִדיש און גרינגער פֿאַר סטודענטן פֿון מאָדערנעם ייִדיש צו לייענען.

כאָטש האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט אָנגעשריבן אַן ערך 168 מעשׂיות, האָבן מיר נאָר אויסגעקליבן 35 פֿון די וואָס א. ל. גאָלדשטיין האָט איבערגעזעצט. דאָ זײַנען זיי אײַנגעסדרט לויטן יאָר וואָס זיי זײַנען אַרויס.

ח.־פּ. ט.

# אינהאַלט

# 1

# דאָס צינדקעסטל

א סאָלדאַט איז מאַרשירנדיק אָנגעקומען מיטן שליאַך. איינס, צוויי! איינס, צוויי! ער האָט געהאַט זײַן רוקזאַק אויף דער פּלייצע און אַ שווערד בײַ דער זײַט, ווײַל ער קומט איצט צוריק פֿון דער מלחמה. ער גייט איצט אַהיים. אויפֿן וועג האָט ער באַגעגנט אַן אַלטע מכשפֿה. זי איז געווען אַזוי מיאוס, אַז איר אונטערשטע ליפּ איז אַראָפּגעהאָנגען ביז צו איר ברוסט. „אַ גוטן אָוונט, סאָלדאַט", האָט זי געזאָגט. „סאַראַ פֿײַנע שווערד און גרויסן רוקזאַק דו האָסט. ביסט טאַקע אַן אמתער סאָלדאַט! איצט וואָלטסטו געקענט האָבן געלט וויפֿל נאָר דו באַגערסט".

„אַ דאַנק דיר, דו אַלטע מכשפֿה", האָט דער סאָלדאַט געענטפֿערט.

„דו זעסט דעם גרויסן בוים?" האָט די מכשפֿה געזאָגט און אָנגעוויזן אויפֿן בוים וואָס איז געשטאַנען אויף אַ זײַט ניט ווײַט פֿון זיי. „ער איז אין גאַנצן אויסגעהוילט פֿון אינעווייניק. דו דאַרפֿסט אַרויפֿקריכן זייער הויך, וועסטו זען אַ לאָך אין שטאַם. דורכן לאָך קענסטו זיך אַראָפּגליטשן ביז טיף־טיף אין בוים. איך וועל אַרומבינדן אַ שטריק אַרום דײַן טאַליע כּדי איך זאָל דיך קענען אַרויפֿציִען ווען דו וועסט מיך רופֿן".

„וואָס וועל איך טאָן טיף אין בוים?" האָט דער סאָלדאַט געפֿרעגט.

„ווערסט קריגן געלט‟, האָט די מכשפֿה געענטפֿערט. „דו זאָלסט וויסן זײַן, אַז ווען דו ווערסט דערגייין צום דנאָ פֿון בוים ווערסטו זיך געפֿינען אין אַ גרויסן דורכגאַנג. עס איז דאָרט זייער ליכטיק, ווײַל עס ברענען דאָרט הונדערטער לאָמפּן. ווערסט זען דרײַ טירן. דו קענסט זיי עפֿענען. די שליסלען הענגען דאָרט. ווען דו ווערסט אַרײַן אין דער ערשטער קאַמער ווערסטו זען אויפֿן דיל אַ גרויסן קאַסטן און אַ הונט וואָס זיצט אויף אים.

„דער הונט האָט אַ פּאָר אויגן גרויס ווי צוויי טייגלעזער, אָבער דאָס דאַרף דיך ניט אַרן. נעם מיט מײַן בלאָ־געקעסטלטן פֿאַרטעך און שפּרייט אים אויס אויפֿן דיל. גיי גיך צו, נעם אַראָפּ דעם הונט און זעץ אים אַוועק אויפֿן פֿאַרטעך. שליס אויף דעם קאַסטן און נעם דיר וויפֿל מטבעות דו פֿאַרלאַנגסט, זיי זײַנען פֿון קופּער; אויב דו באַגערסט זילבער, גיי אַרײַן אין צווייטן צימער. דאָרט זיצט אַ הונט וואָס האָט אַ פּאָר אויגן גרויס ווי מילרעדער. אָבער דיך דאַרף עס ניט אָנגיין. זעץ אים אַוועק אויף מײַן פֿאַרטעך און נעם דיר דאָס געלט. נאָר אויב דו האָסט אַ באַגער צו גאָלד, קענסטו דאָס אויך באַקומען און טאַקע וויפֿל דו ווילסט. דאַרפֿסטו נאָר אַרײַנגיין אין דער דריטער קאַמער. דאָרט זיצט אַ הונט אויפֿן קאַסטן גאָלד וואָס האָט אַ פּאָר אויגן גרויס ווי צוויי רונדע טורעמס. דאָס איז אַן אמתער הונט, קען זיך דיר דאַכטן, אָבער דאַרפֿסט זיך גאָר ניט שרעקן. זעץ אים נאָר אַוועק אויף מײַן פֿאַרטעך, וועט ער דיר גאָרניט טאָן, און נעם דיר גאָלד פֿון קאַסטן וויפֿל דײַן האַרץ גלוסט נאָר‟.

„דאָס איז גאָר ניט אַזוי שלעכט‟, האָט דער סאָלדאַט געזאָגט. „אָבער וואָס זאָל איך דיר געבן, דו אַלטע מכשפֿה? ווײַל עפּעס ווילסטו דאָך קריגן, גלייב איך‟.

„ניין‟, האָט געזאָגט די מכשפֿה, „אַפֿילו קיין איין מטבע פֿאַרלאַנג איך ניט. דו דאַרפֿסט בלויז נעמען פֿאַר מיר אַן אַלט הילצערן

צינדקעסטל, וואָס מײַן באָבע האָט פֿאַרגעסן ווען זי איז דאָרט צום לעצטן מאָל געווען!"

„איצט בינד דעם שטריק אַרום מײַן טאַליע", האָט געבעטן דער סאָלדאַט.

„אָט איז ער", האָט די מכשפֿה געזאָגט, „און אָט איז מײַן בלאָ־געקעסטלטער פֿאַרטעך".

איז דער סאָלדאַט אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בוים און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דורך דעם לאָך און זיך געפֿונען דאָרט ווו די מכשפֿה האָט אים אָנגעזאָגט, אין אַ גרויסן דורכגאַנג, ווו הונדערטער לאָמפּן האָבן געברענט.

איצט האָט ער אויפֿגעעפֿנט די ערשטע טיר. אָ! דאָרט איז געזעסן אַ הונט מיט אויגן גרויס ווי טייגלעזער און האָט אויף אים געגלאָצט.

„דו ביסט אַ פֿײַנער בחור", האָט דער סאָלדאַט געזאָגט, און ער האָט אים אַוועקגעזעצט אויף דער מכשפֿהס פֿאַרטעך און גענומען קופּערנע מטבעות, אַזוי פֿיל ווי זײַנע קעשענעס האָבן געקענט פֿאַרנעמען. ער האָט צוגעמאַכט דעם קאַסטן, דעם הונט צוריק אויף אים אַרויפֿגעזעצט און איז אַרײַן אין צווייטן צימער. אוי! עס איז דאָרט געזעסן אַ הונט מיט אַ פּאָר אויגן גרויס ווי מילרעדער.

„דאַרפֿסט אויף מיר אַזוי שטאַרק ניט קוקן", האָט געזאָגט דער סאָלדאַט. „עס קען דיר נאָך פֿאַרשאַטן די אויגן". ער האָט דעם הונט אַוועקגעזעצט אויף דער מכשפֿהס פֿאַרטעך, און ווי ער האָט דערזען אַזוי פֿיל זילבערנע מטבעות אין קאַסטן האָט ער אַוועקגעוואָרפֿן זײַנע קופּערנע און אָנגעפּילט דעם רוקזאַק און די קעשענעס מיט הוילן זילבער. איצט איז ער אַרײַן אין דער דריטער קאַמער, אָבער אַ שרעק! דער הונט דאָרט האָט טאַקע געהאַט אויגן גרויס ווי רונדע טורעמס און זיי זײַנען אַרומגעלאָפֿן אין קאָפּ אַזוי ווי רעדער.

„אַ גוטן אָוונט", האָט געזאָגט דער סאָלדאַט און אַ ריר געטאָן זײַן היטל, ווײַל אַזאַ הונט האָט ער נאָך קיין מאָל ניט געזען. ער האָט אים גוט אָנגעקוקט און געזאָגט, „נו, גענוג געקוקט". ער האָט אים אויפֿגעהויבן, אַוועקגעזעצט אויפֿן דיל און אויפֿגעעפֿנט דעם קאַסטן.

אוי, רבונו־של־עולם, באַהיט זאָל מען ווערן וויפֿל גאָלד עס האָט זיך דאָרט געפֿונען! ער וואָלט געקענט אָפּקויפֿן גאַנץ קאָפּנהאַגן און אַוודאי דאָס זיסע געבעקס פֿון דער בעקערין: אַלע צוקערבײַטשן, וויגפֿערדלעך און רעדער אין דער וועלט. עס האָט זיך טאַקע דאָרט געפֿונען אַן אוצר מיט גאָלד. האָט דער סאָלדאַט אַוועקגעוואָרפֿן אַלע זײַנע זילבערנע מטבעות מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַט אָנגעפֿילט די קעשענעס און האָט בעסער גענומען גאָלד. יאָ, אַלע קעשענעס, דעם רוקזאַק, דאָס היטל, די שטיוול – אַלץ האָט ער אָנגעשטאָפּט אַזוי, אַז ער האָט קוים געקענט גיין. איצט האָט ער געהאַט געלט! דעם הונט האָט ער אַוועקגעזעצט צוריק אויפֿן קאַסטן, פֿאַרמאַכט די טיר און האָט אַרויפֿגערופֿן דורכן בוים, „שלעפּ מיך אַרויף, דו אַלטע מכשפֿה!"

„האָסטו דאָס הילצערנע צינדקעסטל מיט זיך?" האָט די מכשפֿה געפֿרעגט.

דער סאָלדאַט האָט געזאָגט דעם אמת: „איך האָב עס טאַקע פֿאַרגעסן". ער איז אַוועק און האָט עס געבראַכט. די מכשפֿה האָט אים אַרויפֿגעצויגן, און ער איז ווידער געשטאַנען אויפֿן וועג מיט קעשענעס, שטיוול, רוקזאַק און היטל פֿול מיט גאָלד.

„צו וואָס דאַרפֿסטו דאָס הילצערנע קעסטל?" האָט געפֿרעגט דער סאָלדאַט.

„דאָס דאַרף דיך ניט אָנגיין", האָט די מכשפֿה געזאָגט. „איצט, אַז דו האָסט באַקומען דאָס גאָלד, טאָ גיב מיר כאָטש דאָס קעסטל!"

„נאַרישקייטן", האָט געזאָגט דער סאָלדאַט. „ווּעסטו מיר שוין זאָגן צו וואָס דו דאַרפֿסט עס אָדער כ'וועל אַרויסציִען מײַן שווערד און וועל דיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ!"

„ניין", האָט די מכשפֿה געענטפֿערט.

האָט דער סאָלדאַט איר אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ און זי געלאָזט ליגן. ער האָט אײַנגעבונדן דאָס גאָלד אין איר פֿאַרטעך, עס פֿאַרוואָרפֿן אויף דער פּלייצע, אַרײַנגעלייגט דאָס קעסטל אין קעשענע און איז אַוועק אין שטאָט אַרײַן.

די שטאָט איז געווען אַ שיינע. ער איז אַרײַן אין דעם פֿײַנסטן האָטעל, האָט גענומען דעם בעסטן צימער און באַשטעלט די טײַערסטע מאכלים, אַלץ וואָס ער האָט האָלט געהאַט.

די באַדינער וואָס האָבן געפּוצט זײַנע שטיוול האָבן זיך געוווּנדערט ווי עס קומען אַזעלכע אַלטע מיאוסע שטיוול צו אַזאַ רײַכן יונגן־מאַן. ער האָט, אָבער, קיין צײַט נאָך ניט געהאַט צו קויפֿן זיך נײַע. אויף מאָרגן האָט ער זיך געקויפֿט נײַע שטיוול און שיינע קליידער. איצט איז דער סאָלדאַט געוואָרן אַ מענטש מיט אַ פּאַרנעם. איצט האָט מען אים דערציילט וואָס עס גייט אָן אין שטאָט, וועגן דעם קיניג און וואָס פֿאַר אַ שיינע פּרינצעסין זײַן טאָכטער איז.

„ווי אַזוי קען מען זי זען?" האָט דער סאָלדאַט געפֿרעגט.

„עס איז פּשוט אוממעגלעך זי צו זען", האָבן זיי אַלע געזאָגט. „זי וווינט אין אַ גרויסן קופּערנעם שלאָס, וואָס איז מיט ווענט און טורעמס אַרומגערינגלט. קיינער חוץ דעם קיניג טאָר ניט אַרײַנגיין און אַרויסגיין בײַ איר, ווײַל מ'האָט נבֿיאות געזאָגט, אַז זי וועט חתונה האָבן מיט אַ פּראָסטן סאָלדאַט, און דאָס קען איר פֿאָטער ניט פֿאַרלײַדן".

„איך וואָלט זי שטאַרק געוואָלט זען". אָבער דאָס טאָר מען ניט. דערווײַל האָט ער געלעבט אַ לוסטיק לעבן. ער איז געגאַנגען

אין טעאַטער, אַרומגעפֿאָרן אַרום דעם קיניגס גאָרטן און האָט אַוועקגעגעבן אַ סך געלט צו די אָרעמע־לײַט. דאָס איז געווען זייער פֿײַן פֿון אים. ער האָט נאָך געדענקט ווי שלעכט עס איז אים אַ מאָל געווען אַרומצוגיין אָן אַ שילינג אין קעשענע. ער איז איצט געווען רײַך און האָט געהאַט שיינע קליידער און אַ סך פֿרײַנד. זיי האָבן אים פֿאַרלויבט ווי אַ זעלטענער מענטש און אַן אמתער דזשענטלמען, און דאָס איז אים שטאַרק געפֿעלן.

אָבער איצט, אַז דער סאָלדאַט האָט אויסגעגעבן אַזוי פֿיל געלט און גאָרניט אַרײַנגענומען, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס איז אים פֿאַרבליבן קוים צוויי שילינג. האָט ער זיך געמוזט אַרויסציִען פֿון זײַן שיינעם צימער און איז אַרויף אין אַ קליינער קאַמער אונטערן דאַך, האָט אַליין געדאַרפֿט פּוצן זײַנע שטיוול און זיי פֿאַרלאַטען מיט אַ שטאָפּנאָדל. זײַנע פֿרײַנד זײַנען צו אים מער ניט געקומען, ווײַל עס זײַנען געווען אַזוי פֿיל טרעפּ אַרויפֿצוגיין.

איין מאָל אין אַ פֿינצטערן אָוונט, ווען ער האָט אַפֿילו ניט געהאַט גענוג געלט צו קויפֿן ליכט, האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז אַ שטיקל ליכט ליגט אין דעם קעסטל, וואָס ער האָט אַרויפֿגעבראַכט פֿון דעם אויסגעהוילטן בוים, אין וועלכן די מכשפֿה האָט אים געהאָלפֿן אַראָפּגיין. ער האָט אַרויסגענומען דאָס הילצערנע קעסטל מיטן שטיקל ליכט, אָבער אַזוי ווי ער האָט עס אָנגעצונדן און פֿונקען האָבן געשפּריצט פֿון פֿײַערשטיין, האָט די טיר זיך צעפּראַלט און דער הונט מיט די אויגן אַזוי גרויס ווי טייגלעזער, דער וועלכער ער האָט געזען אונטער דעם בוים, איז געשטאַנען אַנטקעגן אים און האָט געזאָגט, „וואָס וויל מײַן האַר באַפֿוילן?"

„וואָס איז דאָס?" האָט דער סאָלדאַט אויסגעשריגן. „דאָס איז דאָך טאַקע אַ טײַער קעסטל. איך קען דאָך קריגן מיט דעם וואָס נאָר איך

באַגער. ברענג מיר געלט", האָט ער געזאָגט. און דער הונט איז פֿאַרשווונדן געוואָרן.

אין אַן אויגנבליק איז ער צוריקגעקומען מיט אַ טאָרבע פֿול מיט קופּערנע מטבעות אין זײַן פּיסק.

איצט האָט דער סאָלדאַט געזען וואָס פֿאַר אַן אוצר ס'איז דאָס הילצערנע קעסטל. ווען ער האָט עס אַ קלאַפּ געטאָן איין מאָל איז געקומען דער הונט וואָס איז געזעסן אויפֿן קאַסטן מיט קופּער. אויב ער האָט עס געקלאַפּט צוויי מאָל איז געקומען דער הונט וואָס איז געזעסן אויפֿן קאַסטן מיט זילבער. און אויב ער האָט געקלאַפּט דרײַ מאָל איז געקומען דער הונט פֿון קאַסטן מיט גאָלד.

דער סאָלדאַט האָט איצט זיך צוריק אַרײַנגעצויגן אין דעם בעסטן צימער פֿון האָטעל און זיך אײַנגעהאַנדלט טײַערע קליידער, און אַלע זײַנע פֿרײַנד האָבן זיך ווידער אומגעקערט צו אים און אים ווידער אָפּגעגעבן כּבֿוד אַזוי ווי פֿריִער.

איצט האָט ער זיך באַטראַכט, אַז נאָך אַלעמען איז עס אַ מאָדנע זאַך, אַז קיינער זאָל אַפֿילו ניט קענען אָנקוקן דער פּרינצעסינס פּנים. יעדער איינער זאָגט, אַז זי איז פּראַכטיק. אָבער צו וואָס טויג עס, אַז זי דאַרף תּמיד זײַן פֿאַרשלאָסן אינעם גרויסן קופּערנעם שלאָס מיט ווענט און טורעמס אַרום און אַרום.

„קען טאַקע זײַן, אַז איך זאָל זי קיין מאָל ניט זען? אַוווּ איז נאָר מײַן הילצערן קעסטל?" ער האָט עס אַ קלאַפּ געטאָן און פֿײַל־פֿון־בויגן איז געקומען דער הונט מיט די אויגן ווי טייגלעזער די גרייס.

„עס איז איצט האַלבע נאַכט", האָט דער סאָלדאַט געזאָגט. „איך וויל, אָבער, שטאַרק זען די פּרינצעסין – אַפֿילו אויף איין רגע".

אין איין כהרף־עין איז דער הונט שוין געווען אין דרויסן, און איידער דער סאָלדאַט האָט זיך אַרומגעקוקט, איז ער שוין צוריק געווען – מיט דער פּרינצעסין. זי איז געשלאָפֿן אויף דעם הונטס רוקן.

זי איז געווען אַזוי שיין, אַז יעדער איינער האָט געזען, אַז זי איז אַן אמתע פּרינצעסין. דער סאָלדאַט האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט זי געמוזט אויסקושן, ווײַל ער איז געווען אַן אמתער סאָלדאַט.

דערנאָך איז צוריקגעלאָפֿן דער הונט מיט דער פּרינצעסין. אין דער פֿרי, ווען דער קיניג און די קיניגין זײַנען געזעסן אין סאַלאָן און האָבן געטרונקען טיי, האָט די פּרינצעסין דערציילט, אַז עס האָט זיך איר די דאָזיקע נאַכט געחלומט אַ ווונדערלעכער חלום וועגן אַ הונט און אַ סאָלדאַט, אַז זי איז געריטן אויף אַ הונט און אַ סאָלדאַט האָט זי געקושט.

„דאָס איז אַ גאָר שיינע מעשׂה", האָט די קיניגין געזאָגט. „הײַנט בײַ נאַכט וועט איינע פֿון די אַלטע הויפֿדאַמען מוזן זיצן בײַ דײַן בעט און דיך אָפּהיטן, כּדי צו זען צי דאָס איז אין דער אמתן געווען אַ חלום צי עס איז גאָר וואָר".

דער סאָלדאַט האָט שטאַרק באַגערט נאָך אַ מאָל צו זען די שיינע פּרינצעסין, איז דער הונט געקומען נאָך אַ מאָל בײַ נאַכט און געלאָפֿן מיט איר אַזוי גיך ווי ער האָט נאָר געקענט. האָט די אַלטע הויפֿדאַמע אָנגעטאָן אירע שטיוול און איז זיי נאָכגעלאָפֿן. דערווײַל האָט זי געזען, אַז זיי זײַנען פֿאַרשווונדן געוואָרן אין אַ גרויס הויז, האָט זי געטראַכט, אַז איצט ווייסט זי שוין ווו זיי געפֿינען זיך, האָט זי אָנגעצייכנט אַ גרויסן צלם אויפֿן טויער ווו דער סאָלדאַט האָט געוווינט און איז צוריק אַוועק אַהיים און האָט זיך געלייגט שלאָפֿן. ווען דער הונט איז צוריקגעקומען מיט דער פּרינצעסין און האָט געזען אַ צלם אויפֿן טויער, האָט ער גענומען אַ שטיקל קרײַד און האָט געמאַכט צלמים אויף אַלע טויערן אין שטאָט. און דאָס איז געווען קלוג, ווײַל איצט וועט שוין די הויפֿדאַמע מער ניט געפֿינען דעם טויער, ווײַל יעדער טויער איז געווען פֿאַרצייכנט מיט אַ צלם.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי זײַנען דער קיניג און די קיניגין, די הויפֿדאַמע און אַלע באַדינער געקומען זען ווו די פּרינצעסין האָט זיך געפֿונען.

„דאָ איז עס", האָט געזאָגט דער קיניג, ווען ער האָט דערזען דעם ערשטן טויער מיטן צלם.

„ניין, מײַן ליבער מאַן, עס איז דאָרט", האָט די קיניגין געזאָגט ווען זי האָט דערזען אַן אַנדער טויער מיט אַ צלם.

„אָבער אָט איז איינער און אָט איז נאָך איינער", האָבן אַלע אויסגעשריגן, ווײַל וווּ נאָר זיי האָבן געקוקט האָבן זיי געזען אַ צלם. ביז זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז עס וועט גאָר ניט העלפֿן זייער זוכן.

די קיניגין איז, אָבער, געווען זייער אַ קלוגע פֿרוי. זי האָט מער געקענט ווי פֿאָרן אין אַ קאַרעטע, האָט זי אַרויסגענומען איר גרויס גאָלדן שערל און אָפּגעשניטן אַ שטיק זײַדנס און עס צעשניטן אויף שטיקלעך און פֿון זיי אויפֿגענייט אַ קליין, שיין זעקעלע, האָט עס אָנגעפֿילט מיט דין צעמאָלענע גרויפּן און עס אָנגעבונדן אויפֿן רוקן פֿון דער פּרינצעסין. זי האָט אײַנגעשווירן אַ קליין לעכל אין זעקעלע, כּדי עס זאָלן זיך קענען אַרויסשיטן די צעמאָלענע גרויפּן און אָנווײַזן וווּהין די פּרינצעסין גייט.

בײַ נאַכט איז דער הונט ווידער געקומען, האָט גענומען די פּרינצעסין אויפֿן רוקן און איז מיט איר אַוועקגעלאָפֿן צום סאָלדאַט. ער האָט זי שטאַרק האָלט באַקומען. אים האָט זיך געוואָלט ווערן אַ פּרינץ, כּדי ער זאָל זי קענען נעמען פֿאַר אַ ווײַב.

דער הונט האָט גאָר ניט באַמערקט ווי די גרויפּן האָבן זיך אויסגעשיט אויפֿן גאַנצן וועג פֿון דעם שלאָס ביזן סאָלדאַטס פֿענצטער, ווו ער איז אַרויפֿגעלאָפֿן טראָגנדיק די פּרינצעסין.

אויף מאָרגן האָבן דער קיניג און די קיניגין שוין גוט געוווּסט ווו זייער טאָכטער האָט זיך געפֿונען, האָבן זיי גענומען דעם סאָלדאַט און אים אַרײַנגעזעצט אין טורמע.

איצט איז ער געזעסן אין פֿינצטערניש און אין ביטערניש, און איין טאָג האָט מען אים אָנגעזאָגט: „מאָרגן וועט מען דיך אויפֿהענגען".

דאָס איז געווען זייער ניט אײַנגענעמס צו הערן, און זײַן צינדקעסטל האָט ער ניט געהאַט מיט זיך. ער האָט עס, נעבעך, געהאַט איבערגעלאָזט אין האָטעל.

אין דער פֿרי האָט ער דורך די אײַזערנע גראַטעס אויפֿן קליינעם פֿענצטער געזען ווי מענטשן אײַלן זיך אַרויסצוגיין פֿון שטאָט אָנצוקוקן ווי מע וועט אים הענגען. ער האָט געהערט פּויקן, קלאַפּן און געזען סאָלדאַטן מאַרשירן. אַלע האָבן געוואָלט בײַזײַן. דאָרט האָט זיך אויך געפֿונען אַ שוסטעריונג. ער האָט געטראָגן זײַן לעדערנעם פֿאַרטעך און אויף זײַנע פֿיס אַ פּאָר שטעקשיך. ער איז אַזוי גיך געלאָפֿן, אַז עס איז אַראָפּגעפֿלויגן איינער פֿון זײַנע שטעקשיך און ער איז געפֿאַלן אונטערן פֿענצטער דאָרט ווו דער סאָלדאַט האָט דורכגעקוקט דורך די אײַזערנע גראַטעס.

„אײַ, דו שוסטעריונג! דאַרפֿסט זיך אַזוי שטאַרק ניט אײַלן", האָט דער סאָלדאַט צו אים געזאָגט. „עס וועט דאָרט גאָרניט זײַן ביז איך וועל ניט אָנקומען! נאָר ווילסטו אפֿשר צולויפֿן דאָרט ווו איך האָב געוווינט און מיר ברענגען מײַן צינדקעסטל? דו וועסט דערפֿאַר קריגן פֿיר שילינג. דו דאַרפֿסט, אָבער, שטעלן פֿיס".

דער שוסטעריונג איז גערן געווען צו פֿאַרדינען די פֿיר שילינג, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צום אָרט נאָכן קעסטל. ער האָט עס געבראַכט און אָפּגעגעבן דעם סאָלדאַט. און – טאַקע איצט מעגט איר זיך צוהערן.

מחוץ דער שטאָט האָט מען געהאַט אויפֿגעשטעלט אַ גרויסע תּליה. אַרום און אַרום זײַנען געשטאַנען סאָלדאַטן מיט הונדערטער טויזנטער מענטשן. דער קיניג און די קיניגין זײַנען געזעסן אויף אַ פּראַכטיקן טראָן קעגן איבער דעם ריכטער און די עצה־געבערס.

מע האָט שוין געהאַט אַוועקגעשטעלט אַ לייטער. נאָר פֿאַר דעם וואָס מע האָט פֿאַרצויגן דעם שטריק אויף דעם סאָלדאַטס האַלדז האָט ער געזאָגט, אַז איידער מע פֿירט דורך אַ שטראָף אויף אַ פֿאַרברעכער גיט מען אים נאָך אַ געוויסן אומשולדיקן פֿאַרלאַנג. ער האָט זייער גערן צו רייכערן אַ פּיפּקע טאַבאַק. דאָס וועט זײַן די לעצטע וואָס ער וועט רייכערן אויף דער וועלט.

דאָס האָט דער קיניג זיכער ניט געוואָלט אים אָפּזאָגן, האָט דער סאָלדאַט אַרויסגענומען דאָס צינדקעסטל און עס אָנגעצונדן. ער האָט געקלאַפּט איינס, צוויי, דרײַ, זײַנען אַלע דרײַ הינט אָנגעלאָפֿן – דער מיט אויגן גרויס ווי טייגלעזער, דער מיט אויגן גרויס ווי מילרעדער און דער מיט אויגן גרויס ווי רונדע טורעמס.

„העלפֿט מיר איצט, כּדי איך זאָל ניט אויפֿגעהאָנגען ווערן", האָט דער סאָלדאַט אויסגעשריגן. זײַנען די הינט אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן ריכטער און אויף די עצה־געבערס. איינעם האָבן זיי געכאַפּט פֿאַר די פֿיס, דעם צווייטן פֿאַר דער נאָז און זיי אַ וואָרף געטאָן מײַלן הויך אין דער לופֿטן. און ווען זיי זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן זײַנען זיי געווען צעקלאַפּט אויף שטיקער.

„ניין, איך וויל עס ניט", האָט דער קיניג געשריגן. אָבער דער גרעסטער הונט האָט אים מיט דער קיניגין אַ וואָרף געטאָן אויף אַלע מענטשן. די סאָלדאַטן האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און אַלע מענטשן האָבן געשריגן: „אָ, טײַערער סאָלדאַט! ווער אונדזער קיניג, און נעם דיר די שיינע פּרינצעסין פֿאַר אַ ווײַב".

האָט דער סאָלדאַט זיך אַרײַנגעזעצט אין קיניגס קאַרעטע, און אַלע דרײַ הינט האָבן געטאַנצט פֿאָרויס און האָבן געשריגן „הוראַ!”, און ייִנגלעך האָבן געפֿײַפֿט דורך זייערע פֿינגער, און סאָלדאַטן האָבן אויסגעשאָסן פֿײַער. די פּרינצעסין איז אַרויסגעקומען פֿון איר קופּערנעם שלאָס און איז געוואָרן קיניגין, און דאָס האָט איר שטאַרק הנאה געטאָן. די חתונה האָט מען געפּראַוועט אַ גאַנצע וואָך. די הינט זײַנען געזעסן אַרום דעם טיש און געגלאָצט מיט זייערע אויגן.

## 2

# גרויסער קלאַוז און קליינער קלאַוז

אין אַ דאָרף האָבן אַ מאָל געווווינט צוויי פּויערים.ביידע האָבן געהאַט דעם זעלביקן נאָמען. ביידע האָבן געהייסן קלאַוז, אָבער איינער האָט פֿאַרמאָגט פֿיר פֿערד און דער אַנדערער, נײַערט איין־איינציקס. נאָר כּדי אונטערצושיידן איינעם פֿונעם אַנדערן האָט מען דעם וואָס האָט פֿאַרמאָגט פֿיר פֿערד גערופֿן דער גרויסער קלאַוז, און דעם וואָס האָט געהאַט איין פֿערד האָט מען גערופֿן דער קליינער קלאַוז.

אַצינד וועלן מיר הערן ווי אַזוי ס'איז זיי ביידן געגאַנגען, ווײַל ס'איז אַן אמתע געשיכטע!

דורך דער גאַנצער וואָך איז דער קליינער קלאַוז געווען געצוווּנגען צו אַקערן פֿאַרן גרויסן קלאַוז און אים לײַען זײַן איין־און־איינציק פֿערד. דערפֿאַר פֿלעגט דער גרויסער קלאַוז אים אַרויסהעלפֿן מיט אַלע זײַנע פֿיר פֿערד איין מאָל אין דער וואָך און דאָס איז געווען זונטיק. וויאָ! פֿלעגט דער קליינער קלאַוז צעקנאַלן זײַן בײַטש איבער אַלע פֿינף פֿערד, מחמת דעם דאָזיקן טאָג זײַנען זיי געווען אַזוי גוט ווי זײַנע.

די זון האָט ליכטיק געשײַנט און די קלויסטערגלעקער האָבן גערופֿן אין קלויסטער אַרײַן. דער עולם איז געגאַנגען אַהין אויסגעפּוצט מיט געבעטביכער אונטערן אָרעם צו הערן דעם גלחס פּריידיקן. זיי האָבן געקוקט אויף דעם קליינעם קלאַוז ווי ער אַקערט מיט פֿינף פֿערד. ער איז געווען אַזוי שטאָלץ מיט דעם, אַז ער האָט צעקנאַלט זײַן בײַטש. „האָפּ, מײַנע פֿינף פֿערד!" האָט ער געשריגן.

„דו דאַרפֿסט דאָס ניט זאָגן", האָט דער גרויסער קלאַוז אים געבעטן, „מחמת נײַערט איין פֿערד איז דײַנס".

אָבער ווען נאָר עמעצער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אויפֿן וועג צום קלויסטער, האָט ער פֿאַרגעסן וואָס ער דאַרף ניט זאָגן און האָט אויסגעשריגן, „וויאָ, אַלע מײַנע פֿערד!"

„איך וואָלט געוואָלט דיך בעטן, דו זאָלסט אַזוי מער ניט זאָגן, ווײַל אויב דו טוסט עס נאָך אַ מאָל, וועל איך דערלאַנגען דײַן פֿערד איבערן קאָפּ, אַזוי אַז עס וועט פֿאַלן אַ טויטס אויפֿן אָרט, און עס וועט זײַן אַ סוף צו אים".

„איך וועל עס טאַקע מער ניט זאָגן", האָט צוגעזאָגט דער קליינער קלאַוז. אָבער ווען עמעצער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען און האָט אים באַגריסט, האָט ער זיך אַזוי דערפֿרייט און האָט געטראַכט: עס זעט דאָך אויס אַזוי גוט צו האָבן פֿינף פֿערד צו אַקערן מײַן פֿעלד, האָט ער צעקנאַלט זײַן בײַטש. „וויאָ, אַלע מײַנע פֿערד!" האָט ער אויסגעשריגן.

„כ'וועל וויאָען דײַנע פֿערד!" האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט און האָט גענומען אַ האַמער און דערלאַנגט דעם קליינעם קלאַוזעס פֿערד איבערן קאָפּ און עס אַוועקגעלייגט אַ טויטס.

„אַצינד האָב איך שוין אין גאַנצן קיין פֿערד ניט", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט און האָט זיך צעוויינט. שפּעטער האָט ער אים אָפּגעשונדן, אויסגעטריקנט די פֿעל אויפֿן ווינט, זי אײַנגעפּאַקט אין אַ זאַק, זי פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן אַקסל און זיך געלאָזט אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן די פֿעל פֿון זײַן פֿערד.

ער האָט געהאַט אַ ווײַטן וועג צו גיין. ער האָט געדאַרפֿט דורכגיין אַ גרויסן, פֿינצטערן וואַלד. דערנאָך איז אָנגעקומען אַ שלעכטער וועטער. ער האָט געבלאָנדזשעט ביז ער איז געקומען אויפֿן ריכטיקן וועג. ס'איז אָנגעקומען אָוונט און עס איז נאָך געווען ווײַט צו דער שטאָט, אָבער ווידער צוריקגיין אַהיים איידער עס ווערט נאַכט האָט ער ניט געקענט.

ניט ווײַט פֿון וועג האָט זיך געפֿונען אַ לאַנד־באַזיצער. די פֿענצטער־לאָדנס זײַנען געווען פֿאַרמאַכט, אָבער עס האָט נאָך דורכגעשײַנט ליכט. דאָ וועל איך איבערנעכטיקן די נאַכט, האָט געטראַכט דער קליינער קלאַוז און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

דעם לאַנד־באַזיצערס ווײַב האָט אויפֿגעעפֿנט. ווען זי האָט, אָבער, דערהערט וואָס ער וויל, האָט זי געזאָגט, אַז ער זאָל גיין זײַן וועג. איר מאַן איז ניטאָ אין דער היים און זי קען ניט אַרײַנלאָזן קיין פֿרעמדן. „נו, וועל איך מוזן ליגן אין דרויסן", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט, און דעם לאַנד־באַזיצערס ווײַב האָט פֿאַרשלאָסן די טיר.

ניט ווײַט פֿון דער שטוב איז געשטאַנען אַ קופּע היי. צווישן דעם האָט זיך געפֿונען אַ שטעלכל מיט אַ פֿלאַכן, שטרויענעם דאַך.

„דאָרט אויבן וועל איך זיך לייגן", האָט געזאָגט דער קליינער קלאַוז ווען ער האָט באַמערקט דעם דאַך. „דאָס איז אַ גאַנץ גוט בעט. די בושלען וועלן ניט אַראָפּפֿליִען און מיך בײַסן די פֿיס". אַ לעבעדיקער בושל איז געשטאַנען ניט ווײַט, ווײַל ער האָט געהאַט זײַן נעסט אויפֿן דאַך.

דער קליינער קלאַוז איז אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן שטעלכל און האָט זיך אויסגעצויגן. ער האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער כּדי בעסער צו ליגן. די הילצערנע לאָדנס פֿון די פֿענצטער האָבן פֿון אויבן זיך ניט ריכטיק צוגעשלאָסן, אַזוי אַרום האָט ער גוט געקענט אַרײַנקוקן און זען וואָס עס טוט זיך אין שטוב.

דער טיש איז געווען געדעקט מיט ווײַן, געבראָטנס און אַזעלכע טײַערע פֿיש. נאָר די פֿרוי און דער קלויסטער־שמשׂ זײַנען געזעסן בײַם טיש. די פֿרוי האָט אים באַדינט. ער האָט אײַנגעשלונגען די פֿיש, ווײַל דאָס איז געווען בײַ אים דאָס בעסטע מאכל.

וואָלט איך נאָר עפּעס דערפֿון געקאָנט געניסן, האָט דער קליינער

קלאַוז צו זיך געטראַכט, און האָט נעענטער צוגערוקט זײַן קאָפּ צום פֿענצטער. אַך, וואָסערע שיינע קיכלעך עס זײַנען דאָרט! ס'איז טאַקע געווען אַ יום־טובֿדיקע סעודה!

פּלוצלינג האָט ער דערהערט ווי עמעצער קומט אָן רײַטנדיק מיטן טראַקט נעענטער צו דער שטוב. דאָס איז געווען איר מאַן. ער איז געקומען אַהיים.

אַזוי איז ער געווען אַ גאַנץ גוטער מאַן. ער האָט, אָבער, געהאַט אַ מאָדנע שוואַכקייט. ער האָט ניט געקענט אָנקוקן אַ קלויסטער־שמשׂ, פֿלעגט אַ מאָל אַזאַ איינער קומען אויף זײַנע אויגן, פֿלעגט ער ווערן אויפֿגערעגט. דעריבער פֿלעגט דער שמשׂ דאַרפֿן קומען באַגריסן דעם פּויערס ווײַב ווען איר מאַן איז ניט געווען אין דער היים. און די גוטע פֿרוי פֿלעגט צוגרייטן פֿאַר אים דאָס בעסטע וואָס זי האָט געהאַט אין שטוב. אַז זיי האָבן דערהערט, אַז איר מאַן קומט אָן, זײַנען זיי אויפֿגעציטערט געוואָרן. די פֿרוי האָט געהייסן דעם שמשׂ אַרײַנקריכן אין דעם גרויסן ליידיקן קאַסטן וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל. ער האָט עס, נעבעך, געמוזט טאָן, ווײַל זי האָט געוווּסט, אַז איר מאַן קען ניט אָנקוקן קיין קלויסטער־שמשׂ.

די פֿרוי האָט פֿאַרשטעקט אַלע גוטע מאכלים און דעם ווײַן אין באַקאויוון, ווײַל זי האָט מורא געהאַט, איר מאַן זאָל ניט פֿרעגן וואָס דאָס אַלץ באַטײַט.

„אוי ווײ״, האָט אָפּגעזיפֿצט דער קליינער קלאַוז אויפֿן דאַך ווען ער האָט געזען, אַז אַלע מאכלים זײַנען פֿאַרשווונדן געוואָרן.

„געפֿינט זיך עמעצער אויבן?״ האָט דער מאַן געפֿרעגט און האָט אַרויפֿגעקוקט צום קליינעם קלאַוז. „וואָס ליגט איר דאָרט? קומט בעסער מיט מיר אין שטוב אַרײַן״.

דער קליינער קלאַוז האָט אים דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך פֿאַרבלאָנדזשעט און האָט אים געפֿרעגט צי ער מעג דאָרט

איבערנעכטיקן.

„געוויס", האָט דער גוט־באַזיצער געזאָגט. „אָבער ערשטנס דאַרף מען עפּעס עסן".

די פֿרוי האָט זיי ביידן גאָר פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען. זי האָט געגרייט אַ לאַנגן טיש און האָט זיי דערלאַנגט אַ גרויסן שיסל גריפּן. דער פּויער איז געווען הונגעריק, האָט ער עס געגעסן מיט אַפּעטיט. דער קליינער קלאַוז האָט, אָבער, ניט געקענט פֿאַרגעסן דאָס גוטע געבראָטנס, די פֿיש און די קיכלעך. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס שטייט אין אויוון.

אונטערן טיש, בײַ זײַנע פֿיס, האָט ער געהאַלטן דעם זאַק מיט דער פֿערדישער פֿעל, ווײַל ווי מיר ווייסן איז ער געגאַנגען אין שטאָט אַרײַן זי צו פֿאַרקויפֿן. גריפּן האָבן אים ניט שטאַרק געשמעקט, האָט ער אַ טרעט געטאָן אויפֿן זאַק. די טרוקענע פֿעל האָט שטאַרק אַ סקריפּע געטאָן.

„שאַ!" האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט צום זאַק, און האָט דערווײַל נאָך אַ מאָל אויף דעם אַרויפֿגעטראָטן, און די פֿעל האָט נאָך אַ שטאַרקערן סקריפּע געטאָן.

„אוי! וואָס האָט איר דאָרט אין זאַק?" האָט דער פּויער אים געפֿרעגט.

„ס'איז אַ מכשף", האָט דער קליינער קלאַוז געענטפֿערט. „ער זאָגט, אַז מיר זאָלן ניט עסן קיין גריפּן. ער האָט אַ כּישוף אָנגעטאָן דעם אויוון. ער איז פֿול מיט געבראָטנס, פֿיש און קיכלעך".

„טאַקע?" האָט געפֿרעגט דער פּויער און שנעל אויפֿגעעפֿנט דעם אויוון. און דאָרט האָט ער דערזען די אַלע טײַערע מאכלים, וואָס ער האָט געגלייבט, אַז דער מכשף אין זאַק האָט עס געכּישופֿט. די פֿרוי האָט ניט געוואַגט עפּעס צו זאָגן. זי האָט נאָר אַוועקגעשטעלט אַלע מאכלים אויפֿן טיש, און ביידע געסט האָבן זיך געלאָזט וווילגיין מיט

די פֿיש, דעם פֿלייש און די קיכלעך. אַצינד האָט דער קליינער קלאַוז ווידער אַרויפֿגעטרעטן אויף זײַן זאַק, און די פֿעל האָט אַ סקריפּע געטאָן.

„וואָס זאָגט ער אַצינד?" האָט דער פויער געפֿרעגט. „ער זאָגט, אַז ער האָט אונדז אויסגעכּישופֿט דרײַ פֿלעשער ווײַן", האָט דער קליינער קלאַוז געענטפֿערט. „זיי שטייען אין ווינקל פֿון אויוון". אַצינד האָט די פֿרוי געמוזט אַרויסנעמען דעם ווײַן וואָס זי האָט אַליין באַהאַלטן. דער פויער האָט געטרונקען און איז געוואָרן פֿריילעך. אַזאַ מכשף וואָס דער קליינער קלאַוז האָט אין זאַק וואָלט ער טאַקע זייער גערן געוואָלט האָבן.

„קען ער אויך אַרויסכּישופֿן דעם טײַוול?" האָט דער פויער געפֿרעגט. „אים וואָלט איך איצט טאַקע געוואָלט זען, ווײַל איצט בין איך לוסטיק".

„יאָ", האָט געזאָגט דער קליינער קלאַוז. „מײַן מכשף קען טאָן אַלץ וואָס איך זאָל ניט פֿון אים פֿאַרלאַנגען. קענסטו ניט, אַ?" האָט ער געפֿרעגט און האָט אַרויפֿגעטראָטן אויפֿן זאַק. האָט דער זאַק געסקריפּעט. „איר הערט? ער זאָגט 'יאָ'. אָבער דער טײַוול זעט אַזוי מיאוס אויס, אַז עס איז בעסער אים ניט אָנצוקוקן".

„אָ, איך האָב קיין מורא ניט, ווי ער זאָל ניט אויסזען".

„ער וועט זיך ווײַזן אין געשטאַלט פֿון אַ קלויסטער־שמשׂ".

„הוי!" האָט געזאָגט דער פויער. „דאָס איז פּאַסקודנע. איר דאַרפֿט וויסן, אַז איך קען קיין שמשׂ ניט אָנקוקן. אָבער ס'מאַכט ניט אויס. כ'ווייס, אַז דאָס איז דער טײַוול, וועט עס מיך שטאַרק ניט אָנרירן. אַצינד האָב איך מוט! ער דאַרף, אָבער, נאָענט צו מיר ניט צוקומען".

„איצט וועל איך פֿרעגן מײַן מכשף", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט. ער האָט געטראָטן אויפֿן זאַק און האָט צוגעלייגט דעם אויער.

„וואָס זאָגט ער?"

„ער זאָגט, אַז איר קענט צוגיין און אויפֿמאַכן דעם קאַסטן וואָס שטייט דאָרט אין ווינקל, וועט איר זען ווי דער טײַוול ציטערט. איר מוזט, אָבער, צוהאַלטן דעם דעק, ער זאָל, חלילה, ניט אַנטלויפֿן".

„קענט איר מיר ניט העלפֿן צוהאַלטן?" האָט דער פּויער געזאָגט און האָט זיך געלאָזט צום קאַסטן, דאָרט ווו זײַן פֿרוי האָט באַהאַלטן דעם שמש. ער איז דאָרטן געזעסן און האָט געציטערט פֿון שרעק.

דער פּויער האָט אַ ביסל געעפֿנט דעם דעק און אַרײַנגעקוקט. „הוי!" האָט ער אויסגעשריגן און איז צוריקגעשפּרונגען. „טאַקע אַצינד זע איך אים. ער זעט דאָך אויס ווי אונדזער שמש! שרעקלעך".

דערנאָך האָבן זיי אויף אַן אמת געגומען טרינקען און האָבן זיך גוט אָנגעשיכורט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

„אָט אָ דעם כּישוף־מאַכער מוזט איר מיר פֿאַרקויפֿן", האָט דער פּויער געזאָגט. „איר קענט פֿאַרלאַנגען וויפֿל נאָר איר ווילט! איך גיב אײַך גלײַך אַצינד אַ שעפֿל געלט!"

„ניין. דאָס קען איך ניט! באַטראַכט זיך נאָר וויפֿל נוצן דער מכשף וואָלט מיר געבראַכט".

„אָבער איך וואָלט אים אַזוי גערן געוואָלט האָבן", האָט געזאָגט דער פּויער, זיך בעטנדיק בײַ אים.

„יאָ", האָט קלאַוז סוף־כּל־סוף געזאָגט. „ווײַל איר זײַט צו מיר אַזוי גוט און גיט מיר נאַכטלעגער, מעגט איר דעם מכשף טאַקע האָבן פֿאַר אַ שעפֿל געלט. ער מוז, אָבער, זײַן פֿול און מיט אַן איבערמאָס".

„איר קריגט עס", האָט דער פּויער געזאָגט. „אָבער דעם קאַסטן מוזט איר מיטנעמען. איך וויל אים ניט האָבן איין שעה מער בײַ זיך אין שטוב. ווער ווייסט צי ער זיצט נאָך דאָרט".

דער קליינער קלאַוז האָט געגעבן דעם פּויער זײַן זאַק מיט דער טרוקענער פֿעל און האָט באַקומען אַ שעפֿל געלט מיט אַן איבערמאָס. דער פּויער האָט אים אויך געשאָנקען אַ גרויסע טאַטשקע אַוועקצופֿירן דאָס געלט און דעם קאַסטן.

„זײַט געזונט!‟ האָט דער קליינער קלאַוז אים געווונטשן און איז אַוועקגעפֿאָרן מיטן געלט אינעם גרויסן קאַסטן אין וועלכן דער קלויסטער־שמשׂ איז געזעסן.

אויף דער אַנדערער זײַט וואַלד האָט זיך געפֿונען אַ גרויסער, טיפֿער טײַך. דאָס וואַסער האָט געפֿלאָסן אַזוי שטאַרק, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען צו שווימען קעגן שטראָם. מ'האָט געמאַכט אַ גרויסע נײַע בריק איבער אים. דער קליינער קלאַוז האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן און האָט געזאָגט אַזוי הויך, אַז דער קלויסטער־שמשׂ אין קאַסטן זאָל קענען הערן.

„וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם נאַרישן קאַסטן? ער איז אַזוי שווער ווי ס'וואָלטן אין אים געווען שטיינער! איך בין שוין מיד־און־מאַט ווײַטער אים צו פֿירן. וועל איך אים דעריבער אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך. וועט ער קומען צו שווימען צו מיר אַהיים איז גוט, אויב ניט איז מיר אויך אַלץ אײנס‟.

אַצינד האָט ער מיט איין האַנט אַ ביסל אויפֿגעהויבן דעם קאַסטן ווי ער וואָלט אים אין וואַסער געוואָלט אַרײַנוואַרפֿן.

„ניין, טוט עס ניט!‟ האָט דער שמשׂ אַרויסגעשריגן פֿון קאַסטן. „לאָזט מיך פֿרײַער אַרויס‟.

„הוי!‟ האָט דער קליינער קלאַוז געגעבן אַ געשריי, אַ פּנים ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן. „ער זיצט נאָך דאָרט. מוז איך געשווינד אים אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך כּדי ער זאָל דערטרונקען ווערן!‟

„אָ ניין, אָ ניין!‟ האָט געשריגן דער שמשׂ. „איך וועל אײַך געבן אַ גאַנץ בושל געלט אויב איר וועט מיך אָפּלאָזן‟.

„יאָ, דאָס איז גאַנץ אַנדערש‟, האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט. ער האָט אויפֿגעשלאָסן דעם קאַסטן און דער שמשׂ איז שנעל אַרויסגעקראָכן. דער קליינער קלאַוז האָט אַרויסגענומען דאָס געלט. און האָט אַרײַנגעשטויסן דעם ליידיקן קאַסטן אין וואַסער אַרײַן. ער

איז אַוועק אַהיים און דער קליינער קלאַוז האָט פֿון אים באַקומען אַ גאַנצן שעפֿל געלט. איינס האָט ער באַקומען פֿון דעם פּויער, איצט האָט ער געהאַט נאָך אַ פֿולע טאַטשקע מיט געלט.

זעסטו שוין? דאָס פֿערד איז טאַקע עפּעס ווערט געווען, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט ווען ער איז צוריק אַהיים געקומען. ער האָט אויסגעשאָטן דאָס גאַנצע געלט אין אַ הויפֿן אויפֿן דיל. דאָס וועט שטאַרק ערגערן דעם גרויסן קלאַוז ווען ער וועט זיך דערוויסן ווי רײַך איך בין געוואָרן פֿון מײַן איינציק פֿערד. אָבער ווי אַזוי? דאָס וועל איך אים ניט אויסזאָגן.

ער האָט געשיקט אַ ייִנגל צום גרויסן קלאַוז לײַען אַ שעפֿלמאָס.

וועער ווייסט צו וואָס ער דאַרף זי האָבן, האָט דער גרויסער קלאַוז צו זיך געטראַכט און אונטערגעשמירט מיט סמאָלע דעם דעק כּדי עס זאָל זיך צוקלעפּן עפּעס פֿון דעם וואָס ער וועט מעסטן. און עס איז טאַקע אַזוי געווען. ווען מ'האָט אים צוריקגעברענגט די שעפֿלמאָס זײַנען דרײַ נײַע זילבערנע טאָלער געווען צוגעקלעפּט צום דעק.

„וואָס איז דאָס?" האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט און איז גיך געלאָפֿן צום קליינעם: „ווו האָסטו געקראָגן אַזוי פֿיל געלט?"

„פֿאַר מײַן פֿערדישער פֿעל. כ'האָב זי פֿאַרקויפֿט אין אָוונט".

„מען האָט דיר גוט באַצאָלט", האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט. ער איז שנעל אַוועקגעלאָפֿן אַהיים, האָט געכאַפּט אַ האַק און האָט דערלאַנגט אַלע זײַנע פֿיר פֿערד אין די קעפּ, האָט אָפּגעשונדן די פֿעלן פֿון זיי און איז מיט דעם אַוועקגעפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן.

„פֿעלן! פֿעלן! ווער וויל קויפֿן פֿעלן?" האָט ער אויסגעשריגן אין אַלע גאַסן.

אַלע שוסטערס און גאַרבערס זײַנען אָנגעלאָפֿן און האָבן אים געפֿרעגט וואָס ער וויל פֿאַר זײַנע פֿעלן.

„אַ שעפֿל געלט פֿאַר יעדער!" האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט.

„ביסט משוגע?" האָבן אַלע אויסגעשריגן. „מיינסט טאַקע, אַז מיר האָבן שפּעלענוויטז?"

„פֿעלן! פֿעלן! ווער וויל קויפֿן פֿעלן?" האָט ער ווידער אויסגעשריגן, אָבער אַלע האָבן אים געפֿרעגט וויפֿל די פֿעלן קאָסטן און ער האָט אַלע געענטפֿערט: „אַ שעפֿל געלט".

„ער מאַכט פֿון אונדז חוזק", האָבן אַלע געזאָגט, און דער שוסטער האָט גענומען זײַן שפּאַנרימען און דער גאַרבער זײַן לעדערן פֿאַרטעך און גענומען דערלאַנגען קלעפּ דעם גרויסן קלאָוז.

„פֿעלן! פֿעלן!" האָבן אַלע חוזק געמאַכט פֿון אים. „יאָ, מיר וועלן דיר געבן אַ רויע פֿעל און דיך אַרויסוואַרפֿן פֿון שטאָט", האָבן אַלע געשריגן. ער האָט זיך אַנגעכאַפּט ווי נאָר ער האָט געקענט. אַזוי צעשלאָגן איז ער נאָך קיין מאָל ניט געווען.

„נו!" האָט ער געזאָגט ווען ער איז אַהיים געקומען, „פֿאַר דעם וועט דער קליינער קלאָוז קריגן באַצאָלט. פֿאַר דעם וועל איך אים דערהרגענען אויף טויט".

אָבער בײַ דעם קליינעם קלאָוז אין דער היים איז גראָד זײַן באָבע געשטאָרבן. זי איז טאַקע געווען אַ בייזע און איז געווען צו אים זייער שלעכט. ער איז, פֿונדעסטוועגן, געווען אין גרויס צער. האָט ער גענומען די טויטע פֿרוי און זי אַרײַנגעלייגט אין זײַן וואַרעמען בעט, אפֿשר וועט זי נאָך קענען אויפֿלעבן. דאָרט האָט ער זי געלאָזט ליגן אַ גאַנצע נאַכט. אַליין האָט ער זיך געזעצט אין ווינקל אויף אַ בענקל שלאָפֿן. אַזוי פֿלעגט ער פֿריִער טאָן.

ווי ער איז אַזוי געזעסן די נאַכט האָט זיך די טיר אויפֿגעפּראַלט און דער גרויסער קלאָוז איז אַרײַן מיט אַ האַק; ער האָט געוווּסט ווו דעם קליינעם קלאָוזעס בעט געפֿינט זיך, איז ער צוגעקומען און האָט מיט דער האַק דערלאַנגט דער טויטער באָבע איבערן קאָפּ, ווײַל ער האָט געגלייבט, אַז דאָס ליגט עס דער קליינער קלאָוז דאָרט.

„זעסטו שוין?" האָט ער געזאָגט. „אַצינד וועסטו מיך שוין מער ניט אָפּנאַרן", און ער איז אַוועק אַהיים.

ער איז טאַקע אַ שלעכטער מענטש, האָט דער קליינער קלאַוז צו זיך געזאָגט. ס'איז נאָר גוט וואָס מײַן באָבע איז געשטאָרבן. אַנדערש וואָלט ער מיך דערהרגעט.

אַצינד האָט ער אָנגעטאָן די באָבע אין אירע יום־טובֿדיקע קליידער. ער האָט געליגן אַ פֿערד־און־וואָגן בײַ אַ שכן, אײַנגעשפּאַנט דאָס פֿערד און אַוועקגעזעצט די באָבע אויפֿן הינטערשטן זיצפּלאַץ, כּדי זי זאָל ניט אַרויספֿאַלן ווען ער פֿאָרט, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט דורכן וואַלד. ווען די זון איז אויפֿגעגאַנגען, האָט ער זיך געפֿונען לעבן אַ קרעטשמע. דאָרט האָט דער קליינער קלאַוז זיך אָפּגעשטעלט. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אַהין עפּעס צו נעמען אין מויל אַרײַן.

דער קרעטשמער האָט פֿאַרמאָגט אַ סך געלט. ער איז אויך געווען אַ גוטער מענטש, אָבער זייער היציק, פֿול מיט פֿעפֿער און טאַבאַק, פֿײַער און פֿלאַם.

„גוט־מאָרגן!" האָט ער באַגריסט דעם קליינעם קלאַוז. „ביסט געקומען אויסגעפּוצט אַזוי פֿרי הײַנט".

„יאָ", האָט געזאָגט דער קליינער קלאַוז. „איך פֿיר די באָבע אין שטאָט אַרײַן. זי זיצט דאָרטן אין דרויסן אויפֿן וואָגן. זי וויל ניט אַרײַנגיין אין שטוב. ווילט איר צו איר ניט אַרויסטראָגן אַ גלעזל מעד? איר מוזט, אָבער, רעדן זייער הויך צו איר, ווײַל זי הערט ניט גוט".

„יאָ, איך וועל אַזוי טאָן", האָט דער קרעטשמער געזאָגט. ער האָט אָנגעגאָסן אַ גרויס גלאָז מעד און דער טויטער פֿרוי אַרויסגעטראָגן. עס איז אין וואָגן געווען שטיל.

„דאָ האָט איר אַ גלאָז מעד פֿון אײַער אייניקל", האָט דער קרעטשמער געזאָגט. די טויטע פֿרוי האָט, אָבער, ניט געענטפֿערט קיין איין וואָרט. זי איז געזעסן שטיל, ווי ניט זי מיינט מען.

„הערט איר ניט?‟ האָט דער קרעטשמער געשריגן אַזוי הויך ווי ער האָט נאָר געקענט. „דאָ האָט איר אַ גלאָז מעד פֿון אײַער אייניקל!‟

ער האָט צו איר געשריגן נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, אָבער אַזוי ווי זי האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט איז ער אין כּעס געוואָרן און האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס גלאָז איר גלײַך אין פּנים אַרײַן. דער מעד איז גערונען איבער איר נאָז, און אַליין איז זי אומגעפֿאַלן הינטערווײַלעכץ אין וואָגן, ווײַל זי איז געזעסן ניט פֿעסט צוגעבונדן.

„געוואַלד!‟ האָט דער קליינער קלאַוז געשריגן און האָט אַ שפּרונג געטאָן דורך דער טיר. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם קרעטשמער פֿאַר דער ברוסט. „איר האָט דערהרגעט מײַן באָבע! ווילט איר זען? זי האָט אַ לאָך אין קאָפּ!‟

„אוי, אַן אומגליק האָט זיך געטראָפֿן!‟ האָט אויסגעשריגן דער קרעטשמער און געבראָכן די הענט. „אָט דאָס איז מיר געקומען פֿון זײַן צו היציק! טײַערער קליינער קלאַוז, כ׳וועל דיר געבן אַ גאַנץ שעפֿל געלט און לאָז מיך די באָבע מקבר זײַן ווי זי וואָלט געווען מײַנע. נאָר זײַ שטיל, ווײַל אויב ניט וועט מען מיר דעם קאָפּ אָפּהאַקן, און דאָס וועט זײַן זייער פּאַסקודנע‟.

דער קליינער קלאַוז האָט באַקומען אַ גאַנץ שעפֿל געלט, און דער קרעטשמער האָט מקבר געווען די אַלטע באָבע ווי זי וואָלט געווען זײַן אייגענע.

ווי נאָר דער קליינער קלאַוז איז אַהיים געקומען מיטן גראָבן געלט האָט ער תּיכּף געשיקט זײַן ייִנגל צום גרויסן קלאַוז אים בעטן לײַען אַ שעפֿלמאָס.

וואָס איז דאָס? האָט דער גרויסער קלאַוז זיך אַליין געפֿרעגט. האָב איך אים ניט דערהרגעט אויף טויט? כ׳מוז טאַקע אַליין אַ קוק טאָן.

ער האָט גענומען דעם שעפֿל און איז אַליין געגאַנגען צום קליינעם קלאַוז.

„ווו האָסטו עס גענומען אַזוי פֿיל געלט?" האָט ער אים געפֿרעגט. עס האָט אים אויפֿגעריסן די אויגן עס אָנצוקוקן.

„פֿאַר מײַן באָבע, וואָס איר האָט דערהרגעט אַנשטאָט מיר", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט. „כ'האָב זי פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ שעפֿל געלט".

„דו האָסט טאַקע געקראָגן גוט באַצאָלט פֿאַר איר", האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט. „דו קריגסט געלט פֿאַר אַלץ און איך ניט. איך וועל דיר אָפּצאָלן פֿאַר דעם", האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט אויף אַ קול ווען ער איז אַרויס אויפֿן טראַקט. „יאָ, איך וועל דיר אָפּצאָלן, קליינער קלאַוז". און ווי נאָר ער איז געקומען אַהיים האָט ער גענומען דעם גרעסטן זאַק וואָס ער האָט נאָר געקענט געפֿינען און ער איז אַוועק צום קליינעם קלאַוז.

„אַצינד האָסטו מיך נאָך אַ מאָל אָפּגענאַרט", האָט ער געזאָגט. איך האָב אַוועקגעהרגעט מײַנע פֿערד, און דו ביסט שולדיק. אָבער מער וועסטו מיך ניט נאַרן", און ער האָט אָנגעכאַפּט דעם קליינעם קלאַוז און אים אַרײַנגעשטופּט אין זאַק. ער האָט אים אַ נעם געטאָן פֿאַרן אַקסל און האָט אויסגעשריגן, „אַצינד גיי איך דיך דערטרינקען!"

ס'איז געווען אַ לאַנגע שטיק וועג צו גיין צום טײַך, און דעם קליינעם קלאַוז איז געווען ניט אַזוי לײַכט צו טראָגן. אויפֿן וועג איז ער פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ קלויסטער. דער אָרגל האָט געשפּילט און דער עולם האָט דאָרט אַזוי שיין געזונגען, האָט ער געטראַכט: ס'וועט זײַן זייער גוט אַרײַנצוגיין און הערן אַ געבעט. דער קליינער קלאַוז האָט ניט געקענט אַרויסקריכן פֿונעם זאַק. אַלע זײַנען געווען אין קלויסטער, איז ער דערווײַל אויך אַרײַן.

„אוי, פֿאָטער אין הימל!" האָט דער קליינער קלאַוז געקרעכצט אין זאַק. ער האָט זיך געדרייט אַהער און אַהין, אָבער ס'איז אים געווען אוממעגלעך לויז צו מאַכן דעם קנופּ. דערווײַל איז אָנגעקומען אַן

אַלטער אָקסן־טרײַבער. ער האָט געהאַט שניי ווײַסע האָר און האָט געטראָגן אַ גרויסן שטעקן אין דער האַנט און געטריבן אַ גאַנצע סטאַדע קי און אָקסן פֿאַר זיך. זיי זײַנען אַרויפֿגעלאָפֿן אויפֿן זאַק אין וועלכן דער קליינער קלאָוז איז געלעגן.

„אוי, פֿאָטער אין הימל!" האָט דער קליינער קלאָוז געזיפֿצט. „איך בין נאָך אַזוי יונג און איך וועל פֿאַרלאָזן די וועלט".

„און איך, נעבעך", האָט דער אָקסן־טרײַבער געזאָגט, „בין שוין אַזוי אַלט און קען נאָך ניט פֿאַרלאָזן די וועלט און גיין אין גן־עדן".

„מאַך נאָר אויף דעם זאַק און קריך אַרײַן אַהער. פֿאַרנעם מײַן אָרט, וועט איר אין גיכן אָנקומען אין גן־עדן".

„יאָ, אַזוי וועל איך טאַקע טאָן", האָט געזאָגט דער אָקסן־טרײַבער. ער האָט אויפֿגעבונדן דעם זאַק, און דער קליינער קלאָוז איז שנעל אַרויס.

„וואָלטסטו געוואָלט פּאַשען בהמות?" האָט דער אַלטער געפֿרעגט און איז אַליין אַרײַנגעקראָכן אין זאַק.

דער קליינער קלאָוז איז אַוועק מיט אַלע קי און אָקסן. אַ ווײַלע שפּעטער איז דער גרויסער קלאָוז אַרויסגעקומען פֿון קלויסטער. ער האָט ווידער גענומען דעם זאַק אויפֿן אַקסל. דער זאַק איז אים עפּעס געווען לײַכטער (מחמת דער אַלטער אָקסן־טרײַבער איז געווען נאָר האַלב אַזוי שווער ווי דער קליינער קלאָוז). „ווי גרינג איז אים געוואָרן צו טראָגן! מסתּמא ווײַל איך האָב זיך צוגעהערט צום קאַפּיטל איז מיר צוגעקומען כּוח". און ער איז אַוועק צום טײַך. דער טײַך איז געווען גרויס און טיף. אַרײַנגעוואָרפֿנדיק דעם זאַק מיט דעם אַלטן אָקסן־טרײַבער אין וואַסער האָט ער געשריגן צו אים, ווײַל ער האָט טאַקע געמיינט, אַז דאָס איז דער קליינער קלאָוז: „זעסטו שוין! אַצינד וועסטו מיך שוין מער ניט אָפּנאַרן!"

דערנאָך איז ער געגאַנגען אַהיים. אָבער ווען ער איז אָנגעקומען צום אָרט וווּ צוויי וועגן טרעפֿן זיך, האָט ער פּלוצלינג באַגעגנט דעם קליינעם קלאַוז טרײַבנדיק די בהמות.

„וואָס איז דאָס?" האָט דער גרויסער קלאַוז געפֿרעגט. „האָב איך דיך ניט נאָר וואָס דערטרונקען?"

„יאָ", האָט דער קליינער קלאַוז געענטפֿערט. „איר האָט מיך טאַקע מיט אַ האַלבער שעה צוריק אין טײַך אַרײַנגעוואָרפֿן".

„אָבער וווּ האָסטו גענומען אָט די שיינע בהמות?" האָט דער גרויסער קלאַוז געפֿרעגט.

„דאָס זײַנען ים־פֿיך", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט. „כ'וועל אײַך דערציילן די גאַנצע געשיכטע און אײַך באַדאַנקען וואָס איר האָט מיך דערטרונקען. אַצינד בין איך, ווי איר קוקט מיך אָן, רײַך געוואָרן. איך בין געווען זייער אין כּעס ווען איר האָט מיך אַרײַנגעשטופּט אין זאַק, דער ווינט האָט געפֿײַפֿט אין מײַנע אויערן ווען איר האָט מיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון בריק אינעם וואַסער אַרײַן. עס האָט מיר, אָבער, ניט וויי געטאָן, ווײַל אויפֿן באָדן וואַקסן די שענסטע, ווייכסטע גראָזן. אויף דעם בין איך געפֿאַלן, און דער זאַק האָט זיך גלײַך געעפֿנט, און די שענסטע יונגע פֿרוי אין שניי ווײַסע קליידער מיט אַ בלומענקראַנץ אויף די נאַסע האָר האָט מיך גענומען בײַ דער האַנט און מיך געפֿרעגט, 'ביסטו דער קליינער קלאַוז? דאָ האָסטו גלײַך אויפֿן אָרט עטלעכע בהמות! אַ מײַל ווײַטער אויפֿן וועג שטייט אַ גאַנצע סטאַדע, וואָס איך שענק זי דיר'. דערנאָך האָב איך געזען, אַז דער טײַך איז אַ טראַקט פֿאַר די ים־מענטשן. אַראָפּ אויפֿן גרונט גייען זיי און פֿאָרן גלײַך פֿונעם ים אויף דער ערד, ביז וואַנען דער טײַך לאָזט זיך אויס. דאָרט געפֿינען זיך די שענסטע בלומען און דאָס פֿרישסטע גראָז. און די פֿיש וואָס שווימען אין וואַסער האָבן געשוועבט איבער מיר ווי פֿייגל אין דער לופֿטן. סאַראַ שיינע מענטשן און סאַראַ בהמות עס גייען דאָרט אום אין די גריבער און אויף די לאָנקעס!"

„אָבער פֿאַר וואָס ביסטו אַזוי גיך צוריק אַרויפֿגעקומען?" האָט דער גרויסער קלאַוז געפֿרעגט. „איך וואָלט עס ניט געטאָן ווען ס'איז דאָרט אַזוי שיין און גוט".

„יאָ," האָט געזאָגט דער קליינער קלאַוז. „דאָס איז געווען אַ קלוגער אײַנפֿאַל. איר האָט געהערט וואָס כ'האָב אײַך דערציילט; דאָס ים־מיידל האָט מיר געזאָגט, אַז אַ מײַל אַרויף מיטן וועג – און מיט דעם וועג האָט זי געמיינט דעם טײַך, ווײַל זי קען אין קיין אַנדער אָרט ניט גיין – וועל איך געפֿינען נאָך אַ סטאַדע בהמות וואָס וואַרט אויף מיר. איך ווייס, אָבער, אַז דער טײַך בייגט זיך אַ ביסל אַהין און אַהער. ס'איז אַ גאַנצער אומוועג. אַזוי אַרום האָב איך אײַנגעשפּאָרט מײַלן און גיכער אָנגעקומען צו דער סטאַדע בהמות".

„ביסט טאַקע אַ מזלדיקער מענטש", האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט. „גלייבסטו, אַז איך וואָלט אויך געקענט קריגן בהמות ווען איך זאָל אַראָפּ אויפֿן דעק פֿונעם טײַך?"

„כ'מיין, אַז יאָ", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט. „איך קען אײַך, אָבער, ניט טראָגן אין זאַק אַהין צום טײַך. איר זײַט צו שווער פֿאַר מיר. וואָלט איר ניט געוואָלט אַליין אַהין צוגיין און אַרײַנקריכן אין זאַק? איך וועל מיט דעם גרעסטן פֿאַרגעניגן אײַך אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך אַרײַן".

„אַ גרויסן דאַנק דיר", האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט. „אָבער אויב כ'וועל ניט קריגן קיין ים־בהמות קריגסטו פֿון מיר גוט אָנגעבראָכן די ביינער. מעגסטו מיר גלייבן".

„אָ, ניין. זײַט ניט אַזוי בייז!" און זיי זײַנען אַוועק צום טײַך. אַז די בהמות האָבן דערזען וואַסער, זײַנען זיי געלאָפֿן טרינקען. „איר זעט ווי זיי אײַלן זיך!" האָט געזאָגט דער קליינער קלאַוז. „זיי לויפֿן ווידער אַראָפּ צום גרונט".

„העלף מיר פֿריִער", האָט דער גרויסער קלאַוז געזאָגט. „אַז ניט וועסטו קריגן געשלאָגן!" ער איז דערוווּיַל אַרײַנגעקראָכן אין אַ גרויסן זאַק, וואָס איז געלעגן אויפֿן רוקן פֿון איינער פֿון די בהמות. „לייג אַרײַן אַ שטיין, ווײַל איך האָב מורא, איך וועל ניט אַראָפּזינקען", האָט געזאָגט דער גרויסער קלאַוז.

„איר וועט אַראָפּגיין", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט. ער האָט, אָבער, אַרײַנגעלייגט אַ גרויסן שטיין אין זאַק, האָט דעם זאַק שטאַרק פֿאַרבונדן און האָט אים אַ שטופּ געטאָן. פּלושק! דאָ פֿאַלט דער גרויסער קלאַוז אין טײַך אַרײַן, ער איז שנעל אַראָפּגעזונקען צום גרונט.

„כ'האָב מורא, אַז ער וועט דאָרט קיין בהמות ניט געפֿינען", האָט דער קליינער קלאַוז געזאָגט און אַוועקגעטריבן אַהיים אַלע בהמות וואָס ער האָט געהאַט.

# 3

# די פרינצעסין אויף אַן אַרבעס


מאָל איז געווען אַ פרינץ וואָס האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ פרינצעסין. נאָר אַן אמתע וואָלט ער גענומען. איז דער פרינץ אויסגעפֿאָרן ווו די וועלט האָט אַן עק כּדי זי צו געפֿינען, אָבער אין ערגעץ האָט ער אַזאַ ניט געטראָפֿן. עס זײַנען געווען פרינצעסינס איבער גענוג, אָבער ווי אַזוי האָט ער געקאָנט וויסן צי זיי זײַנען אמתע פרינצעסינס? עס איז תּמיד געווען עפּעס ניט גלאַטיק מיט זיי. נו, איז ער געקומען צוריק אַהיים אַן אומגליקלעכער, ווײַל ער האָט שטאַרק געוואָלט קריגן אַ ריכטיקע פרינצעסין.

איין אָוונט האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם. ס׳האָט געבליצט, געדונערט און געפּליוכעט. ס׳איז טאַקע געווען שרעקלעך! נאָר אין מיטן דערינען האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין טויער פֿון שטאָט. דער אַלטער מלך איז אויפֿגעשטאַנען און האָט אויפֿגעעפֿנט.

און ווער איז געשטאַנען אין דרויסן? אַ פרינצעסין. און איר וואָלט זי געדאַרפֿט אָנקוקן! אין גאַנצן דורכגעווייקט פֿון רעגן און ווינט. וואַסער איז אַראָפּגערונען פֿון אירע האָר אין אירע קליידער ביז צו די שפּיצן פֿון אירע שיך און אַרויסגערונען דורך אירע קנאַפּל. דאָך האָט זי געהאַלטן, אַז זי איז אַ ריכטיקע פרינצעסין.

מיר׳ן באַלד אויסגעפֿינען, האָט די אַלטע מלכּה צו זיך געטראַכט. ניט רעדנדיק קיין איין וואָרט וועגן דעם איז זי אַרײַן אין קיניגלעכן שלאָפֿצימער, האָט אַראָפּגעצויגן דאָס בעטגעוואַנט און אַוועקגעלייגט

נאָר איין־איינציקן אַרבעס אונטערן מאַטראַץ פֿון בעט. דערנאָך האָט זי גענומען נאָך צוואַנציק מאַטראַצן און האָט זיי אַרויפֿגעלייגט אויפֿן אַרבעס, און זי האָט גענומען צוואַנציק פּוכיקע פּערענעס און זיי אַרויפֿגעלייגט אויף די מאַטראַצן.

אויף דעם אַלעמען האָט די פּרינצעסין געמוזט שלאָפֿן אַ גאַנצע נאַכט.

אין דער פֿרי האָט מען זי געפֿרעגט, „ביסטו גוט געשלאָפֿן?"

„אָך!" האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „ניין. איך בין כּמעט אין גאַנצן ניט געשלאָפֿן. דער אייבערשטער ווייסט וואָס ס'איז געווען דאָרטן אין בעט. איך בין געלעגן אויף עפּעס אַזאַ האַרטער זאַך, אַז איך בין אין גאַנצן ברוין־און־בלאָ. ס'איז פּשוט געווען שרעקלעך".

איצט זײַנען אַלע געווען זיכער, אַז זי איז אַן אמתע פּרינצעסין, אָן קיין שום שאלות: איצט, אַז זי האָט דערפֿילט איין אַרבעס דורך צוואַנציק מאַטראַצן און צוואַנציק פּוכיקע פּערענעס. קיינער קען ניט זײַן אַזוי איידל אַחוץ אַ פּרינצעסין. דער פּרינץ האָט זיך צוגעאײַלט מיט איר חתונה צו האָבן, ווײַל ער האָט געוווּסט ,אַז ער האָט געפֿונען אַן אמתע פּרינצעסין.

דעם אַרבעס האָט מען אויסגעשטעלט אין אַ מוזיי. מע קען אים דאָרטן נאָך אָנקוקן, סײַדן עמעצער האָט אים אַרויסגעגנבֿעט.

און דאָ האָט איר אַן אמתע מעשׂה.

# 4

# דער קלײנער אידאַס בלומען

„מײַנע בלומען זײַנען נעבעך כּמעט טויט!" האָט די קלײנע אידאַ געזאָגט. „נעכטן זײַנען זײ אַזוי שײן געװען, און איצט הענגען די בלעטלעך אַראָפּ פֿאַרדאַרט! פֿאַר װאָס װערן זײ אַזוי?" האָט זי געפֿרעגט דעם סטודענט װאָס איז געזעסן אויף דער סאָפֿע. זי האָט אים שטאַרק האָלט געהאַט, װײַל ער האָט געקענט אַזוי פֿיל שײנע מעשׂיות און געקענט אויסשנײַדן פֿון פּאַפּיר אַזעלכע פֿאַנטאַסטישע בילדער – הערצער מיט קלײנע, טאַנצנדיקע פֿרויען אינעװײניק, אַלערלײ בלומען, גרויסע שלעסער מיט טירן װאָס עפֿענען זיך. ער איז געװען אַ פֿרײלעכער סטודענט.

„פֿאַר װאָס זעען די בלומען אַזוי שלעכט אויס?" האָט זי נאָך אַ מאָל געפֿרעגט.

„װײסטו ניט װאָס איז מיט זײ דער מער?" האָט דער סטודענט געפֿרעגט. „די בלומען זײַנען נעכטן בײַ נאַכט געװען אויף אַ באַל. דעריבער הענגען בײַ זײ אַראָפּ די קעפּלעך".

„אָבער בלומען קענען דאָך ניט טאַנצן", האָט די קלײנע אידאַ געזאָגט. „יאָ", האָט געענטפֿערט דער סטודענט. „װי נאָר עס װערט פֿינצטער, און מיר אַלע לײגן זיך שלאָפֿן, שפּרינגען די לוסטיקע בלומען אויף. כּמעט יעדע נאַכט מאַכן זײ אַ באַל".

„קענען אויך קינדער זײַן אויף דעם באַל?"

„זיכער", האָט געזאָגט דער סטודענט, „קליינע מאַרגעריטקעס און מײַ־כוסעלעך קומען".

„ווו טאַנצן די שענסטע בלומען?" האָט די קליינע אידאַ געפֿרעגט.

„ביסט קיין מאָל ניט געווען בײַם שלאָס פֿון יענער זײַט טויער, ווו דער קיניג וווינט אין זומער, ווו עס געפֿינט זיך אַ פּראַכטיקער גאָרטן מיט אַזוי פֿיל בלומען? דו האָסט זיכער געזען שוואַנען, וואָס שווימען דיר אַנטקעגן, ווען דו ווילסט זיי געבן שטיקלעך ברויט. גלייב מיר, אָט דאָרטן מאַכט מען דעם באַל".

„נעכטן בין איך דאָרט געווען מיט מײַן מוטער!" האָט געזאָגט אידאַ, „עס איז ניט געווען קיין איין בלעטל אויף די ביימער, און עס זײַנען אין גאָרטן ניט געווען קיין בלומען! ווו זײַנען זיי? פֿאַראַיאָרן זומער האָב איך געזען אַזוי פֿיל".

„זיי זײַנען אין פּאַלאַץ!" האָט געזאָגט דער סטודענט. „אויב דו וואָלטסט געווען אין שלאָס וואָלטסטו עס געקענט זען. ווי נאָר דער קיניג און זײַנע הויפֿלײַט פֿאָרן אַוועק אין שטאָט, לויפֿן די בלומען אין פּאַלאַץ אַרײַן און פֿאַרברענגען דאָרטן זייער גוט. דאָס האָסטו געדאַרפֿט זען! די צוויי שענסטע רויזן זעצן זיך אויפֿן טראָן. אַזוי אַרום ווערן זיי דער קיניג און די קיניגין. און אַלע רויטע אַמאַראַנטן שטעלן זיך אויס בײַ די זײַטן און בוקן זיך. זיי זײַנען די קאַמער־דינער. דערנאָך קומען אַלע פּראַכטיקע בלומען און דער באַל הייבט זיך אָן. די פֿיאָלעטן שטעלן פֿאָר יונגע ים־קאַדעטן. זיי טאַנצן מיט די היאַצינטן און מיט זאַפֿרענבלומען, וועמען זיי רופֿן פֿרײַלינס! די טולפּאַנען און די גרויסע, געלע טיגער־ליליעס זײַנען די שומרטעס, וואָס פּאַסן אויף, אַז דאָס טאַנצן זאָל זײַן אָנשטענדיק און שיין".

„אָבער זאָג מיר", האָט געפֿרעגט די קליינע אידאַ, „שטראָפֿט גאָר קיינער ניט די בלומען, דערפֿאַר וואָס זיי טאַנצן אין קיניגס פּאַלאַץ?"

„קיינער ווייסט ניט דערפֿון!" האָט געזאָגט דער סטודענט. „אַ מאָל בײַ נאַכט קומט אָן דער שלאָס־פֿאַרוואַלטער, וואָס פּאַסט אויף דעם אויף. ער טראָגט אַ בינטל שליסלען מיט זיך. אָבער ווי נאָר די בלומען הערן דאָס קלינגען פֿון די שליסלען, ווערן זיי אַלע אַנטשוויגן. זיי באַהאַלטן זיך אונטער די גאַרדינען און שטעקן נאָר אַרויס זייערע קעפּלעך. 'איך קען דערשפּירן, אַז עס געפֿינען זיך דאָ בלומען', זאָגט ער אָבער ער קען זיי ניט זען".

„דאָס איז אַ פֿאַרגעניגן", האָט די קליינע אידאַ געזאָגט און געפּאַטשט מיט די הענטלעך, „וועל איך אויך קענען זען די בלומען?"

„געוויס", האָט געזאָגט דער סטודענט. „פֿאַרגעס נאָר ניט, ווען דו וועסט ווידער אָנקומען אַהין אַרײַנצוקוקן אין פֿענצטער, וועסטו זיי זיכער זען. דאָס האָב איך הײַנט טאַקע געטאָן. דאָרט איז געלעגן אַ לאַנגע, געלע טיגער־ליליע אויסגעצויגן אויף אַ סאָפֿע און געמאַכט אָן אָנשטעל, אַז זי איז אַ קאַמער־מיידל".

„קענען בלומען פֿון באָטאַנישן גאָרטן אויך קומען אַהין? וואָלטן זיי געוועזן בכּוח צו גיין אַזאַ לאַנגן וועג?"

„געוויס קענען זיי", האָט געזאָגט דער סטודענט, „אויב זיי ווילן נאָר קענען זיי פֿליִען. דו האָסט אַוודאי געזען די שיינע זומער־פֿייגעלעך, די רויטע, געלע און ווײַסע, זיי זעען כּמעט אויס ווי בלומען. און דאָס זײַנען זיי טאַקע אַ מאָל געווען. זיי זײַנען אַרויפֿגעשפּרונגען פֿון זייערע שטענגלעך הויך אין דער לופֿטן. זיי פֿאָכן מיט זייערע בלעטלעך ווי זיי וואָלטן געווען קליינע פֿליגלען, און דערנאָך פֿליִען זיי אַוועק. אויב זיי פֿירן זיך אויף אָנשטענדיק, לאָזט מען זיי פֿליִען בײַ טאָג אויך. און זיי דאַרפֿן ניט צוריק אַהיים פֿליִען און זיך ווידער זעצן אויף זייערע שטענגלעך. ווערן פֿון זייערע בלעטלעך אמתע פֿליגלען. דאָס האָסטו אַליין געזען! עס איז אויך מיגלעך, אַז בלומען אין באָטאַנישן גאָרטן זײַנען קיין מאָל ניט געווען אין קיניגס פּאַלאַץ

און ווייסן גאָר ניט ווי אַזוי מע פֿאַרברענגט דאָרט די נעכט. איך וועל דיר איצט עפּעס דערציילן וואָס ס'וועט זײַן אַ גרויסע איבערראַשונג פֿאַר דעם פּראָפֿעסאָר וואָס וווינט דאָ ניט ווײַט. זיכער קענסט אים. ווען דו וועסט נאָך אַ מאָל גיין אין גאָרטן, זאָלסטו דערציילן איינער פֿון די בלומען, אַז עס וועט זײַן אַ גרויסער באַל אין פּאַלאַץ: איינע וועט דערציילן אַ סך אַנדערע, וועלן זיי אַוועקפֿלִיען אַהין, און ווען דער פּראָפֿעסאָר וועט אַרײַנקומען אין גאָרטן, וועט ער קיין איינציק בלימל דאָרט ניט טרעפֿן, און ער וועט זיך וווּנדערן וואָס מיט זיי האָט געקענט פּאַסירן".

„אָבער ווי אַזוי זשע קענען בלומען עפּעס דערציילן איינע דער אַנדערער? בלומען קענען דאָך ניט רעדן!"

„ניין", האָט דער סטודענט געענטפֿערט, „זיי קענען טאַקע ניט רעדן, אָבער זיי מאַכן פּאַנטאָמימעס! האָסטו עס קיין מאָל ניט באַמערקט? אַז ווי נאָר עס נעמט בלאָזן אַ ווינטל, אַזוי נייגן זיך די בלומען און רירן אַלע זייערע גרינע בלעטלעך? און דאָס איז אַזוי ווי זיי וואָלטן גערעדט".

„קען דער פּראָפֿעסער פֿאַרשטיין זייערע פּאַנטאָמימעס?" האָט אידאַ געפֿרעגט.

„אוודאי קען ער! איין מאָל אין אַ פֿרימאָרגן איז ער, דער פּראָפֿעסאָר, אַרײַנגעקומען אין גאָרטן און האָט דערזען ווי אַ גרויסע, שטעכיקע קראָפּעווע האָט געמאַכט פּאַנטאָמימעס צו אַ שיין, רויט נעגעלע. ער האָט געזאָגט: 'דו ביסט אַזוי שיין און איך האָב דיך שטאַרק ליב'. דעם פּראָפֿעסאָר געפֿעלט ניט אַזעלכע זאַכן, האָט ער אויף גיך די קראָפּעווע געגעבן אַ פּאַטש איבער די בלעטלעך, ווײַל דאָס זײַנען דער קראָפּעוועס פֿינגער. ער האָט זיך, אָבער, פֿאַרשטאָכן מיט דער קראָפּעווע און פֿון דעמאָלט אָן רירט ער זיך צו זיי ניט צו".

„דאָס איז קאָמיש", האָט די קליינע אידאַ זיך צעלאַכט.

„ס'איז גאָר ניט גוט אַ קינדס קעפּל אָנצושטאָפּן מיט אַזעלכע נאַרישקייטן", האָט געזאָגט דער אַלטער שטאָטישער בעל־עצה. ער איז נאָר וואָס אַרײַנגעקומען און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפֿע. ער האָט ניט געקענט פֿאַרטראָגן דעם סטודענט און איז תּמיד געווען אומצופֿרידן ווען ער האָט אים געזען אויסשנײַדן די מאָדנע, פֿאַרווײַלנדיקע בילדער: אַ מאָל – ווי אַ מענטש איז געהאָנגען אויף דער תּליה און האָט געהאַלטן אַ האַרץ אין דער האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט געגנבֿעט הערצער; אַ מאָל – אַ מכשפֿה רײַטנדיק אויף אַ בעזעם, און איר מאַן שטייט בײַ איר אויף דער נאָז. אַזעלכע זאַכן פֿלעגן שטאַרק ניט געפֿעלן דעם שטאָטישן בעל־עצה.

„אָט אַזעלכעס גיט מען עס אַ קינד? זיי זײַנען פּשוט נאַרישע פֿאַנטאַזיעס".

אָבער די קליינע אידאַ האָט געגלייבט וואָס דער סטודענט האָט איר דערציילט וועגן די בלומען, און זי האָט וועגן דעם געטראַכט. די בלומען האָבן טאַקע אַראָפּגעלאָזן זייערע קעפּלעך, ווײַל זיי זײַנען געווען מיד פֿון טאַנצן אַ גאַנצע נאַכט. זיי זײַנען קענטיק געווען קראַנק, האָט זי זיי אַריבערגעטראָגן צו אַ שיין טישל, וווּ עס זײַנען געלעגן אירע שפּילעכלעך. דער שופֿלאָד אין טישל איז אויך געווען אָנגעפּאַקט מיט פֿאַרשיידענע זאַכן. אין ליאַלקע־בעטל איז געלעגן איר ליאַלקע סאָפֿי און געשלאָפֿן. אָבער די קליינע אידאַ האָט איר געזאָגט, „דו מוזסט איצט אויפֿשטיין, סאָפֿי, און באַנוגענען זיך מיט ליגן אין שופֿלאָד הײַנט בײַ נאַכט. ווײַל די בלומען זײַנען, נעבעך, קראַנק. ווען זיי מוזן ליגן אין דײַן בעטל. אפֿשר וועלן זיי קומען צו זיך".

זי האָט די ליאַלקע אויפֿגעהויבן. זי האָט ניט געזאָגט קיין איין וואָרט, כאָטש זי איז געווען ברוגז אויף אידאַן, וואָס זי האָט זי ניט געלאָזט ליגן אין איר אייגן בעטל.

אידאַ האָט אַרײַנגעלייגט די בלומען אין ליאַלקע־בעטל, גענומען די קליינע קאָלדרע און זיי גוט צוגעדעקט. זי האָט זיי געהייסן ליגן שיין און שטיל, בעת זי וועט זיי אויפֿקאָכן אַ ביסל טיי, כּדי זיי זאָלן זײַן געזונט און געזונט אויפֿצושטיין מאָרגן אין דער פֿרי. זי האָט פֿאַרצויגן די פֿירהענגלעך אַרום דעם בעטעלע, די זון זאָל ניט אַרײַנשײַנען אין זייערע אייגלעך.

דעם גאַנצן אָוונט האָט זי ניט געקענט אויפֿהערן צו טראַכטן וועגן דעם וואָס דער סטודענט האָט איר דערציילט. ווען עס איז געקומען די צײַט צו גיין שלאָפֿן האָט זי זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און איז אַוועק געבן אַ קוק דורך די פֿירהענגלעך, וואָס זײַנען געהאָנגען איבערן פֿענצטער, צום אָרט ווו איר מוטערס פּראַכטיקע בלומען, די היאַצינטן און טולפּאַנען, האָבן זיך געפֿונען, און זי האָט צו זיי שטיל געשעפּטשעט: „איך ווייס וויל, איר גייט הײַנט בײַ נאַכט אויף אַ באַל". די בלומען האָבן זיך געמאַכט תּמעוואַטע, ווי זיי וואָלטן גאָר ניט פֿאַרשטאַנען און ניט גערירט מיט קיין איין בלעטל. די קליינע אידאַ האָט עס, אָבער, געוווּסט.

ווען זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אין בעט, איז זי געלעגן לאַנג אויף און געטראַכט ווי גוט עס וואָלט געווען צו זען ווי די שיינע בלומען טאַנצן אין דעם קיניגס פּאַלאַץ. „ווער ווייסט צי מײַנע בלומען זײַנען דאָרט אויך געווען?" זי איז, אָבער, באַלד אײַנגעשלאָפֿן.

אין מיטן נאַכט האָט זי זיך אויפֿגעוועקט. ס'האָט זיך איר געחלומט וועגן די בלומען און דעם סטודענט, וואָס דער שטאָטישער בעל־עצה האָט אויסגעזידלט פֿאַר וואָס ער האָט איר דערציילט אַזעלכע נאַרישקייטן.

ס'איז געווען שאַ־שטיל אין שלאָפֿצימער ווו אידאַ איז געלעגן. דאָס נאַכטלעמפּל האָט געברענט אויפֿן טיש און טאַטע־מאַמע זײַנען געשלאָפֿן.

ליגן איצט מײַנע בלומען אין סאָפֿיס בעטל? האָט זי צו זיך אַליין געטראַכט. „כ'וואָלט עס זייער גערן געוואָלט וויסן!" זי האָט זיך אַ ביסל אויפֿגעזעצט אין בעט און געקוקט צו דער טיר. זי איז געווען אָפֿן. דאָרט זײַנען געלעגן די בלומען און אַלע אירע שפּילעכלעך. זי האָט זיך גוט אײַנגעהערט. זי האָט געמיינט, אַז זי הערט ווי עמעצער שפּילט אויף דער פּיאַנע, זייער שטיל, אָבער אַזוי שיין. זי האָט קיין מאָל אַזוינס פֿריִער ניט געהערט.

„מסתּמא טאַנצן עס די בלומען איצט", האָט זי געזאָגט. „אוי, וואָלט איך עס וועלן זען!" זי האָט זיך, אָבער, ניט דערוועגט אויפֿצושטיין, ווײַל אירע טאַטע־מאַמע קענען זיך, חלילה, אויפֿוועקן. „הלוואַי וואָלטן זיי דאָ צו מיר אַרײַנגעקומען", האָט זי געזאָגט. די בלומען זײַנען, אָבער, ניט אַרײַנגעקומען, און די מוזיק האָט ניט אויפֿגעהערט שפּילן אַזוי חנעוודיק. האָט זי זיך שוין מער ניט געקענט אײַנהאַלטן. די מוזיק איז געווען צו שיין. זי איז אַרויסגעקראָכן פֿון בעטל און פּאַוואָליע צוגעגאַנגען צו דער טיר און האָט אַרײַנגעקוקט אין שטוב. און וואָס זי האָט דאָרט געזען איז געווען אַ פּראַכט אָנצוקוקן.

ס'האָט דאָרט קיין נאַכטלעמפּל ניט געברענט. ס'איז, אָבער, סײַ ווי סײַ געווען ליכטיק. די לבֿנה האָט אַרײַנגעשײַנט דורכן פֿענצטער, גלײַך אויפֿן דיל. ס'איז געווען כּמעט אַזוי ליכטיק ווי בײַ טאָג. אַלע היאַצינטן און טולפּאַנען זײַנען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין צוויי לאַנגע רייען.

קיין איינע איז ניט פֿאַרבליבן אין פֿענצטער. עס זײַנען געשטאַנען ליידיק די וואַזאָנען. אויף דער פּאַדלאָגע האָבן די בלומען געטאַנצט אַזוי חנעוודיק צוזאַמען. זיי האָבן זיך געהאַלטן איינע די אַנדערע פֿאַר די בלעטער פֿאַרפֿלאָכטן אין אַ קייט און זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט שווונג.

בײַ דער פּיאַנע איז געזעסן אַ גרויסע, געלע ליליע. אַזאַ ליליע האָט אידאַ זומערצײַט טאַקע געזען. זי געדענקט זי גוט. דער סטודענט האָט דענסטמאָל געזאָגט, „זעט זי ניט אויס ווי פֿרײַלין לינע?" זיי האָבן אַלע זיך צעלאַכט פֿון אים. אָבער איצט האָט די קליינע אידאַ אויך געמיינט, אַז די גרויסע בלום זעט טאַקע אויס ווי די פֿרײַלין און שפּילט די פּיאַנע אויך אַזוי ווי זי. אָט נייגט זי זיך אויף איין זײַט, אָט אויף דער צווייטער און שאָקלט דאָס לאַנגע, געלע פּנים צום טאַקט צו דער שיינער מוזיק. קיינער האָט ניט באַמערקט אידאַן. איצט האָט זי געזען ווי אַ גרויסער קראָקוסבלום האָט געטאַנצט אויפֿן טיש, דאָרט ווי די שפּילצײַגן זײַנען געשטאַנען. זי איז צוגעגאַנגען צום ליאַלקע־בעטל און פֿאַרשאַרט די פֿירהענגלעך. די קראַנקע בלומען זײַנען דאָרט געלעגן. זיי האָבן זיך, אָבער, גלײַך אויפֿגעוועקט און זיך גענייגט צו די אַנדערע, אַז זיי ווילן מיטטאַנצן. די אַלטע ליאַלקע, דער קוימען־קערער, בײַ וועמען די אונטערשטע ליפּ איז געווען אָפּגעבראָכן, האָט זיך אויפֿגעשטעלט און זיך געבוקט צו די שיינע בלומען. זיי האָבן ניט אויסגעזען קראַנק. זיי האָבן זיך צעהאָפּקעט צוזאַמען מיט די אַנדערע און גאַנץ פֿײַן פֿאַרברענגט.

נאָר עפּעס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון טיש. אידאַ האָט געזען, ווי דאָס קאַרנאַוואַל־שטעקל איז אַרײַנגעשפּרונגען צווישן די בלומען, ווי עס וואָלט געווען איינע פֿון זיי. דאָס איז אויך געווען זייער חנעוודיק. אויפֿן שפּיץ שטעקל איז געזעסן אַ קליין, וועקסן טעקל, מיט אַ ברייטן הוט אויפֿן קאָפּ, אַזאַ ווי דער שטאָטישער ראָטמאַן טראָגט. דער קאַרנאַוואַל־שטעקל איז אַרײַנגעשפּרונגען מיט זײַנע דרײַ רויטע הילצערנע פֿיס צווישן די בלומען און האָט געטופּעט זייער שטאַרק, טאַנצנדיק אַ מאַזורקע. די בלומען האָבן דאָס ניט געקענט באַווײַזן, ווײַל זיי זײַנען זייער לײַכט און קענען ניט טופּען.

דאָס וועקסענע טעקל אויפֿן שפּיץ שטעקל איז פֿלוצלינג געוואָרן גרויס און הויך. עס האָט זיך אויסגעדרייט צו די פּאַפּירענע בלומען מיט וועלכע דאָס שטעקל איז געווען באַצירט און אויסגעשריגן, „ווי קען מען עס אַרײַנשטאָפּן אין אַ קינדס קעפּל אַזעלכע געדאַנקען? ס'איז פּשוט נאַרישקייט".

דאָס וועקסענע טעקל איז געוואָרן אַ לעבעדיקע נאָכקרימעניש פֿון דעם שטאָטישן ראָטמאַן מיטן ברייטן הוט און האָט אויך אויסגעזען אַזוי געל און זויער ווי ער. אָבער די פּאַפּירענע בלומען האָבן אים דערלאַנגט אין זײַנע דינע פֿיס און עס איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן, צוריק געוואָרן אַ קליין טעקל. ס'איז געווען זייער חנעוודיק דאָס צו זען! די קליינע אידאַ האָט זיך ניט געקענט אָפּהאַלטן פֿון לאַכן.

דאָס קאַרנאַוואַל־שטעקל האָט אַלץ געטאַנצט און דער ראָטמאַן האָט געמוזט מיטטאַנצן. ס'האָט ניט געהאָלפֿן זײַן מאַכן זיך גרעסער און העכער, אָדער בלײַבן דאָס קליינע, געלע, וועקסענע טעקל מיטן גרויסן שוואַרצן הוט. טאַנצן האָט ער געמוזט. האָבן אַנדערע בלומען געבעטן פֿאַר אים. איבער הויפּט די יעניקע וואָס זײַנען געלעגן אין בעטל, ביז דאָס שטעקל האָט אויפֿגעהערט צו טאַנצן.

דערוויַיל האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין שופֿלאָד, וווּ אידאַס ליאַלקע, סאָפֿי, איז געלעגן מיט אַזוי פֿיל אַנדערע שפּילעכלעך. דער קוימען־קערער איז צוגעלאָפֿן צום קאַנט פֿון טיש און האָט זיך אַרויפֿגעלייגט מיט זײַן גאַנצן בויך און געפּרוּווט עפֿענען אַ ביסל דעם שופֿלאָד. סאָפֿי האָט זיך אויפֿגעזעצט און אויסגעזען זייער פֿאַרווּנדערט. „דאָ איז דאָך טאַקע דאָ אַ באַל", האָט זי געזאָגט, „און קיינער האָט מיר וועגן דעם גאָרניט געזאָגט".

„וואָלטסט געוואָלט טאַנצן מיט מיר?" האָט דער קוימען־קערער געפֿרעגט.

„קוק אים נאָר אָן ,דעם פֿײַנעם קאַוואַליר", האָט זי געזאָגט און זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן קאַנט פֿון שופֿלאָד און געמיינט, אַז איינע פֿון די בלומען וועט זי בעטן טאַנצן. אָבער קיינער איז ניט געקומען, האָט זי אָנגעהויבן צו הוסטן „הם־הם־הם", אָבער קיינער איז נאָך אַלץ ניט צוגעקומען. דער קוימען־קערער האָט געטאַנצט איינער אַליין, און עס איז גאָר ניט געווען אַזוי שלעכט.

אַזוי ווי קיינער האָט סאָפֿין ניט באַמערקט, האָט זי זיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון שופֿלאָד מיט אַזאַ קראַך, אַז עס איז געוואָרן אַ גרויסער ליאַרעם. די בלומען זײַנען געקומען צו לויפֿן און האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר און געפֿרעגט, צי זי האָט זיך, חלילה, ניט צעקלאַפּט. אַלע זײַנען געוואָרן אַזוי גוט צו איר, ספּעציעל די בלומען וואָס זײַנען געלעגן אין איר בעטל. זי האָט זיך, אָבער, ניט צעקלאַפּט. און אַלע בלומען האָבן איר געדאַנקט פֿאַרן בעטל, וואָס זיי זײַנען אין אים געשלאָפֿן, און זיי האָבן זי שטאַרק געליבט. זיי האָבן זי צוגעפֿירט אין מיטן דיל, פּונקט דאָרט ווו די לבֿנה האָט אַרײַנגעשײַנט, און טייל האָבן מיט איר געטאַנצט, בעת די אַנדערע האָבן אַרום איר געמאַכט אַ רעדל. סאָפֿי איז ווידער געווען זייער צופֿרידן און האָט געזאָגט, אַז עס וואָלט זי זייער געפֿרייט ווען זיי וואָלטן תּמיד געשלאָפֿן אין איר בעטל; ס'אַרט זי ניט צו ליגן אין שופֿלאָד.

אָבער די בלומען האָבן איר געזאָגט: „מיר דאַנקען דיר זייער, ווײַל מיר וועלן שוין צו לאַנג ניט לעבן! מאָרגן וועלן מיר שוין זײַן אין גאַנצן טויט. נאָר זאָג דער קליינער אידאַ, אַז זי זאָל אונדז באַגראָבן אין גאָרטן לעבן דעם אָרט ווו ס'ליגט דאָס קאַנאַריקל. מיר וועלן ווידער אויסוואַקסן איבער אַ יאָר זומער – גרעסערע און שענערע".

„ניין, איר טאָרט ניט שטאַרבן", האָט סאָפֿי געזאָגט און אַ קוש געטאָן די בלומען.

דערוויַיל האָט זיך די טיר געעפֿנט און אַ גאַנצע רייַ שיינע בלומען זיַינען אַריַין מיט אַ טאַנץ. אידאַ האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין פֿון וואַנען זיי זיַינען געקומען, סיַידן פֿון קיניגס פּאַלאַץ. געפֿירט די פּראָצעסיע האָבן צוויי פּראַכטיקע רויזן, וואָס האָבן געהאַט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ. דאָס איז געווען דער מלך און די מלכּה. נאָך זיי זיַינען אַריַינגעקומען ליליעס און נעגעלעך, וואָס האָבן זיך גענייגט צו אַלע זיַיטן. זיי האָבן מיטגעבראַכט אַ קאַפּעליע: גרויסע מאָנבלומען און פּיוואָניעס האָבן געבלאָזן מיט אַרבעסשויטן ביז זייערע פּנימער זיַינען רויט געוואָרן. די בלויע היאַצינטן און וויַיסע שנייגלעקלעך האָבן געקלונגען ווי זיי וואָלטן טאַקע געהאַט קליינטשיקע גלעקלעך. די מוזיק איז געווען גאָר חנעוודיק. דערנאָך זיַינען אָנגעקומען אַ סך אַנדערע בלומען און אַלע האָבן געטאַנצט – די בלויע פֿיאַלקעס, די רויטע און וויַיסע חנהלעס אייגעלעך, מאַרגעריטקעס און וויַיסע מיַי־כּוסעלעך. אַלע בלומען האָבן זיך געקושט. ס'איז געווען שיין צו זען!

צום סוף האָבן אַלע בלומען געזאָגט „אַ גוטע נאַכט", און די קליינע אידאַ האָט זיך ווידער אַריַינגעלייגט אין איר בעטל, ווו עס האָט זיך איר געחלומט פֿון אַלצדינג וואָס זי האָט געזען.

ווען זי איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי איז זי גיך צוגעלאָפֿן צום טישל צו זען צי די בלומען געפֿינען זיך נאָך דאָרטן. זי האָט פֿאַרשאַרט די פֿירהענגלעך פֿון איר בעטל אין אַ זיַיט. יאָ, זיי זיַינען אַלע דאָרטן געלעגן. זיי זיַינען אַלע געוואָרן פֿאַרוויאַנעט. נאָך מער ווי פֿריִער. סאָפֿי איז געלעגן אין שופֿלאַד, ווו זי האָט זי אַוועקגעלייגט. זי האָט אויסגעזען זייער פֿאַרשלאָפֿן.

„געדענקסטו וואָס דו האָסט מיר געדאַרפֿט זאָגן?" האָט זי אידאַ געפֿרעגט. סאָפֿי האָט אויסגעזען אין גאַנצן תּמעוואַטע און ניט געזאָגט קיין איין וואָרט. „דו ביסט אַ שלעכטע", האָט אידאַ געזאָגט, „און זיי

האָבן נאָך אַלע מיט דיר געטאַנצט". האָט זי גענומען אַ קאַרטאָנען קעסטל אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעמאָלט שיינע פֿייגל, עס געעפֿנט און אַהין אַרײַנגעלייגט די טויטע בלומען. „דאָס וועט זײַן אַ שיינע טרונע פֿאַר אײַך", האָט זי געזאָגט, „און שפּעטער, ווען מײַנע נאָרוועגישע שוועסטערקינדער וועלן קומען, וועלן זיי מיר העלפֿן אײַך באַגראָבן אין גאָרטן ביז דער זומער וועט קומען. דעמאָלט וועט איר אויסוואַקסן נאָך שענער ווי פֿריִער".

די נאָרוועגישע שוועסטערקינדער זײַנען געווען צוויי ווילדע ייִנגלעך. זיי האָבן געהייסן יאָנאַס און אַדאָלפֿוס. זייער פֿאָטער האָט יעדן געגעבן פֿײַל־און־בויגן, וועלכע זיי האָבן געבראַכט צו ווײַזן אידאַן. זי האָט זיי דערציילט וועגן די בלומען, נעבעך – אַז זיי זײַנען געשטאָרבן. און זי האָט זיי געבעטן, זיי זאָלן איר העלפֿן זיי באַגראָבן. ביידע ייִנגלעך זײַנען געגאַנגען פֿון פֿאָרנט מיט זייערע בויגנס אויף די אַקסלען. און די קליינע אידאַ איז נאָכגעגאַנגען מיט די טויטע בלומען אין שיינעם קעסטל. זיי האָבן אויסגעגראָבן אַ גריבל. אידאַ האָט אַ קוש געטאָן די בלימלעך און זיי מיטן קעסטל באַגראָבן. אַדאָלפֿוס און יאָנאַס האָבן אויסגעשאָסן מיט זייערע פֿײַל־און־בויגנס איבערן קבֿרל, ווײַל זיי האָבן ניט געהאַט קיין ביקסן אָדער קאַנאָנען.

# 5

# דעם קייסערס נײַע קליידער

מיט אַ סך יאָרן צוריק איז געווען אַ קייסער וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט נײַע און שיינע קליידער. ער האָט אויסגעגעבן זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן ער זאָל זיך קענען שיין אָנטאָן. זײַנע סאָלדאַטן זײַנען אים ניט אָנגעגאַנגען און זײַן טאָכטער אויך ניט. עס האָט זיך אים אַפֿילו ניט געגלוסט אַרומצופֿאָרן אין וואַלד. ער האָט נאָר געוואָלט אַלעמען ווײַזן זײַנע נײַע קליידער. ער האָט געהאַט אַ קאָסטיום פֿאַר יעדער שעה אין טאָג, און אַנשטאָט מע זאָל זאָגן, אַז דער קייסער איז אויף אַ באַראַטונג האָט מען געזאָגט, „דער קייסער איז אין קליידער־שאַפֿע!"

די גרויסע שטאָט וווּ ער האָט געוווינט איז געווען זייער לעבעדיק. יעדן טאָג פֿלעגן אָנקומען אַ סך פֿאַרשיידענע געסט. אין איינעם אַ שיינעם טאָג זײַנען אָנגעקומען צוויי שווינדלערס. זיי האָבן זיך אָנגעגעבן ווי וועבערס און געזאָגט, אַז זיי קענען וועבן די שענסטע סחורה וואָס מע קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן. ניט נאָר זײַנען די פֿאַרבן און די אוזערס עפּעס אויסערגעוויינטלעך שיין, נאָר די קליידער, וואָס ווערן אויסגענייט פֿון דער דאָזיקער סחורה, האָבן אַ ווונדערלעכע מעלה – זיי ווערן אומזעיִק פֿאַר דעם מענטש וואָס פּאַסט ניט פֿאַר זײַן אַמט, אָדער פֿאַר דעם וואָס איז אַ גאָר גרויסער שוטה.

דאָס זײַנען דאָך עפּעס אויסערגעוויינטלעכע קליידער, האָט דער קייסער געטראַכט. ווען איך וואָלט אַזעלכע קליידער געהאַט, וואָלט איך זייער גרינג געקענט אויסגעפֿינען ווער אין מײַן מלוכה טויג

ניט פֿאַר זײַן אַמט. איך װאָלט אויך געקענט אונטערשיידן צווישן קלוגע און נאַרישע מענטשן! יאָ, אָט די דאָזיקע סחורה װעלן די וועבערס מוזן וועבן פֿאַר מיר. האָט ער געגעבן די שווינדלערס אַ סך האַנטגעלט, כּדי זיי זאָלן גלײַך קענען אָנהייבן זייער אַרבעט.

זיי האָבן אויפֿגעשטעלט צוויי וועבשטולן און געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי אַרבעטן. זיי האָבן, אָבער, גאָרניט געהאַט אויף זייערע ראַמלעך. זיי האָבן גלײַך פֿאַרלאַנגט פֿונעם בעסטן זײַדנס און טײַערסטן גאָלד און האָבן דאָס אַלץ אַרײַנגעלייגט צו זיך אין זאַק און האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט געאַרבעט אויף אַ ליידיקער וועבשטול.

אַצינד װאָלט איך געוואָלט וויסן ווי זיי האַלטן מיט דער אַרבעט, האָט דער קייסער געטראַכט. ער האָט נאָר געפֿילט עפּעס אַ ביסל מאָדנע פֿון דעם געדאַנק, אַז דער וואָס איז אַ נאַר אָדער אומפּאַסיק פֿאַר זײַן אַמט וועט גאָרניט קענען זען. ער האָט פֿונדעסטוועגן געגלייבט, אַז ער האָט ניט פֿון וואָס מורא צו האָבן פֿאַר זיך אַליין, אָבער דאָס ערשטע מאָל וועט ער פֿאָרט שיקן עמעצן אַנדערש צו זען ווי עס האַלט דאָרטן. אַלע אײַנוווינערס פֿון שטאָט האָבן געוווּסט וואָס פֿאַר אַ וווּנדערלעכער קראַפֿט די סחורה האָט, און אַלע האָבן זייער געוואָלט זען ווי קלוג אָדער נאַריש איז זייער שׂכל.

איך וועל שיקן מײַן אַלטן, געטרײַען מיניסטער צו די וועבערס, האָט דער קייסער געטראַכט. ער פֿאַרשטייט בעסער ווי אַזוי די סחורה קומט אַרויס, ווײַל ער האָט שׂכל, און קיינער איז ניט בעסער צוגעפּאַסט צו זײַן אַמט ווי ער.

דער אַלטער, קלוגער מיניסטער איז אַרײַן אין דעם זאַל וווּ די צוויי שווינדלערס זײַנען געזעסן און האָבן כּלומרשט געאַרבעט בײַ ליידיקע וועבשטולן. זאָל מיך דער אייבערשטער אָפּהיטן, האָט דער אַלטער מיניסטער געטראַכט און האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. איך קען טאַקע גאָרניט זען! אין דער אמתן איז דאָרטן גאָרניט געווען וואָס צו זען. ער האָט, אָבער, גאָרניט געזאָגט.

די שווינדלערס האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל אַזוי גוט זײַן און צוקומען אַ ביסל נעענטער און זען אויב דאָס איז ניט קיין אויסגעצייכנטער אוזער און די שענסטע פֿאַרב און אָנגעוויזן אויף דער ליידיקער וועבשטול. דער אַלטער מיניסטער, נעבעך, איז געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן. ער האָט גאָרניט געקענט זען, ווײַל ס'איז דאָרטן גאָרניט געווען צו זען. פֿאָטער אין הימל! האָט ער געטראַכט. בין איך טאַקע אַזאַ גרויסער נאַר? כ'וואָלט עס קיין מאָל ניט געגלייבט. קיינער טאָר פֿון דעם ניט וויסן! קען דען זײַן, אַז איך זאָל טאַקע ניט זײַן צוגעפּאַסט פֿאַר מײַן אַמט? עס וועט ניט טויגן צו דערציילן, אַז איך זע אין גאַנצן ניט קיין סחורה!

„איר זאָגט, אָבער, ניט אײַער מיינונג וועגן דעם", האָט איינער פֿון די וועבערס געזאָגט.

„אוי, דאָס איז זייער שיין! אויסגעצייכנט!" האָט דער אַלטער מיניסטער געזאָגט און האָט געקוקט דורך זײַנע ברילן. „וואָסערע אוזערס! וואָסערע פֿאַרבן! יאָ, איך וועל טאַקע זאָגן דעם קייסער, אַז די אַרבעט געפֿעלט מיר זייער".

„דאָס טוט אונדז הנאה", האָבן ביידע שווינדלערס געזאָגט. זיי האָבן אָנגערופֿן די קאָלירן און די אויסערגעוויינטלעכע אוזערס. דער אַלטער מיניסטער האָט אַלץ געוואָלט פֿאַרגעדענקען, ווײַל ער האָט אַלץ געדאַרפֿט איבערגעבן דעם קייסער.

אַצינד האָבן די שווינדלערס געפֿאָדערט נאָך מער געלט, מער זײַדנס און גאָלד, זאָגנדיק, אַז זיי דאַרפֿן דאָס האָבן צום וועבן. זיי האָבן עס אַלץ אַרײַנגעפּאַקט צו זיך אין די קעשענעס. קיין איין־און־איינציקן פֿאָדעם האָבן זיי ניט פֿאַרניצט אין זייער אַרבעט. זיי זײַנען, אָבער, אָנגעגאַנגען מיטן אָנשטעל, אַז זיי אַרבעטן: זיי זײַנען געזעסן ווי פֿריִער בײַ די ליידיקע וועבשטולן.

דער קייסער האָט באַלד געשיקט אַן אַנדער חשובֿן באַאַמטן צו

זען ווי עס גייט צו מיטן וועבן און אויב די סחורה איז שוין באַלד פֿאַרטיק. מיט אים איז געווען די זעלבע מעשׂה ווי מיטן אַנדערן מיניסטער. ער האָט געקוקט און געקוקט, און אַזוי ווי עס איז גאָרניט אַרויסגעקומען פֿון דער ליידיקער וועבשטול, האָט ער גאָרניט ניט געקענט זען.

„נו, איז עס ניט קיין שיינע שטיק סחורה?" האָבן די שווינדלערס געפֿרעגט ווען זיי האָבן געוויזן און דערקלערט די פּראַכטיקע אוזערס, וועלכע זײַנען פּשוט ניט געווען.

דאַכט זיך, אַז אַזאַ גרויסער נאַר בין איך ניט, האָט געטראַכט דער באַאַמטער. „קען געמאָלט זײַן, אַז איך פּאַס ניט פֿאַר מײַן אַמט? עפּעס מאָדנע גייט דאָ אָן, אָבער איך טאָר גאָרניט זאָגן, אַז איך האָב עפּעס באַמערקט!" ער האָט געלויבט די כּלומרשט אויסגעוועבטע סחורה, וואָס ער האָט ניט געזען און האָט פֿאַרזיכערט די וועבערס, אַז עס געפֿעלן אים די שיינע פֿאַרבן און די חנעוודיקע אוזערס. „יאָ, דאָס איז גאָר פּראַכטיק", האָט ער געזאָגט צום קייסער.

אין שטאָט האָבן אַלע גערעדט פֿון דער אויסערגעוויינטלעכער סחורה.

אַצינד האָט דער קייסער געוואָלט די סחורה אַליין אָנקוקן, בעת זי איז נאָך אויף דער וועבשטול. איז ער געגאַנגען באַגלייט פֿון עטלעכע אויסדערוויילטע קאַמער־דינערס: צווישן זיי האָבן זיך אויך געפֿונען די צוויי באַאַמטע, די וואָס זײַנען פֿריִער געווען בײַ די דורכגעטריבענע „סוחרים", די וועלכע האָבן געאַרבעט מיט אַלע כּוחות, אָן באַנוול און אָן פֿאָדעם.

„נו, איז די סחורה ניט אויסגעצייכנט?" האָבן ביידע באַאַמטע געפֿרעגט. „וואָלט זײַן מאַיעסטעט געוואָלט אָנקוקן די אוזערס און די שיינע פֿאַרבן?" און זיי האָבן אָנגעוויזן אויף די ליידיקע וועבשטולן. יעדערער האָט צו זיך געטראַכט, אַז דער צווייטער זעט עפּעס.

וואָס איז דאָס? האָט דער קייסער געטראַכט. איך זע דאָך גאָרניט! דאָס איז שרעקלעך! בין איך טאַקע אַ נאַר? בין איך ניט גענוג גוט צו זײַן אַ קייסער? דאָס איז די ערגסטע זאַך וואָס האָט געקענט פּאַסירן! צו זיי, אָבער, האָט ער געזאָגט: „אָ, די סחורה איז זייער שיין. זי פֿאַרדינט מײַן העכסטע אָנערקענונג!" און ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַ צופֿרידענער און האָט גוט באַטראַכט די ליידיקע וועבשטול. ער האָט ניט געוואָלט זאָגן, אַז ער זעט דאָרט לחלוטין גאָרניט.

אַלע מבֿינים וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך האָבן געקוקט און געקוקט, און זיי האָבן אַרויסבאַקומען פֿון דעם אַזוי פֿיל ווי אַלע אַנדערע, אָבער געזאָגט האָבן זיי די זעלבע זאַך ווי דער קייסער: „אָ, די סחורה איז זייער שיין!" און זיי האָבן דעם קייסער געעצהט צו טראָגן אַ קאָסטיום געמאַכט פֿון דער פּראַכטיקער נײַער סחורה צו דעם פּאַראַד, וואָס דאַרף פֿאָרקומען. „פּראַכטפֿול! ווונדערלעך! עקסעלאַנט!" האָבן זיי געזאָגט, און די ווערטער זײַנען געגאַנגען פֿון מויל צו מויל, און אַלע זײַנען אָנגעצונדן געוואָרן מיט באַגײַסטערונג.

דער קייסער האָט די „סוחרים" באַלוינט מיט אַ ריטערקרייץ צו טראָגן אין זייערע קנאָפּלעכלעך און דעם טיטל „דעם קייסערס וועבערס".

די גאַנצע נאַכט פֿאַרן פּאַראַד האָבן די שווינדלערס געאַרבעט און פֿאַרניצט האָבן זיי זעכצן ליכט, כּדי מענטשן זאָלן זען ווי זיי זײַנען פֿאַרטאָן אין דעם קייסערס נײַע קליידער. זיי האָבן כּלומרשט אַראָפּגענומען די סחורה פֿון וועבשטול, געשוירן אין דער לופֿט מיט גרויסע שערן און גענייט מיט נאָדלען אָן פֿאָדעם. ענדלעך האָבן זיי געזאָגט: „אַצינד זײַנען די קליידער פֿאַרטיק!"

דער קייסער, באַגלייט פֿון זײַנע אָנגעזעענע הויפֿלײַט, איז געקומען אָנטאָן זײַנע נײַע קליידער. ביידע שווינדלערס האָבן אויפֿגעהויבן אַן אָרעם אין דער לופֿטן און געזאָגט, „די הויזן! אָט איז דער ראָק! אָט

איז דער מאַנטל!" און אַזוי ווײַטער. „ס'איז אַזוי לײַכט ווי שפּינוועבס! מע קען מיינען, אַז מע טראָגט גאָרניט אויף זיך, אָבער דאָס איז די הויפּט־מעלה דערפֿון!"

„יאָ", האָבן אַלע הויפּלײַט געזאָגט, אָבער זיי האָבן גאָרניט געזען, ווײַל ס'איז דאָרטן גאָרניט געווען צו זען.

„וועט זײַן מאַיעסטעט, דער קייסער, אַזוי גוט זײַן און אויסטאָן זײַנע קליידער", האָבן די שווינדלערס געפֿרעגט, „כּדי מיר זאָלן אים קענען אָנטאָן די נײַע, אָט דאָ פֿאַרן גרויסן שפּיגל?"

דער קייסער האָט אויסגעטאָן זײַנע קליידער, און די שווינדלערס האָבן איין שטיק נאָכן אַנדערן אים אָנגעטאָן די נײַע קליידער, און ווי זיי וואָלטן אים פֿאַרצויגן אַ באַנד אַרום דער טאַליע – דאָס איז געווען די שלעפּ. און דער קייסער האָט זיך גוט אָנגעקוקט און זיך אומגעדרייט פֿאַרן שפּיגל.

„ווי גרויסאַרטיק עס קליידט! ווי שיין עס פּאַסט!" האָבן אַלע אײַנגעשטימט. „וואָסערע אוזערס! וואָסערע קאָלירן! וואָס פֿאַר אַ טײַערער קאָסטיום דאָס איז!"

„אין דרויסן שטייט די חופּה וועלכע וועט פֿירן זײַן מאַיעסטעט אין פּאַראַד", האָט דער פּאַראַד־מײַסטער געזאָגט.

„יאָ, איך בין גרייט", האָט געזאָגט דער קייסער. „ליגן ניט גוט די קליידער אויף מיר?" און האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, עס זאָל אויסזען ווי ער קוקט אויף זײַנע גרויסאַרטיקע זאַכן.

די קאַמערהערן, וועלכע האָבן געזאָלט טראָגן די שלעפּ, האָבן זיך אײַנגעבויגן און האָבן כּלומרשט אויפֿגעהויבן די שלעפּ, פֿון דר'ערד. זיי האָבן ניט געטאָרט לאָזן מערקן, אַז זיי האַלטן גאָרניט אין די הענט.

און אַזוי איז דער קייסער געגאַנגען אין פּאַראַד אונטער דער שיינער חופּה. און אַלע מענטשן אויף דער גאַס און אין די פֿענצטער

האָבן געזאָגט, „אַך, ווי אומפֿאַרטראָגלעך שיין זײַנען דעם קייסערס קליידער! וואָס פֿאַר אַ פּראַכטיקע שלעפּ דאָס איז! ווי זי ליגט אויף אים! ס'איז געבענטשטע אַרבעט!" קיינער האָט ניט געוואָלט, אַז מע זאָל באַמערקן, אַז ער זעט גאָרניט, ווײַל אַנדערש וואָלט ער דאָך ניט געפּאַסט פֿאַר זײַן אַרבעט, אָדער ער וואָלט אויסגעזען זייער נאַריש. ניט קיין איין אַנדער זאַך פֿון דעם קייסערס גאַנצן גאַרדעראָב האָט געהאַט אַזאַ הצלחה ווי די דאָזיקע קליידער.

„אָבער ער גייט דאָך גאָרניט אָנגעטאָן אויף זיך!" האָט אויסגערופֿן אַ קליין קינד. „פֿאָטער אין הימל, הער נאָר וואָס דאָס אומשולדיקע נפֿש זאָגט", האָט דער טאַטע געזאָגט. און איין מענטש האָט געשעפּטשעט צום אַנדערן: „ער גייט דאָך גאָרניט אָנגעטאָן אויף זיך!" „ער האָט דאָך טאַקע גאָרניט אָנגעטאָן אויף זיך!" האָט דער גאַנצער עולם באַלד אָנגעהויבן שרײַען.

דעם קייסער האָט עס אויפֿגערעגט, הגם ער האָט געוווּסט, אַז זיי זײַנען גערעכט. ער האָט, אָבער, געטראַכט, אַז דער פּאַראַד מוז אָנגיין, און ער האָט זיך געהאַלטן שטאָלצער ווי פֿריִער, און די קאַמערהערן האָבן נאָכגעטראָגן די שלעפּ, וואָס איז ניט געווען.

# 6

# די מאַרגעריטקע

איצט מעגט איר הערן! אַרויס אויפֿן פֿעלד, נאָענט צום וועג, איז געשטאַנען אַ שטיבל. געוויס האָט איר עס אַ מאָל באַמערקט. פֿון פֿאָרנט איז געווען אַ גערטנדל מיט בלומען און אַ צוים אַ באַמאָלטער. לעבן דעם גרובן, צווישן שיינע גרינע גרעזעלעך, איז געוואַקסן אַ מאַרגעריטקע. די זון האָט זי באַשײַנט און געוואַרעמט פּונקט אַזוי ווי די פּראַכטיקע בלומען אין גאָרטן. זי איז דעריבער פֿון שעה צו שעה שענער און שענער געוואָרן. איין פֿרימאָרגן איז זי געשטאַנען אין גאַנצן צעבליט מיט אירע קליינע, שנײַנענדיקע, ווײַסע קרוינבלעטלעך, וואָס האָבן געלויכטן ווי שטראַלן אַרום דעם געל־גאָלדענעם זינעלע אין מיטן. עס האָט זי ניט געאַרט וואָס קיינעם איז קיין מאָל ניט אײַנגעפֿאַלן זי צו באַמערקן דאָרט אין גראָז, אָדער דאָס וואָס מע האַלט זי פֿאַר אַן אָרעם, פֿאַראַכטלעך בלימל. ניין, זי איז פֿריילעך געווען. זי האָט זיך געווענדט מיטן פּנים צו דער זון, אין איר אַרײַנגעקוקט און זיך צוגעהערט צום געזאַנג פֿונעם טרילערל אין דער לופֿטן.

דאָס קליינע בלימל איז געווען אַזוי גוט אויפֿגעלייגט ווי אין אַ יום־טובֿדיקן טאָג, כאָטש עס איז גאָר געווען אַ פּראָסטער מאָנטיק. און בעת אַלע קינדער זײַנען געזעסן אין שול אויף די בענק און זיך געלערנט, איז די מאַרגעריטקע געזעסן אויף איר גרינעם שטעקל און האָט זיך געלערנט פֿון דער וואַרעמער זון און פֿון אַלץ אַרום איר ווי גוט דער אייבערשטער איז. דאָס בלימל איז געווען גליקלעך וואָס אַלץ

וואָס זי אַליין פּילט ווערט אַזוי שיין און זיס פֿון טרילערל באַזונגען.

די מאַרגעריטקע האָט געקוקט מיט גרויס פֿאַרערונג אויף דעם גליקלעכן פֿויגל וואָס קען אַזוי זינגען און פֿליִען. עס האָט איר, אָבער, ניט פֿאַרדראָסן וואָס זי אַליין קען דאָס ניט טאָן. איך קען הערן און זען, האָט זי געטראַכט. די זון שײַנט אויף מיר און דער וואַלד קושט מיך. אוי, ווי געבענטשט איך בין.

אינעווייניק אין דער פֿאַרצוימונג זײַנען געוואַקסן אַ סך שטײַפֿע און אָנגעזעענע בלומען. און טאַקע וואָס ווינציקער זיי האָבן געשמעקט, אַלץ מער זײַנען זיי בײַ זיך גרויס געוואָרן. די פּיוואָניעס האָבן זיך אָנגעבלאָזן איבערצושטײַגן די רויזן, אָבער גרויסקייט איז ניט אַלץ. די טולפּאַנען האָבן פֿאַרמאָגט אַזעלכע שיינע קאָלירן און האָבן עס געוווּסט, האָבן זיי זיך געהאַלטן הויך און גלײַך, כּדי מע זאָל זיי בעסער זען.

זיי האָבן זיך ניט אומגעקוקט אויף דער יונגער, קליינער מאַרגעריטקע פֿון דרויסן. זי, אָבער, האָט זיי יאָ געזען און צו זיך געטראַכט, אוי, ווי רײַך און שיין זיי זײַנען. געוויס קומט דער פּראַכטיקער פֿויגל צו פֿליִען זיי צו באַזוכן. איך בין צופֿרידן וואָס איך געפֿין זיך נאָענט צו זיי און קען כאָטש כאַפּן אַ קוק אויף זייער שיינקייט. און ווי זי האָט אַזוי געטראַכט: „קווי־קווי", איז דאָס טרילערל אַראָפּגעפֿלויגן. אָבער ניט צו די פּיוואָניעס און טולפּאַנען. ניין, גלײַך צו דער אָרעמער מאַרגעריטקע. די מאַרגעריטקע איז געוואָרן אַזוי צעטומלט פֿון פֿרייד, אַז זי האָט פּשוט ניט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט איר.

דער פֿויגל האָט אַרום איר געטאַנצט און געזונגען, „אוי, ווי ווייך איז דאָס גראָז. און זעט נאָר וואָסער ליבלעך בלימל דאָס איז, מיט אַ גאָלדן הערצל און מיט זילבער באַקליידט". דאָס געלע קעפּל פֿון דער מאַרגעריטקע האָט טאַקע אויסגעזען ווי גאָלד, און די בלעטלעך אַרום איר זײַנען שײַנענדיק ווײַס געווען.

קיינער קען עס גאָר ניט באַגרײַפֿן, ווי גליקלעך די מאַרגעריטקע האָט זיך געפֿילט. דער פֿויגל האָט זי אַ קוש געטאָן מיט זײַן שנעבעלע, און האָט פֿאַר איר געזונגען און איז צוריק אַרויפֿגעפֿלויגן אין דער בלאָער לופֿט. עס האָט געדויערט אַ פֿערטל שעה ביז די מאַרגעריטקע האָט געקענט צו זיך קומען. האַלב פֿאַרשעמט און דאָך מיט אינעווייניקסטער פֿרייד האָט זי אַריבערגעקוקט צו די בלומען אין גאָרטן. זיי האָבן געוויס געזען די פֿרייד און כּבֿוד וואָס זי האָט באַקומען. זיי האָבן געוויס פֿאַרשטאַנען דאָס גליק דערפֿון.

אָבער די טולפּאַנעס זײַנען געשטאַנען נאָך שטײַפֿער ווי פֿריִער, זייערע פּנימער זײַנען געוואָרן פֿאַרשפּיצט און רויט, ווײַל עס האָט זיי פֿאַרדראָסן. די פּיוואָניעס האָבן אין גאַנצן פֿאַרדרייט די קעפּ. עס איז נאָך גוט וואָס זיי קענען ניט רעדן, ווײַל די אָרעמע מאַרגעריטקע וואָלט פֿון זיי געכאַפּט אַ מפּלה. דאָס בלימל האָט גוט געקענט באַמערקן, אַז זיי האָבן אַ שווער געמיט, און דאָס האָט איר שטאַרק וויי געטאָן.

דערווײַל איז אַרײַנגעקומען אַ מיידל אין גאָרטן. זי האָט געטראָגן אַ גרויסן, שאַרפֿן שײַנענדיקן מעסער אין האַנט. זי איז אַרײַן גלײַך צווישן די טולפּאַנעס און האָט אָפּגעשניטן איינס נאָך ס'אַנדערע. „אוי", האָט די מאַרגעריטקע אָפּגעזיפֿצט, „דאָס איז שרעקלעך, איצט איז שוין אַ סוף צו זיי".

און דאָס מיידל איז מיט די טולפּאַנעס אַוועקגעגאַנגען. די מאַרגעריטקע איז געווען צופֿרידן וואָס זי געפֿינט זיך אין גראָז, און זי איז אַ קליין און אָרעם בלימל, און זי האָט זיך געפֿילט זייער דאַנקבאַר דערפֿאַר. ווען די זון איז פֿאַרגאַנגען האָט זי פֿאַרמאַכט אירע בלעטעלעך און איז געשלאָפֿן, און זי האָט געחלומט אַ גאַנצע נאַכט פֿון דער זון און פֿונעם פֿויגל.

צו מאָרגנס האָט דאָס בלימל אַ גליקלעכס ווידער אויסגעשטרעקט אירע ווײַסע בלעטעלעך, אַזוי ווי קליינע הענטעלעך, אין דער לופֿטן

צו דער ליכטיקייט. זי האָט דערקענט דעם פֿויגלס קול. עס האָט, אָבער, געקלונגען מיט צער און טרויער. יאָ, דער אָרעמער פֿויגל האָט, נעבעך, געהאַט פֿאַר וואָס טרויעריק צו זײַן. ער איז געווען אַ געפֿאַנגענער און איז געזעסן אין אַ שטײַג בײַם אָפֿענעם פֿענצטער. ער האָט געזונגען פֿון אַ פֿרײַען פֿליִען הין און צוריק. ער האָט געזונגען פֿון דער יונגער גרינער קוקורוזע אויפֿן פֿעלד און פֿון דער שיינער נסיעה וואָס ער וואָלט געווען געמאַכט מיט זײַנע פֿליגלען הויך אין דער לופֿטן. דער אָרעמער פֿויגל האָט ניט געהאַט קיין לײַכט געמיט. אַ געפֿאַנגענער איז ער געזעסן אין אַ שטײַג.

דאָס קליינע מאַרגעריטקעלע וואָלט אים גערן געהאָלפֿן, אָבער וואָס האָט זי געקענט דאָ טאָן? דאָס איז איר שווער געווען צו באַטראַכטן. עס האָט זי מער ניט פֿאַראינטערעסירט ווי שיין אַלץ אַרום איז, ווי וואַרעם די זון שײַנט און ווי פּראַכטיק אירע ווײַסע בלעטלעך זעען אויס. זי האָט נאָר געקענט טראַכטן פֿון דעם געפֿאַנגענעם פֿויגל און ווי זי האָט גאָרניט געקענט טאָן פֿאַר אים.

אין דער זעלביקער צײַט זײַנען צוויי קליינע ייִנגלעך אַרויס פֿון גאָרטן. איינער פֿון זיי האָט אין האַנט געהאַלטן אַ מעסער, גרויס און שאַרף ווי דער מיט וועלכן דאָס מיידל האָט אָפּגעשניטן די טולפּאַנען. זיי זײַנען געגאַנגען גלײַך צו דער קליינער מאַרגעריטקע, וואָס האָט פּשוט ניט פֿאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן.

„דאָ קענען מיר פֿאַר אונדזער טרילערל אויסשנײַדן אַ שטיק טאָרף מיט גראָז", האָט איינער פֿון די ייִנגלעך געזאָגט און ער האָט אָנגעהויבן אויסצושנײַדן אַ פֿירקאַנטיק שטיק ערד אַרום דער מאַרגעריטקע. דאָס בלימל איז דערווײַל געבליבן שטיין אין דער מיט צווישן די גרעזעלעך.

„רײַס דאָס בלימל אָפּ", האָט דאָס אַנדערע ייִנגל געזאָגט. די מאַרגעריטקע האָט געציטערט פֿון שרעק, ווײַל זי האָט גוט געוווּסט,

אַז ווען מע וועט זי אַרויסרײַסן וועט זי שטאַרבן, און גראָד איצט האָט זיך איר שטאַרק געגלוסט צו לעבן, כּדי מע זאָל איר מיט דעם שטיק ערד אַוועקנעמען אין שטײַג צו דעם געפֿאַנגענעם פֿויגל.

„לאָז זי זײַן", האָט דאָס אַנדערע ייִנגל געזאָגט. „זי זעט אויס אַזוי שיין". אַזוי איז דאָס בלימל אַרײַנגעקומען אין שטײַג צום טרילערל.

דער אָרעמער פֿויגל, אָבער, האָט שטאַרק געקלאָגט נאָך זײַן פֿאַרלוירענער פֿרײַהייט און געקלאַפּט מיט זײַנע פֿליגלען אין די אײַזערנע גראַטעס פֿון דער שטײַג. די קליינע מאַרגעריטקע האָט ניט געקענט רעדן. זי האָט אַפֿילו קיין איין טרייסטוואָרט ניט געקענט אים זאָגן. זי וואָלט עס גערן געטאָן, און אַזוי איז דער פֿרימאָרגן אַריבער.

„דאָ איז קיין וואַסער ניטאָ", האָט דאָס טרילערל זיך באַקלאָגט. „זיי אַלע זײַנען אַוועק און האָבן פֿאַרגעסן אַ טראָפּן וואַסער מיר איבערצולאָזן. דער האַלדז איז מיר טרוקן און ער ברענט מיר. איך פֿיל ווי איך האָב פֿײַער און אײַז אין זיך, און די לופֿט איז אַזוי שטיקעדיק. אוי, איך מוז שטאַרבן. איך מוז איבערלאָזן די וואַרעמע זון, די פֿרישע גרינקייט און דעם גאַנצן פּראַכט וואָס דער אייבערשטער האָט באַשאַפֿן".

דער פֿויגל האָט זיך מיט זײַן שנאָבל אײַנגעגראָבן אין דער קילער ערד זיך אַ ביסל צו דערפֿרישן, זײַנען זײַנע בליקן געפֿאַלן אויף דער מאַרגעריטקע. דער פֿויגל האָט רחמנות געהאַט אויף איר און איר געגעבן אַ קוש מיט זײַן שנעבעלע און געזאָגט, „דו מוזסט דאָ אויך פֿאַרוועלקט ווערן, דו אָרעם, קליין בלימל. דיך מיט דעם קליינעם שטיקל גראָז האָט מען מיר געגעבן, אַנשטאָט דער גאַנצער וועלט וואָס האָט געהערט צו מיר. יעדעס גרינע גרעזל איז דאָך מיר אַ גרינער בוים געווען. יעדעס בלעטל דײַנס – אַ שמעקעדיקע בלום. אַך, ווען איך קוק דיך אָן דערמאָן איך זיך ווי גרויס עס איז מײַן אָנווער".

ווען איך וואָלט אים נאָר געקענט מיט עפּעס טרייסטן, האָט די מאַרגעריטקע געטראַכט. זי האָט אַפֿילו קיין בלעטל ניט געקענט רירן. דאָך האָבן געשטראָמט ריחות פֿון די איידעלע בלעטלעך פֿיל שטאַרקער ווי די וואָס מע געפֿינט געוויינטלעך אין אַזאַ בלימל. דער פֿויגל האָט עס באַמערקט און דערפֿילט, אַז ער ווערט פֿאַרשמאַכט פֿון דאָרשט. און פֿון פּײַן האָט ער די גרינע גרעזלעך צעריסן. צו דעם בלימל, אָבער, האָט ער זיך ניט צוגערירט.

דער אָוונט איז געקומען און קיינער האָט דעם אָרעמען פֿויגל נאָך אַלץ קיין איין טראָפּן וואַסער ניט געבראַכט. האָט ער זײַנע שיינע פֿליגלען אויסגעשטרעקט און אין גסיסה־ווייען מיט זיי געפּאַטשט אין דער לופֿט. זײַן ליד האָט זיך געביטן אין אַ טרויעריקן „פּי־פּי־פּי". זײַן קעפּל האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז אַראָפּגעפֿאַלן אַנטקעגן דעם בלימל. דעם פֿויגלס הערצל האָט געפּלאַצט פֿון פֿאַרלאַנג און באַגער. האָט דאָס בלימל שוין מער ניט געקענט צומאַכן אירע בלעטלעך, ווי זי פֿלעגט עס טאָן איידער זי איז געגאַנגען שלאָפֿן. נאָר קראַנק און מאַט זײַנען זיי אַראָפּגעהאָנגען צו דער ערד.

דעם צווייטן פֿרימאָרגן, ווען די ייִנגלעך זײַנען געקומען, האָבן זיי דעם פֿויגל געפֿונען אַ טויטן. זיי האָבן געוויינט – פֿאַרגאָסן הייסע טרערן. דערנאָך האָבן זיי אויסגעגראָבן אַ שיין קבֿרל און עס אויסגעבעט מיט קרוינבלעטלעך. דעם טויטן פֿויגל האָבן זיי אַרײַנגעלייגט אין אַ שיין קעסטל און אים געגעבן אַ קיניגלעכע קבֿורה. דער אָרעמער פֿויגל, נעבעך – ווען ער האָט געלעבט און געזונגען האָט מען אים פֿאַרשפּאַרט אין אַ שטײַג און געלאָזט אויסגיין. איצט, אַז ער איז שוין טויט, שענקט מען אים אָנערקענונג מיט טרערן. אָבער דאָס שטיקל גראָזיקן טאָרף מיט דער מאַרגעריטקע האָט מען אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן שליאַך. קיינעם איז אַפֿילו ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס בלימל האָט אַזוי שטאַרק מיטגעפֿילט דעם פֿויגלס פּײַן און וואָלט אַזוי גערן געוועזן אים צו טרייסטן.

# 7

# די אויפֿגעשטעלטע צינענע סאָלדאַטן

עס זײַנען אַ מאָל געווען פֿינף און צוואַנציק צינענע סאָלדאַטן. זיי זײַנען אַלע געווען ברידער, ווײַל זיי זײַנען אַלע געמאַכט געוואָרן פֿון דעם זעלבן צינענעם לעפֿל. יעדערער האָט געהאַלטן זײַן ביקס גרייט אויפֿן אַקסל; די אויגן האָבן געקוקט גלײַך פֿאַר זיך און אָנגעטאָן זײַנען זיי אַלע געווען אין בלויע און ווײַסע, זייער שיינע, נעט גענייטע מונדירן. דאָס ערשטע וואָרט וואָס זיי האָבן געהערט אין זייער נײַע וועלט, ווען מע האָט זיי ערשט אַרויסגענומען פֿון קעסטל, איז געווען „צינענע סאָלדאַטן! צינענע סאָלדאַטן". דאָס האָט אויסגעשריגן אַ ייִנגל, וואָס האָט געפּאַטשט מיט די הענטעלעך. דאָס האָט ער באַקומען צו זײַן געבוירן־טאָג. ער האָט זיי באַלד אויסגעשטעלט אויפֿן טיש. יעדערער האָט אויסגעזען פּונקט ווי דער אַנדערער, חוץ איינער. ער איז געווען אַנדערש, ווײַל ער האָט נאָר געהאַט איין פֿוס. מע האָט אים אויסגעשמאָלצן צום לעצטן און עס איז ניט געווען גענוג צין אים צו געבן צוויי פֿיס. פֿונדעסטוועגן איז ער געשטאַנען אויף איין פֿוס אַזוי גוט ווי די אַנדערע אויף צוויי פֿיס; און גראָד ער איז געוואָרן באַרימט.

אויפֿן טיש, וווּ מ'האָט זיי אויסגעשטעלט, האָבן זיי געפֿונען נאָך שפּילכלעך, אָבער דאָס וואָס האָט זיך צום מערסטן געוואָרפֿן אין די אויגן איז געווען אַ חנעוודיקן פּאַפּירענעם שלאָס. מ'האָט געקענט אַרײַנקוקן דורך די פֿענצטערלעך גלײַך אין די צימערן. פֿון דרויסן

זײַנען געשטאַנען ביימעלעך אַרום אַ קליינעם שפּיגל, וואָס האָט געדאַרפֿט מיט זיך פֿאָרשטעלן אַן אָזערע. דער שפּיגל האָט אָפּגעשלאָגן די וועקסענע שוואַנען, וואָס האָבן אויף אים אַרומגעשוווּמען. דאָס איז אַלץ געווען פּראַכטיק, אָבער די שענסטע זאַך איז געווען אַ קליין מיידעלע, וואָס איז געשטאַנען אין דער אָפֿענער טיר פֿון שלאָס. זי איז אויך געווען אויסגעשניטן פֿון פּאַפּיר.

זי האָט געטראָגן אַ קלייד פֿון דער גרינסטע מערלע מיט אַ דעליקאַט בלוי בענדל איבער אירע אַקסלען ווי אַ שאַל, און אויף דער שאַל איז געווען אַ פֿליטערל אַזוי גרויס ווי איר גאַנץ פּנים.

דאָס קליינע מיידל האָט אויסגעשטרעקט בײדע אָרעמס, ווײַל זי איז געווען אַ טענצערין, און טאַנצנדיק האָט זי אַזוי הויך אויפֿגעהויבן אַ פֿיסל אין דער לופֿטן, אַז דער צינענער סאָלדאַט האָט אים ניט געקענט זען און האָט געמיינט, אַז זי האָט נאָר איין פֿוס אַזוי ווי ער.

זי וואָלט געווען דאָס ריכטיקע ווײַב פֿאַר מיר, האָט ער געטראַכט. זי איז אָבער צו געהויבן פֿאַר מיר. זי וווינט אין אַ פּאַלאַץ, און איך וווין נאָר אין אַ קעסטל, און מיר זײַנען פֿינף און צוואַנציק דאָרט. דאָס איז ניט קיין אָרט פֿאַר איר! פֿונדעסטוועגן וואָלט איך זיך געוואָלט מיט איר באַקענען. ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי גרויס ער איז געווען הינטער אַ פּושקע פֿון שמעקטאַבאַק, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש. פֿון דעם קוקווינקל האָט ער גוט געקענט זען די קליינע, פֿײַנע דאַמע, וואָס האָט זיך תּמיד גוט באַלאַנסירט אויף איין פֿוס.

שפּעט אין אָוונט זײַנען אַלע אַנדערע סאָלדאַטלעך אַרײַן אין קעסטל, און די מענטשן פֿון שטוב זײַנען אַוועק שלאָפֿן. אַצינד האָבן די שפּילכלעך אָנגעהויבן זיך צו שפּילן אין גיין צו גאַסט, אין פֿירן קריגן, אין האַלטן בעלער. די צינענע סאָלדאַטלעך האָבן זיך צעיושעט אין קעסטל, ווײַל זיי האָבן אויך געוואָלט פֿאַרברענגען מיט די אַנדערע, אָבער זיי האָבן ניט געקענט אַראָפּנעמען דאָס דעקל פֿונעם קעסטל.

דאָס קנאַקניסל האָט געמאַכט קאָזשלקעס און דער בלײַפֿעדער האָט געטינטלט אויפֿן טאָוול. ס'איז געווען אַזאַ גרויסער גערודער, אַז דער קאַנאַריק האָט זיך אויפֿגעוועקט און האָט מיטגעהאַלטן זינגענדיק אין גראַמען. נאָר דער צינענער סאָלדאַט און די טענצערין האָבן זיך ניט גערירט פֿון אָרט. זי איז אַלץ געשטאַנען אויף די שפּיץ פֿינגער אויף איין פֿוס, מיט די הענט צעשפּרייט. ער איז געשטאַנען אויף איין פֿוס ווי תּמיד און האָט אויף קיין איין רגע ניט אַראָפּגענומען זײַנע אויגן פֿון איר.

ווען דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף איז „פּוק!" דאָס דעקל פֿון דער טאַבאַק־פּושקע אַראָפּגעפֿלויגן. עס איז דאָרט קיין טאַבאַק ניט געווען. ניין! נאָר אַ קליין, שוואַרץ שרעטל, אַ קינצלערישס האָט אַרויסגעשפּרונגען אויף אַ ספּרונזשינע.

„צינענער סאָלדאַט, קוק ניט ווו מע דאַרף ניט!" האָט דאָס שרעטל געזאָגט.

דער צינענער סאָלדאַט האָט זיך אָבער געמאַכט ניט הערנדיק.

„נו, וואַרט זשע ביז מאָרגן", האָט דאָס שרעטל געזאָגט.

אין דער פֿרי, ווען די קינדער זײַנען אויפֿגעשטאַנען, האָבן זיי דעם צינענעם סאָלדאַט אַוועקגעשטעלט אויף דער פֿענצטערברעט. צי דאָס שרעטל האָט דאָס געטאָן צי אַ צוג האָט פּלוצלינג אויפֿגעעפֿנט דעם פֿענצטער איז ניט זיכער, אָבער זיכער איז, אַז דער סאָלדאַט איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון פֿענצטער אויפֿן דריטן גאָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ. דאָס אַראָפּפֿאַלן זײַנס איז געווען שרעקלעך. ער האָט געלאַנדעט אויף זײַן היטל און געבליבן אַזוי מיט זײַן פּיסל אין דער לופֿטן. זײַן באַגנעט איז אַרײַן צווישן די צוויי ברוקשטיינער.

דאָס דינסטמיידל און אַ קליין יינגל זײַנען תּיכּף אַרונטערגעלאָפֿן אים אָויפֿצוזוכן, און כאָטש זיי האָבן אויף אים שיִער ניט אַרויפֿגעטראָטן האָבן זיי אים ניט געקענט געפֿינען.

וואָלט דער צינענער סאָלדאַט זיך אָפּגערופֿן: „אָט דאָ בין איך!" וואָלטן זיי אים געוויס געפֿונען. ער האָט, אָבער, געמיינט, אַז סע פּאַסט ניט פֿאַר אַ סאָלדאַט אַזוי אויסצושרײַען ווען ער טראָגט זײַן מיליטערישן מונדיר.

דערווײַל האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. די טראָפּנס זײַנען געפֿאַלן גיכער און גיכער. ס'איז אַ שלאַקסרעגן. ווען עס האָט שוין אויפֿגעהערט צו רעגענען זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען צוויי גאַסן־ייִנגלעך, און איינער האָט געזאָגט, „אָט ליגט אַ צינענעם סאָלדאַט. מע דאַרף אים פֿירן אויף אַ שיפֿל!"

זיי האָבן געמאַכט אַ שיפֿל פֿון אַ צײַטונג און דאָרט אַרײַנגעזעצט דעם סאָלדאַט. ער איז אַרײַנגעשווימען גלײַך אין רינשטאָק אַרײַן. ביידע ייִנגלעך זײַנען געלאָפֿן בײַ דער זײַט פֿונעם שיפֿל און געפּאַטשט מיט די הענט. געוואַלד! וואָסערע גרויסע כוואַליעס עס האָבן זיך געוואָרפֿן אין רינשטאָק, און ווי גיך דער שטראָם האָט זיך געפֿליסט נאָכן גרויסן שטורעם. דאָס פּאַפּירענע שיפֿל האָט זיך געהוידעט אַרויף און אַראָפּ און זיך געדרייט אַהין און אַהער, אַ מאָל אַזוי גיך, אַז אַ סקרוך איז דורכגעגאַנגען דעם סאָלדאַטלס לײַב. ער איז, אָבער, געבליבן אויף זײַן אָרט און האָט אַפֿילו ניט געביטן זײַן מינע. ער האָט געקוקט גלײַך פֿאָרנט און געהאַלטן זײַן ביקס אויפֿן אַקסל די גאַנצע צײַט. פּלוצלינג איז דאָס שיפֿל אַרײַן אין אַ הילצערנעם טונעל. ס'איז דאָרטן געווען אַזוי פֿינצטער ווי אין קעסטל.

ווי גיי איך אַצינד? האָט ער צו זיך געטראַכט. נו מילא. אין דעם איז מסתּמא שולדיק דער שוואַרצער שרעטל! וואָלט כאָטש דאָס יונגע מיידל מיט מיר געזעסן אין שיפֿל, וואָלט מיך ניט געאַרט ווען עס איז צוויי מאָל אַזוי פֿינצטער!

מיט אַ מאָל האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער ווײַסער וואַסערשטשאָר וואָס האָט געוווינט אינעם הילצערנעם טונעל.

„האָסט אַ פֿאַספּאָרט?" האָט דער שטשאָר געפֿרעגט. „ווײַז מיר דײַן פּאַס". דער סאָלדאַט האָט געשוויגן און האָט נאָך פֿעסטער געהאַלטן זײַן ביקס. דאָס שיפֿל איז געשוווּמען ווײַטער און דער שטשאָר איז עס נאָכגעשווומען. „כראָמטש! ער האָט ניט באַצאָלט קיין פּראָמגעלט. ער האָט ניט געוויזן זײַן פּאַס!" האָט ער געשריגן דורך געקריצטע ציין צו די שטיקלעך האָלץ און שטרוי. „כאַפּט אים! כאַפּט אים!" דער שטראָם וואַסער איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. דער צינענער סאָלדאַט האָט שוין געקענט זען ווי עס טאָגט, ווו דער טונעל האָט זיך געענדיקט. דערנאָך האָט ער געהערט אַזאַ געפֿערלעך רוישן וואָס וואָלט אַפֿילו דאָס שטאַרקסטע האַרץ אויפֿגעציטערט. בײַם סוף פֿון טונעל איז דאָס וואַסער געוואָרן אַ וואַסערפֿאַל און האָט פֿון אַ גרויסן הויך אַרײַנגעשטראָמט אין אַ ברייטן קאַנאַל גאָר הינטן. פֿאַר אים איז דאָס געווען אַזאַ גרויסע סכּנה ווי עס וואָלט געווען ווען מיר פֿאַלן אַריבער אַ וואַסערפֿאַל.

ער איז שוין געווען צו נאָענט זיך אָפּצושטעלן, איז דאָס שיפֿל געשווומען ווײַטער מיט אַ גרעסערן און גרעסערן אימפּעט, און דער צינענער סאָלדאַט, נעבעך, האָט גאָרניט געקענט טאָן נאָר זיך האַלטן אַזוי שטײַף ווי ער האָט נאָר געקענט. קיינער וואָלט ניט געקענט זאָגן אויף אים, אַז ער האָט אַפֿילו געפּינטלט מיט אַן אויג. דאָס שיפֿל האָט זיך אַרומגעדרייט דרײַ־פֿיר מאָל און האָט זיך אָנגעפֿילט מיט וואַסער ביזן סאַמע ראַנד. ס'וועט זיכער זינקען. דאָס צינענע סאָלדאַטל איז שוין געשטאַנען אין וואַסער ביזן האַלדז, און דאָס שיפֿל איז געזונקען טיפֿער און טיפֿער. דאָס פּאַפּיר איז געוואָרן אין גאַנצן דורכגענעצט און דאָס וואַסער איז שוין געווען אַריבער דעם סאָלדאַטס קאָפּ. אין דער צײַט האָט ער געטראַכט פֿון דער קליינער, שיינער טענצערין, וואָס ער וועט שוין קיין מאָל ניט זען מער. אין זײַנע אויערן האָט געקלונגען דאָס לידל:

„ווײַטער, ווײַטער קריגס סאָלדאַט, מיטן טויט וועסטו באַצאָלן״.

דאָס פּאַפּירענע שיפֿל האָט זיך צעשוווּמען, און דער צינענער סאָלדאַט האָט געזונקען אין וואַסער און גלײַך אײַנגעשלונגען געוואָרן פֿון אַ גרויסן פֿיש. ווי פֿינצטער איז עס דאָרט געווען! נאָך פֿינצטערער ווי אינעם הילצערנעם טונעל און נאָך שמעלער, אָבער דער צינענער סאָלדאַט האָט זיך געהאַלטן שטאַרק. ער איז געלעגן אויסגעשטרעקט מיט דער ביקס די גאַנצע צײַט אויפֿן אַקסל.

דער פֿיש איז געשוווּמען הין און קריק, זיך ווונדערלעך באַוועגט, מוראדיק זיך צעצאַפּלט, ביז צום סוף איז ער זייער רויִק געוואָרן, און עס האָט אויסגעזען ווי אַ בליץ האָט אים דורכגעשלאָגן. ווען עס האָט שוין געטאָגט, האָט עמעצער אויסגעשריגן, „אַ צינענער סאָלדאַט!״ מ׳האָט דעם פֿיש געפֿאַנגען, געברענגט אויפֿן מאַרק און פֿאַרקויפֿט צו אַ קעכין, וואָס האָט אים אין קיך אויפֿגעשניטן מיט אַ לאַנגן מעסער. זי האָט דעם סאָלדאַט אָנגענומען בײַ דער טאַליע מיט צוויי פֿינגער און אים אַרײַנגעטראָגן אין זאַל אַרײַן און אים אַרויפֿגעשטעלט אויפֿן טיש, ווו יעדערער האָט אים געקענט אָנקוקן. אַלע זײַנען געווען נײַגעריק צו זען דעם ווונדערלעכן סאָלדאַט, וואָס איז אַרומגעפֿאָרן אינעם בויך פֿון אַ פֿיש. אָבער דער סאָלדאַט איז גאָר ניט געווען שטאָלץ דערמיט. מ׳האָט אים אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש און דאָרט – ווונדער איבער ווונדער, וואָס עס קען פֿאָרקומען אין דער וועלט – האָט דער צינענער סאָלדאַט זיך געפֿונען אינעם זעלבן צימער מיטן זעלבן פֿענצטער פֿון וואַנען ער איז פֿריִער אַרויסגעפֿאַלן. ער האָט געזען די זעלביקע קינדער און די זעלביקע שפּילכלעך זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען אויפֿן טיש. דאָרט איז אויך געווען דער שיינער שלאָס און די קליינע, חנעוודיקע טענצערין. זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף איין פֿוס און די אַנדערע האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן אין דער לופֿטן. זי האָט זיך געהאַלטן שטײַף. דאָס האָט דעם סאָלדאַט אַזוי באַרירט,

אַז ער האָט זיך שיִער ניט צעוויינט אין צינענע טרערן. ער האָט זיך, אָבער, אײַנגעהאַלטן. ער האָט זי אָנגעקוקט און זי האָט אים אָנגעקוקט אוןביידע האָבן געשוויגן.

מיט אַ מאָל האָט איינע פֿון די ייִנגלעך גענומען דעם צינענעם סאָלדאַט און אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין אויוון אַרײַן; אַזוי גאָר, אָן קיין שום סיבה, האָט אין דעם געמוזט זײַן שולדיק דאָס שרעטל פֿון דער שמעקטאַבאַק־פּושקע.

דאָס צינענע סאָלדאַטל האָט זיך גלײַך אָנגעכאַפּט. ס'איז אים געווען זייער הייס, אָבער ער האָט ניט געוווּסט צי ער ברענט אַזוי פֿון פֿײַער צי פֿון ליבע. ער האָט געקענט זען, אַז ער האָט פֿאַרלוירן די שיינע, בולטע פֿאַרבן פֿון זײַן מונדיר, אָבער ער האָט ניט געוווּסט צי דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פֿון זײַן נסיעה צי דער עפֿעקט פֿון זײַן גרויסן טרויער. דאָס איז שווער געווען צו זאָגן. ער האָט געקוקט אויף דער קליינער טענצערין, און די טענצערין האָט געקוקט אויף אים. ער האָט געפֿילט, אַז ער ווערט צעשמאָלצן, אָבער ווי לאַנג ער האָט נאָר געקענט האָט ער זיך געהאַלטן שטאַרק מיט דער ביקס אויפֿן אַקסל.

פּלוצלינג האָט זיך די טיר פֿון אויוון געעפֿנט און דער צוגווינט האָט אויפֿגעכאַפּט די קליינע טענצערין און זי איז ווי אַ סילפֿידע אַרײַנגעפֿלויגן אין אויוון אַרײַן, פּונקט צו דער זײַט פֿונעם סאָלדאַט, ווּ אין דער זעלביקער מינוט, זי האָט זיך אויך אָנגעצונדן און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. פֿונעם צינענעם סאָלדאַט איז געוואָרן נאָר אַ שטיק צין. אין דער פֿרי, ווען דאָס דינסטמיידל האָט אויסגערייניקט דאָס אַש פֿון אויוון האָט זי געפֿונען אַ צינען האַרץ. אָבער פֿון דער קליינער טענצערין איז נאָר פֿאַרבליבן דאָס פֿליטערל וואָס איז געווען שוואַרץ ווי קויל.

# 8

# דער פֿליִענדיקער קופֿערט



'איז אַ מאָל געווען אַ סוחר, וואָס איז געווען אַזוי רײַך, אַז ער האָט געקענט אויסברוקירן די גאַנצע גאַס און אויך אַ דערבײַיִק געסל מיט זילבערנע מטבעות. ער האָט עס, אָבער, ניט געטאָן. ער האָט געוווּסט אַנדערש ווי זײַן געלט צו ניצן. ווען ער האָט ערגעץ ווּ אויסגעגעבן אַ גראָשן האָט ער צוריק באַקומען אַ דאָלאַר. אָט אַזאַ סוחר איז ער געווען ביז ער איז געשטאָרבן.

דער זון זײַנער האָט באַקומען דאָס גאַנצע געלט, און ער האָט געלעבט אַ לעבן פֿון לוקסוס און איז אַלע נאַכט געגאַנגען אויף מאַסקאַראַד־בעלער. ער האָט געמאַכט פּאַפּירענע שיפֿלעך פֿון באַנקנאָטן און האָט זיי געלאָזן אויפֿן וואַסער אָנגעלייגט מיט גאָלדענע קערבלעך אַנשטאָט שטיינער, ביז עס איז אים גאָרניט ניט געבליבן. צום סוף האָט ער פֿאַרמאָגט ניט מער ווי פֿיר גראָשן, אַ פּאָר פּאַנטאָפֿל און אַן אַלטן שלאָפֿראָק. נו, האָבן זײַנע פֿרײַנד מער ניט געוואָלט האָבן מיט אים צו טאָן, ווײַל זיי האָבן זיך מיט אים געשעמט צו גיין אין גאַס. נאָר איינער פֿון זיי איז געווען אַ גוטער, האָט ער אים געשיקט אַן אַלטן קופֿערט מיט אַ צעטל: „פּאַק אײַן". נו, דאָס איז געווען זייער פֿײַן פֿון זײַן פֿרײַנד. ער האָט, אָבער, גאָרניט געהאַט וואָס אײַנצופּאַקן, האָט ער זיך אין קופֿערט אַליין אַרײַנגעזעצט.

דאָס איז געווען אַ מערקווערדיקער קופּערט. אין דער רגע וואָס מ'האָט נאָר אַ דריק געטאָן דעם שלאָס האָט ער גענומען פֿליִען. דאָס האָט ער טאַקע געטאָן. צו ערשט איז ער אַרויסגעפֿלויגן דורכן קוימען, דערנאָך הויך איבער די וואָלקנס ווײַטער און ווײַטער אַוועק. גאָר אָפּט פֿלעגט פֿלעגט דער דעק געבן אַ קראַך. ער פֿלעגט זיך שטאַרק דערשרעקן, אַז דער קופּערט זאָל זיך ניט צעפֿאַלן אויף שטיקער און ער זאָל ניט אַרויספֿאַלן. דאָס וואָלט טאַקע געווען עפּעס צו זען ווי ער מאַכט קאָזשלקעס אין דער לופֿטן. דערווײַל האָט ער געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַן אין דער לופֿטן, ביז ער איז אָנגעקומען קיין טערקײַ. דעם קופּערט האָט ער באַהאַלטן אין וואַלד אונטער פֿאַרוועלקטע בלעטער, און אַליין איז ער אַוועק אין שטאָט אַרײַן. דאָס איז אים גרינג אָנגעקומען, מחמת די טערקן גייען אָנגעטאָן אַזוי ווי ער, אין אַ שלאָפֿראָק און פּאַנטאָפֿל. אויפֿן וועג האָט ער באַגעגנט אַ נאָם וואָס פֿירט אַ קליין קינד. „הער נאָר, דו טערקישע נאָם", האָט ער זי געפֿרעגט, „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גרויסן פּאַלאַץ נאָענט בײַ דער שטאָט, וואָס די פֿענצטער זײַנען אַזוי הויך?"

„דאָרט וווינט דעם מלכס טאָכטער!" האָט זי געענטפֿערט, „מ'האָט איר נבֿיאות געזאָגט, אַז זי וועט צוליב אַ געליבטן אומגליקלעך ווערן. דעריבער טאָר קיינער צו איר ניט קומען, סײַדן דער מלך און די מלכּה".

„אַ דאַנק", האָט דעם סוחרס זון געזאָגט. ער איז אַוועק אין וואַלד און האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין קופּערט, איז אַרויפֿגעפֿלויגן אויפֿן דאַך און אַרײַנגעקראָכן דורך אַ פֿענצטער צו דער פּרינצעסין.

זי איז געלעגן אויף דער סאָפֿע און געשלאָפֿן. זי איז געווען אַזוי שיין, אַז דעם סוחרס זון האָט זי געמוזט אַ קוש טאָן. זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט איר, אָבער, געזאָגט, אַז ער איז דער טערקישער נבֿיא, וואָס איז פֿון דער לופֿטן צו איר אַראָפּגעקומען. דאָס איז איר געפֿעלן.

זיי זײַנען געזעסן איינער לעבן דעם אַנדערן און ער האָט איר דערציילט מעשׂיות. ער האָט אויסגעטראַכט אַ מעשׂה וועגן אירע אויגן. ער האָט איר דערציילט, אַז זיי זײַנען די פּראַכטיקסטע שוואַרצע וואַלדסטאַוון אין וועלכע אירע געדאַנקען שווימען אַרום ווי ים־מיידלעך, און ער האָט איר געזאָגט, אַז איר שטערן איז אַ באַרג שניי מיט פּראַכטיקע זאַלן און די ווענט פֿון די זאַלן זײַנען באַדעקט מיט בילדער. און ער האָט איר דערציילט פֿון בושלען, וואָס ברענגען די זיסע קליינע קינדער צו די מאַמעס.

זיי זײַנען טאַקע געווען שיינע מעשׂהלעך! נאָך אַ קורצער צײַט האָט ער זיך געשדכנט צו דער פּרינצעסין, און זי האָט גלײַך געזאָגט „יאָ!" „איר מוזט, אָבער, אַהער קומען שבת", האָט זי געזאָגט. „בעת דער קיניג און די קיניגין וועלן זײַן בײַ מיר אויף טיי. זיי וועלן זייער שטאָלץ זײַן מיט דעם וואָס איך באַקום דעם טערקישן נבֿיא. זעט, אָבער, איר זאָלט דערציילן זייער אַ שיין מעשׂהלע, ווײַל מײַנע עלטערן האָבן זייער ליב צו הערן מעשׂהלעך. מײַן מוטער געפֿעלן אזעלכע מיט אַ פֿאַרנעם און מיט אַ נימשל, און מײַן פֿאָטער האָט חשק צו אַזעלכע וואָס מאַכט אים לאַכן".

„יאָ, איך ברענג ניט קיין אַנדערע כּלה־מתּנות, נאָר אַ מעשׂהלע", האָט ער געזאָגט, און זיי האָבן זיך געזעגנט. די פּרינצעסין האָט, אָבער, אים געשאָנקען אַ שווערד, וואָס איז געווען באַזעצט מיט גילדערנע מטבעות, און דאָס, האָט ער געוווסט, וועט אים גוט צו ניץ קומען. איז ער אַוועקגעפֿלויגן. ער האָט זיך געקויפֿט אַ נײַעם שלאָפֿראָק, האָט זיך אַוועקגעזעצט אין וואַלד און אָנגעשריבן אַ מעשׂהלע. דאָס האָט געדאַרפֿט זײַן פֿאַרטיק אויף שבת, און דאָס איז גאָר ניט געווען אַזוי גרינג.

סוף־כּל־סוף האָט ער געענדיקט די מעשׂה. עס איז געקומען שבת.

דער קיניג און די קיניגין און דער גאַנצער הויף האָבן געוואַרט מיט טיי בײַ דער פּרינצעסין. מע האָט דעם סוחרס זון זייער פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען.

„וואָלט איר אונדז געוואָלט דערציילן אַ מעשׂהלע?" האָט געפֿרעגט די קיניגין. „אַזאַס וואָס איז טיפֿזיניק און באַלערנדיק".

„אָבער אַזאַס וואָס זאָל מאַכן צום לאַכן", האָט דער קיניג געזאָגט.

„יאָ, אַוודאי", האָט ער געענטפֿערט, און ער האָט דערציילט די מעשׂה. איר מוזט זיך צו איר גוט אײַנהערן.

ס'איז אַ מאָל געווען אַ פּעקל שוועבעלעך, וואָס איז געווען אויסערגעוויינטלעך שטאָלץ מיט דעם וואָס עס שטאַמט אָפּ פֿון הויכן יִחוס, אַזוי צו זאָגן. דער נאָדלבוים פֿון וועלכן יעדעס קליינע העלצל איז געקומען איז געווען אַ גרויסער, אַלטער בוים אין וואַלד. די שוועבעלעך זײַנען איצט געלעגן אויף אַ פּאָליצע צווישן אַ צינדקעסטל און אַן אַלטן אײַזערנעם קאָכטאָפּ, און פֿאַר זיי האָבן די שוועבעלעך דערציילט די געשיכטע פֿון זייער יוגנט.

„יאָ, ווען מיר זײַנען געווען אויף דעם גרינעם צווײַג", האָבן זיי אָנגעהויבן, „זײַנען מיר טאַקע געווען אַ טייל פֿונעם גרינעם צווײַג! יעדן פֿרימאָרגן האָבן מיר געטרונקען דימאַנטן־טוי, דאָס איז געווען דער טוי. גאַנצע טעג האָבן מיר געהאַט זונענשײַן, און פֿייגעלעך פֿלעגן אונדז דערציילן מעשׂהלעך. מיר האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז מיר זײַנען רײַך. די אַנדערע באַבלעטערטע ביימער זײַנען נאָר זומערצײַט באַקליידט, אָבער מיר האָבן גענוג מיטלען זיך צו קליידן אין גרינעם סײַ זומער, סײַ ווינטער. שלעכט איז אונדז געוואָרן ווען עס זײַנען געקומען די האָלצהעקער און אונדזער בוים איז געוואָרן צעשפּליטערט. דער שטאַם האָט געפֿונען פֿאַר זיך אַן אָרט ווי אַ מאַסטבוים אויף אַ שיינער שיף, וועלכע האָט געקענט זעגלען אַרום דער גאַנצער וועלט ווּ זי האָט נאָר געוואָלט. די אַנדערע צווײַגן

האָבן פֿאַרנומען אַנדערע ערטער. און אונדזער עבֿודה איז אָנצוצינדן ליכט פֿאַר דעם פּראָסטן עולם. דעריבער געפֿינען מיר זיך דאָ אין קיך".

„מײַן מזל איז אין גאַנצן אַנדערש געווען", האָט געזאָגט דאָס אײַזערנע טעפּל, בעת די שוועבעלעך זײַנען געלעגן לעבן אים. „זינט איך בין געקומען אויף דער וועלט האָט מען אין מיר געקאָכט און מיך געשײַערט אַ סך מאָל. מײַן זאָרגן זיך איז פֿאַר ממשותדיקע, סאָלידע זאַכן און איך בין דער וויכטיקסטער דאָ אין שטוב. מײַן איינציקע פֿרייד איז נאָכן עסן, צו שטיין ריין און ציכטיק אויף דער פּאָליצע און צו פֿירן אַ שׂכלדיקן שמועס מיט מײַנע חבֿרים. אַחוץ דעם וואַסער־עמער, וואָס מע נעמט אים אַ מאָל אַרויס אין גאָרטן, ווױנען מיר אַלע דאָ הינטער פֿאַרמאַכטע טירן. אונדזער איינציקער נײַעס־געבער דאָ איז דאָס מאַרקקיישל. עס רעדט, אָבער, צו עזותדיק וועגן דער רעגירונג און די מענטשן. עס איז טאַקע דאָ געווען אַן אַלטער טאָפּ, וואָס האָט זיך דערפֿון אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז אַראָפּגעפֿאַלן און האָט זיך צעבראָכן אויף שטיקער. דאָס קיישל איז אַ קאָנסערוואַטיוו און דער אַלטער טאָפּ אַ ליבעראַל".

„רעדסט צו פֿיל", איז אַרײַנגעפֿאַלן דאָס צינדקעסטל, און דער שטול האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דעם פֿײַערשטיין, אַז ס'האָבן אַזש געשפּריצט פֿונקען. „מיר וואָלטן אַצינד געדאַרפֿט האָבן אַ פֿריילעכן אָוונט".

„טאַקע, לאָמיר בעסער רעדן וועגן ווער ס'האָט אַ גרעסערן פֿאַרנעם", האָבן געזאָגט די שוועבעלעך.

„ניין, איך האָב ניט ליב צו רעדן פֿון זיך אַליין", האָט געזאָגט דער ליימענער קרוג. „לאָמיר מאַכן אַן אָוונט־אונטערהאַלטונג. איך וועל אָנהייבן. כ'וועל דערציילן עפּעס אַזוינס וואָס יעדער איינער האָט איבערגעלעבט. דאָ קען מען זיך פֿילן אָפּגעשפּאַנט און ס'איז דאָ זייער

באַקוועם בײַ דעם באַלטישן ים, בײַ די בוקעס פֿון דענמאַרק".

„אַזאַ שיינער אָנהייב. דאָס וועט זײַן אַ מעשׂהלע וואָס ס'וועט אונדז געפֿעלן", האָבן די טעלער געזאָגט.

„יאָ, כ'האָב פֿאַרבראַכט מײַן יוגנט בײַ אַ שטילער פֿאַמיליע. דאָס מעבל איז געווען געפּוצט, דער דיל געוועקסט, און יעדע פֿערצן טעג האָט מען פֿאַרצויגן נײַע פֿירהאַנגען".

„ווי אינטערעסאַנט איר דערציילט עס", האָבן די בעזעמער געזאָגט. „מע קען גלײַך הערן, אַז דאָס דערציילט אַ פֿרויענצימער. עס לויפֿט דורך עפּעס אַ ריינקייט".

„טאַקע, דאָס דערפֿילט מען גלײַך", האָט געזאָגט דער עמער און איז פֿון פֿרייד אַזש אונטערגעשפּרונגען און זיך חוזקדיק געדרייט אויפֿן דיל. דער טאָפּ האָט אויך דערציילט, און דער סוף איז געווען אַזוי גוט ווי דער אָנהייב.

אַלע טעלער האָבן זיך צעקלונגען פֿון פֿרייד, און דער בעזעם האָט אַרויסגעצויגן גרינע פּעטרישקע פֿון זאַמדגריבל און באַקראַנצט דעם טאָפּ, ווײַל ער האָט געוווּסט, אַז דאָס וועט ערגערן די אַנדערע און ער האָט געטראַכט: באַקראַנץ איך אים הײַנט, באַקראַנצט ער מיך מאָרגן.

„אַצינד וועל איך גיין טאַנצן", האָט געזאָגט דער פֿײַערצוואַנג, און ער האָט געטאַנצט. באַהיט זאָל מען ווערן ווי ער האָט פֿאַרהויבן אַ פֿוס אין דער לופֿטן! דער אַלטער שטול־איבערציִ דאָרט אין ווינקל האָט אַזש געפּלאַצט דאָס אָנצוקוקן! „וועל איך אויך ווערן באַקראַנצט?" האָט דער צוואַנג געפֿרעגט. און ער האָט עס באַקומען.

דאָס איז דאָך דער פּראָסטער עולם, האָבן געטראַכט די שוועבעלעך.

אַצינד האָט דער טשײַניק געדאַרפֿט זינגען. ער האָט זיך, אָבער, פֿאַרקילט, האָט ער געזאָגט, און ער קען ניט זינגען ווען ער קאָכט זיך ניט.

עס איז, אָבער, געווען פֿון הוילער פֿאַרריסנקייט. ער האָט ניט ליב צו זינגען, אַחוץ אויפֿן טיש פֿון זײַנע באַלעבאַטים.

אויפֿן פֿענצטער איז געשטאַנען אַן אַלטע פֿעדער מיט וועלכער דאָס דינסטמיידל פֿלעגט שרײַבן. ס'איז ניט געווען קיין אויסערגעוויינטלעכע פֿעדער, נאָר מע האָט זי צו טיף אײַנגעטונקען אין טינטער. אָבער מיט דעם האָט זי זיך איבערגענומען. „וויל דער טשײַניק ניט זינגען", האָט זי געזאָגט „איז ניט געפֿידלט. אין דרויסן הענגט אַ שטײַג מיט אַ נאַכטיגאַל. זי קען זינגען. זי האָט זיך, אמת, ניט צוגעגרייט. מיר וועלן, אָבער, הײַנטיקן אָוונט נעמען עס פֿאַר גוט".

„כ'געפֿין עס העכסט אומפּאַסיק", האָט געזאָגט דער טיי־קעסל. ער איז געווען דער אָפֿיציעלער זינגער אין קיך און דעם טשײַניקס אַ שוועסטערקינד. „אַז אַ ווילד פֿרעמדער פֿויגל זאָל קריגן דעם דאָזיקן כּבֿוד! איז דאָס פּאַטריאָטיש? זאָל דאָס מאַרקקיישל מישפּטן וועגן דעם!"

„עס ערגערט מיך נאָר!" האָט דאָס קיישל געזאָגט, „עס ערגערט מיך אַזוי טיף, אַז קיינער קען עס גאָר ניט באַנעמען! איז דאָס דער פּאַסיקער אופֿן ווי צו פֿאַרברענגען אין אָוונט? וואָלט עס ניט געווען ריכטיקער צו זיצן אין שטוב אויף אַן אָרט, יעדער איינער אויף זײַן פּלאַץ, און איך זאָל אָנפֿירן מיט דער גאַנצער שפּיל? דאָס וועט זײַן גאַנץ אַנדערש".

„גוט. נו, לאָמיר מאַכן אַ טומל", האָבן זיך אַלע צעשריגן. דערווײַל האָט זיך געעפֿנט די טיר. ס'איז געווען דאָס דינסטמיידל. אַלע זײַנען געבליבן שטיל. ס'האָט זיך פֿון קיינעם ניט געהערט קיין פּיפּס. ס'האָט זיך, אָבער, דאָ ניט געפֿונען קיין איין טאָפּ, וואָס זאָל ניט וויסן וואָס ער קען אויפֿטאָן און ווי אָנגעזען ער איז. יאָ, ווען איך וואָלט נאָר געוואָלט, האָט יעדערער געטראַכט, וואָלטן מיר טאַקע געהאַט אַ פֿריילעכן אָוונט.

דאָס דינסטמיידל האָט גענומען די שוועבעלעך און מיט זיי געמאַכט פֿײַער. אוי, האָבן זיי זיך צעשפּרייט און צעצונדן אין פֿלאַמען. אַצינד קען דאָך יעדערער זען, האָבן זיי געטראַכט, אַז מיר זײַנען די וויכטיקסטע. סאַראַ לויטערקייט, סאַראַ ליכטיקייט האָבן מיר, און אַזוי האָבן זיי זיך אויסגעברענט.

„דאָס איז געווען אַ שיינע מעשׂה", האָט געזאָגט די מלכּה. „איך פֿיל זיך ווי איך וואָלט אַליין געווען אין קיך מיט די שוועבעלעך. יאָ, אַצינד קענסטו חתונה האָבן מיט מײַן טאָכטער".

„יאָ, געוויס!" האָט דער מלך געזאָגט. „מאָנטיק קענסטו באַקומען אונדזער טאָכטער", ווײַל אַצינד האָבן זיי אים געדוצט, מחמת ער איז שוין געווען איינער פֿון דער משפּחה.

מ'האָט באַשטימט דעם טאָג פֿון דער חתונה, און אַ טאָג פֿריִער האָט מען באַלויכטן די שטאָט; קיכלעך און טייגלעך זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן. די גאַסניונגען זײַנען אומגעלאָפֿן, האָבן געפּײַפֿט אויף די פֿינגער און האָבן געשריגן „הוראַ!" ס'איז געווען אויסערגעוויינטלעך שיין.

איך מוז דאָך אויך עפּעס טאָן דערצו, האָט געטראַכט דעם סוחרס זון, האָט ער אײַנגעקויפֿט ראַקעטן, קנאַק־אַרבעס און פֿאַרשיידענע פֿײַער־געצײַגן. וואָס מע קען נאָר אויסטראַכטן! ער האָט דאָס אַלץ אַרײַנגעלייגט אין קופֿערט און איז געפֿלויגן אין דער לופֿטן. אוי, איז ער געגאַנגען! אוי, האָט ער געמאַכט אַ טומל!

אַלע טערקן זײַנען געשפּרונגען אין דער לופֿטן, אַזוי אַז זייערע פּאַנטאָפֿל האָבן דערלאַנגט צו די אויערן. אַזאַ לופֿטסצענע האָבן זיי קיין מאָל ניט געזען. אַצינד האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער טערקישער נבֿיא אַליין וואָס באַקומט די פּרינצעסין.

ווי נאָר דעם סוחרס זון איז צוריקגעקומען מיט זײַן קופֿערט אין וואַלד אַרײַן האָט ער זיך באַטראַכט: כ'וועל צוגיין אין שטאָט הערן ווי אַזוי ס'האָט אויסגענומען בײַם עולם. אַוודאי האָט ער דאָס געוואָלט וויסן.

וואָס דער עולם האָט געהאַט צו דערציילן! יעדער איינער אויף זײַן אופֿן האָט עס אַנדערש איבערגעגעבן. אָבער אַז ס'איז ווונדערלעך שיין געווען האָבן אַלע געהאַלטן.

„כ'האָב געזען דעם טערקישן נבֿיא אַליין", האָט איינער געזאָגט.

„ער האָט אויגן ווי שײַנענדיקע שטערן און אַ באָרד ווי שוימענדיק וואַסער!"

„ער איז געפֿלויגן אין אַ פֿײַער־מאַנטל", האָט געזאָגט דער צווייטער.

„די שענסטע מלאָכימלעך האָבן אַרויסגעקוקט פֿון די פֿאַלדן פֿון זײַנע קליידער".

ער האָט טאַקע דאָרט געהערט די שענסטע זאַכן. דעם צווייטן טאָג האָט ער געזאָלט חתונה האָבן.

אַצינד איז ער צוריקגעקומען אין וואַלד אַרײַנצוזעצן זיך אין קופֿערט. אָבער ווו איז ער געווען? דער קופֿערט איז פֿאַרברענט געוואָרן. אַ פֿונק פֿון זײַן פֿײַער־געצײַג וואָס איז איבערגעבליבן האָט זיך געהאַט אָנגעצונדן און פֿון קופֿערט איז פֿאַרבליבן אַ בערגל אַש. ער האָט מער ניט געקענט פֿליִען און מער ניט געקענט קומען צו דער חתונה.

די פּרינצעסין איז אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען אויפֿן דאַך און האָט געוואַרט אויף אים. זי וואַרט נאָך עד־היום, אָבער ער? ער וואַנדערט אַרום דער וועלט און דערציילט מעשׂהלעך. זיי זײַנען, אָבער, ניט אַזעלכע פֿריילעכע ווי ער האָט דערציילט פֿון די שוועבעלעך.

# 9

# בושלען


ויפֿן דאַך פֿונעם לעצטן הויז אין אַ קליין שטעטל האָט זיך געפֿונען אַ בושלנעסט. די מאַמע פֿון די בושלען איז געזעסן איבער אירע פֿיר קליינע קינדער בושעלעך, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּלעך מיט די קליינע שוואַרצע שנעבעלעך, ווײַל זייערע שנעבעלעך האָבן נאָך ניט באַוויזן רויט צו ווערן.

ניט ווײַט פֿון זיי, אויפֿן שפּיץ דאַך, איז געשטאַנען, גלײַך און שטײַף, דער פֿאָטער פֿון די בושלען. איין פֿוס האָט ער געהאַלטן אונטער זיך, עס זאָל ניט אויסזען ,אַז ער טוט גאָרניט. דאָס איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען אויסגעשניצט פֿון האָלץ, אַזוי שטיל און שטײַף איז ער געשטאַנען. עס מוז שטאַרק אָנגעזען זײַן, אַז מײַן ווײַב האָט אַ וועכטער בײַ איר נעסט, האָט ער צו זיך געטראַכט. קיינער ווייסט ניט, אַז איך בין איר מאַן. זיי קענען מיינען, אַז מע האָט מיך באַפֿוילן אַזוי צו שטיין. עס זעט דאָך אַזוי בכבֿודיק אויס. איז ער טאַקע אַזוי געשטאַנען אויף איין פֿוס.

אונטן אויף דער גאַס האָבן זיך געשפּילט אַ סך קינדער, און ווען זיי האָבן דערזען די בושלען האָט איינער, דער סאַמע העזהדיקער, זיך צעזונגען. באַלד האָבן אַלע מיטגעזונגען דאָס אַלטע לידל וועגן די בושלען. זיי האָבן עס געזונגען אַזוי ווי זיי האָבן עס געדענקט:

בושל, בושל, לאַנגע פֿיס.
איך קום צו דיר מיט אַ גרוס.
ס'האָט דײַן ווײַב געבוירן פֿיר
יונגע בושלען פֿאַר דיר.

איינעם וועט מען הענגען.
דעם צווייטן וועט מען שטעכן
דעם דריטן וועט מען ברענען.
דעם פֿערטן איבערברעכן.

„הער נאָר וואָס די ייִנגלעך זינגען", האָבן די יונגע בושעלעך געזאָגט. „זיי זאָגן, אַז מע וועט אונדז הענגען און ברענען!"

„זאָרגט זיך ניט וועגן דעם", האָט געזאָגט זייער מאַמע. „הערט זיך צו זיי ניט צו, וועט עס אײַך גאָר ניט שאַטן".

די קינדער, אָבער, האָבן געהאַלטן אין איין זינגען און אָנגעוויזן שפּאָטיש מיט די פֿינגער אויף די בושלען. נאָר איין ייִנגל, פּעטער האָט ער געהייסן, האָט געזאָגט, אַז מע טוט אָפּ אַ זינד ווען מע מאַכט שפּאַס פֿון אומשולדיקע באַשעפֿענישן. ער האָט פּשוט ניט געוואָלט מיטזינגען מיט זײַנע חבֿרים.

די מאַמע פֿון די בושלען האָט געטרייסט אירע יונגינקע: „מאַכט זיך ניט וויסנדיק", האָט זי געזאָגט. „זעט נאָר ווי אײַער פֿאָטער האַלט זיך רויִק, און ער שטייט נאָך דערצו אויף איין פֿוס".

„מיר האָבן אַזוי מורא", האָבן געזאָגט די בושעלעך און אַרײַנגעגראָבן זייערע קעפּלעך אין נעסט.

דעם צווייטן טאָג האָבן די קינדער זיך ווידער געשפּילט צוזאַמען, און ווען זיי האָבן דערזען די בושלען האָבן זיי נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן זייער לידל.

איינעם וועט מען הענגען.
דעם צווייטן וועט מען ברענען.

„וועט מען אונדז הענגען און ברענען?" האָבן די קליינע בושעלעך געפֿרעגט מיט שרעק.

„ניין, זיכער ניט", האָט זיי די מאַמע געטרייסט. „איר דאַרפֿט זיך בעסער לערנען פֿליִען. איך וועל אײַך אויסלערנען און דערנאָך וועלן מיר אַרויספֿליִען אויף דער לאַנקע זען וואָס ס'מאַכן אונדזערע פֿרעשלעך. זיי וועלן זיך נייגן צו אונדז אין וואַסער. זיי זײַנען אַזוי שיין. 'קוואַ־קוואַ', וועלן זיי אונדז זאָגן, און דערנאָך וועלן מיר זיי אויפֿעסן. מיר וועלן זייער הנאה האָבן".

„און וואָס ווײַטער?" האָבן די בושעלעך געפֿרעגט.

„דערנאָך וועלן זיך דאָ צונויפֿקומען אַלע בושלען אין גאַנצן לאַנד און זיך געניטן אין די האַרבסט־מאַנעווורעס, ווײַל מע מוז קענען גוט פֿליִען. דאָס איז זייער וויכטיק, ווײַל דער וואָס קען ניט גוט פֿליִען, אים דערשטעכט דער גענעראַל מיט זײַן שנאָבל. דעריבער זעט, איר זאָלט זיך גוט אויסלערנען די מאַנעווורעס".

„הייסט עס, אַז מע וועט אונדז טאַקע דערשטעכן ווי די ייִנגלעך זאָגן? הערט זיך צו, זיי זינגען שוין ווידער דאָס ליד".

„הערט מיך, ניט זיי", האָט די מאַמע בושל געזאָגט. „נאָך די גרויסע מאַנעווורעס וועלן מיר אַוועקפֿליִען אין אַ וואַרעם לאַנד, אַזוי ווײַט פֿון דאַנען. איבער בערג און וועלדער, קיין מצרים פֿליִען מיר. עס געפֿינען זיך דאָרט דרײַקאַנטיקע שטיינערנע הײַזער, וואָס טורעמען זיך הויך דורך די וואָלקנס. מע רופֿט זיי פּיראַמידן. זיי זײַנען אַ סך עלטער ווי אַ בושל קען זיך פֿאָרשטעלן. דאָרט געפֿינט זיך אויך אַ טײַך, וואָס פֿלייצט איבער אַזוי, אַז דאָס גאַנצע לאַנד ווערט אַ גרויסע בלאָטע. מע גייט אַרײַן אין דער בלאָטע און מ'עסט פֿרעשלעך".

„אָ!” האָבן די בושעלעך אויסגערופֿן. „דאָס איז דאָך ווונדערלעך! מע דאַרף גאָרניט טאָן, נאָר האַלטן אין איין עסן אַ גאַנצן טאָג, און בעת אונדז גייט עס דאָרט אַזוי גוט, איז דאָ אין לאַנד ניט צו געפֿינען קיין גרין בלעטל אויף אַ בוים. דאָ ווערט אַזוי קאַלט, אַז די וואָלקנס ווערן פֿאַרפֿרוירן און זיי פֿאַלן אַראָפּ אין קליינע ווײַסע שטיקלעך”. דאָס האָט זי דעם שניי געמיינט, אָבער זי האָט עס אויף קיין אַנדער אופֿן ניט געקענט דערקלערן.

„ווען די שלעכטע ייִנגלעך אויך פֿאַרפֿרוירן און צעבראָכן ווערן אויף שטיקלעך?” האָבן די יונגע בושעלעך געפֿרעגט.

„ניין. פֿאַרפֿרוירן און צעבראָכן ווערן אויף שטיקלעך ווערן זיי ניט. אָבער שיִער ניט אַזוי ווי – יאָ. זיי מוזן זיצן אין די פֿינצטערע שטיבער און ציטערן, בשעת איר קענט אַרומפֿליִען אינעם פֿרעמדן לאַנד ווו עס זײַנען פֿאַראַן בלומען און אַ וואַרעמע זון”.

אַ שטיקל צײַט איז אַריבער און די בושעלעך זײַנען שוין געווען גענוג גרויס, אַז זיי האָבן זיך געקענט אויפֿשטעלן אין נעסט און זיך אַרומקוקן. דער פֿאָטער בושל פֿלעגט קומען צו פֿליִען יעדן טאָג און ברענגען טײַערע פֿרעשלעך און שלענגלעך און פֿאַרשיידענע בושל־נאַשערײַען – וואָס ער האָט נאָר געפֿונען. אָ! איז געווען שיין ווען ער פֿלעגט פֿאַר זיי מאַכן קונצן. ער פֿלעגט צולייגן זײַן קאָפּ צום עק, קלאַפּן מיט דעם שנאָבל אַזוי ווי מיט אַ קאַלעקאָטקע. ער פֿלעגט זיי דערציילן מעשׂהלעך פֿון די פֿאַרשיידענע זומפּן, וואָס זיי וועלן אַ מאָל זען.

„קומט, איצט קענט איר זיך אויסלערנען פֿליִען”, האָט די מאַמע געזאָגט. און אַלע פֿיר בושעלעך זײַנען אַרויס אויפֿן שפּיץ דאַך. אוי, האָבן זיי געציטערט, און זיי האָבן קוים געהאַלטן די גלײַכוואָג צעשפּרייטנדיק די פֿליגלען. זיי זײַנען שיִער־שיִער ניט אַרונטערגעפֿאַלן!

„איצט פֿאַרקוקט זיך אויף מיר", האָט זייער מאַמע געזאָגט. „אָט אַזוי זאָלט איר האַלטן דעם קאָפּ! און אָט אַזוי זאָלט איר אויסשפּרייטן די פֿיסעלעך! איינס, צוויי! איינס, צוויי! דאָס וועט אײַך אַ סך אַרויסהעלפֿן אין דער וועלט".

די מאַמע איז אַ ביסל געפֿלויגן און די יונגינקע האָבן אויך געמאַכט אַן אומגעלומפּערטן שפּרונג. קראַך! אַ פֿאַל אַראָפּ. זייערע קערפּערלעך זײַנען נאָך צו שווער געווען.

„איך וויל ניט פֿליִען", האָט זיך געבעטן איין בושעלע און איז צוריק אַרײַנגעקראָכן אין נעסט. „מיך אַרט ניט, אַז איך וועל ניט קומען אין וואַרעמען לאַנד".

„ווילסטו דאָ פֿאַרפֿרירן ווערן אויף טויט ווען ס'וועט קומען דער ווינטער? זאָלן קומען די ייִנגלעך דיך הענגען, ברענען און בראָטן? אָט באַלד רוף איך זיי!"

„אָ, ניין!" האָט זיך געבעטן דאָס בושעלע און איז אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן דאַך גלײַך מיט די אַנדערע.

דעם דריטן טאָג האָבן זיי שוין אַ ביסל געקענט פֿליִען, האָבן זיי געמיינט, אַז זיי קענען שוין פֿליִען הויך און זיך האַלטן און ווײַלן אין דער לופֿטן. זיי האָבן געפּרוּווט, אָבער קנאַק אַראָפּ! און האָבן ווידער געמוזט צעפּאָכן די פֿליגלען. איצט זײַנען די קינדער ווידער געקומען אין גאַס און האָבן ווידער געזונגען זייער לידל: „בושל, בושל, לאַנגע פֿיס!"

„זאָלן מיר אַראָפּפֿליִען און זיי די אויגן אויספּיקן?" האָבן געפֿרעגט די בושעלעך.

„ניין", האָט די מאַמע געזאָגט. „לאָזט זיי געמאַך. הערט זיך בעסער צו צו מיר. דאָס איז וויכטיקער! איינס, צוויי, דרײַ, איצט פֿליִען העכער. איינס, צוויי, דרײַ, איצט לינקס אַרום דעם קוימען. זעט איר, דאָס איז געווען גאָר גוט. דער לעצטער פּאַטש מיט די פֿליגלען איז

געוועזן פּערפֿעקט. אויסגעצייכנט! מאָרגן קענט איר מיטפֿליִען מיט מיר צו די זומפּן. דאָרטן וועט איר טרעפֿן עטלעכע פֿײַנע משפּחות בושלען מיט זייערע קינדער. ווײַזט זיי, אַז מײַנע זײַנען עס די בעסטע אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרן. איר מוזט אַרומגיין שטאָלצערהייט. דאָס זעט אויס לײַטיש און עס מאַכט אַ רושם".

„און מיר וועלן גאָר ניט נעמען קיין נקמה אין די צעלאָזענע ייִנגלעך?" האָבן די יונגע בושלען געפֿרעגט.

„זאָלן זיי שרײַען וויפֿל זיי ווילן. מיר פֿליִען דאָך דורך די וואָלקנס אין לאַנד פֿון די פּיראַמידן, ווען זיי וועלן דאָ פֿרירן און אַפֿילו קיין איין גרין בלעטל צי זיסן עפּל ניט אָנזען".

„מיר ווילן נעמען נקמה", האָבן זיי געשושקעט איינער צום אַנדערן און ווידער געמאַכט געניטונגען.

פֿון אַלע קינדער וואָס פֿלעגן קומען אין גאַס זינגען די שפּאָטלידער איז דער ערגסטער פֿון זיי געווען אָט דער, וואָס פֿלעגט אַלע מאָל דער ערשטער אָנהייבן. ער איז געווען נאָך גאָר אַ קליינער, אין גאַנצן אַ זעקס יאָר אַלט. די בושלען האָבן געמיינט, אַז ער מוז געוויס זײַן הונדערט יאָר אַלט, ווײַל ער איז געווען אַ סך גרעסער ווי זייערע טאַטע־מאַמע. און ווי האָבן זיי געקענט וויסן ווי אַלט ס'איז אַ קינד צי ווי אַלט ס'איז אַ דערוואַקסערער מענטש? זייער גאַנצן כּעס האָבן זיי געוואָלט אויסלאָזן צו יענעם ייִנגל, וואָס האָט קיין מאָל ניט פֿאַרפֿעלט צו קומען, און דאָס האָט די בושעלעך שטאַרק פֿאַרדראָסן.

וואָס גרעסער די בושעלעך זײַנען געוואָרן, אַלץ ווינציקער האָבן זיי געוואָלט וועגן דעם רעדן. זיי האָבן זיך געהאַלטן בײַם אייגענעם: זיי ווילן נקמה! די מאַמע האָט זיי געמוזט צוזאָגן, אַז זיי וועלן נקמה האָבן אין אים, אָבער שפּעטער. זיי דאַרפֿן נאָר וואַרטן אויף דעם לעצטן טאָג איידער זיי וועלן אַוועקפֿליִען פֿון לאַנד.

„מיר מוזן צום ערשטנס זען ווי אַזוי איר וועט דורכמאַכן די גרויסע מאַנעווורעס. איבּ שלעכט, וועט דער גענעראַל שטופּן זײַן שנאָבל צו אײַך אין ברוסט אַרײַן. וועט עס הייסן, אַז די יינגלעך זײַנען געווען גערעכט. און דאָס פֿאַר דעם קלענסטן טעות. איצט לאָמיר זען!"

„אויו!" האָבּן די יונגע בושלעלעך געזאָגט, אָבער זיי האָבּן זיך אומזיסט געזאָרגט. זיי פֿלעגן זיך אויפֿהייבּן יעדן טאָג און פֿליִען אַזוי לײַכט און שיין, אַז עס איז געווען אַ פֿרייד צו זען.

ס'איז געקומען דער האַרבסט. אַלע בושלען האָבּן זיך אָנגעהויבּן צונויפֿצוקלײַבּן, כּדי אַוועקצופֿליִען אין דעם וואַרעמען לאַנד. באַלד קומט דער ווינטער. די מאַנעווורעס זײַנען פֿאָרגעקומען איבּער שטעט און וועלדער. איר האָט געדאַרפֿט זען ווי גוט זיי זײַנען געפֿלויגן. עס איז טאַקע געווען אַ גרויסע נסיעה. ווי פֿאָרויסגעזען, האָבּן די יונגע בושלעלעך געפֿלויגן אַזוי גוט, אַז זיי האָבּן באַקומען ווי אַ פּרעמיע אַ גוטע פֿאָרציע פֿרעשלעך. דאָס איז געווען די בעסטע פּרעמיע בײַ זיי, ווײַל פֿרעש און שלאַנגען קענען זיי עסן. און זיי האָבּן דאָס טאַקע געהאַט פֿאַרדינט.

„איצט קענען מיר שוין נעמען נקמה?" האָבּן זיי געפֿרעגט.

„יאָ, זיכער!" האָט די מאַמע בושל געזאָגט. „וואָס איך האָבּ צוגעטראַכט איז טאַקע די ריכטיקע זאַך. איך ווייס ווו דער טײַך געפֿינט זיך. דאָרט ליגן אַלע קליינע קינדער, ביז ס'קומט דער בושל און ברענגט זיי צו זייערע עלטערן. די קינדערלעך ליגן דאָרט און חלומען אַזעלכע שיינע חלומות, שענער ווי זיי וועלן ווען עס איז שפּעטער אַ מאָל חלומען. אַלע עלטערן זײַנען גערן צו האָבּן אַזאַ קינד, און אַלע קינדער ווילן האָבּן אַזאַ ברודערל צי אַ שוועסטערל. איצט וועלן מיר אַוועקפֿליִען צום טײַך און נעמען אַ קינד פֿאַר יעדן יינגל וואָס האָט ניט געזונגען דאָס מיאוסע לידל און האָט ניט חוזק געמאַכט פֿון די בושלען".

„אָבער דער וואָס האָט אָנגעהויבן צו זינגען, אָט דאָס מיאוסע, שלעכטע ייִנגל, וואָס וועלן מיר מיט אים טאָן?"

„דאָרט אין טײַך ליגט אַ טויט ייִנגל, וואָס האָט אַזוי פֿיל געחלומט, אַז ער איז געשטאָרבן. דאָס קינד וועלן מיר אים ברענגען. וועט ער זייער שטאַרק וויינען, ווײַל מ'האָט אים געגעבן אַ טויט ברודערל. אָבער דעם גוטן ייִנגל? איר האָט אים געוויס ניט פֿאַרגעסן! דער וואָס האָט געזאָגט, אַז מע טאָר ניט אָפּלאַכן פֿון אומשולדיקע באַשעפֿענישן, אים וועלן מיר ברענגען ביידע, אי אַ שוועסטערל אי אַ ברודערל, און אַזוי ווי ער הייסט פּעטער, זאָלן מיר זיך אַלע רופֿן בײַ זײַן נאָמען".

און אַזוי האָט מען געטאָן – ווי זי האָט געזאָגט. אַלע בושלען האָבן זיך גערופֿן פּעטער, און אַזוי הייסן זיי ביזן הײַנטיקן טאָג.

# 10

# אַ רויז פֿון האָמערס קבֿר


ין אַלע אָריענטאַלישע לידער קלינגט דער נאַכטיגאַלס ליבע צו רויזן. אין די שטילע אויסגעשטערנטע נעכט ברענגען די נאַכטיגאַלן באַפֿליגלטע געזאַנגען דער דופֿטיקער רויז.

ניט ווײַט פֿון סמירנאַ, הינטער די הויכע סאָסנעס, ווו סוחרים טרײַבן זייערע באַלאָדענע קעמלען, וואָס הייבן שטאָלץ אויף זייערע לאַנגע העלדזער און טרעטן מיט שווערע טריט אויף ערד וואָס איז הייליק, דאָרט האָב איך געזען אַ בלי׳ענדיקן רויזנקוסט. ווילדע טויבן זײַנען געפֿלויגן צווישן די צווײַגן פֿון די הויכעביימער, און די טויבנס פֿליגלען האָבן ווי פּערל־מוטער געשײַנט ווען אַ זונענשטראַל האָט זיי געגלעט.

אויף אָט דעם רויזנקוסט האָט געבליט איין רויז וואָס איז געווען די שענסטע פֿון אַלע אַנדערע, און פֿאַר אָט דער רויז האָט די נאַכטיגאַל אויסגעזונגען אַלע אירע ליידן. אָבער די רויז איז געבליבן אָן קיין שום מיטגעפֿיל. זי האָט אַפֿילו קיין איין טרער פֿון רחמנות ניט אַרויסגעלאָזט אויף אירע בלעטער. נאָך אַ צײַט האָט זי זיך אײַנגעבויגן איבער אַ קופּע שטיינער.

„דאָ רוט דער גרעסטער זינגער פֿון דער וועלט”, האָט די רויז געזאָגט, „נאָר איבער זײַן קבֿר וועל איך דופֿטן; אויף אים וועל איך פֿאַרשפּרייטן מײַנע בלעטלעך ווען דער שטורעמווינט וועט זיי אָפּרײַסן! דער דיכטער פֿון דער איליאַדע איז געוואָרן ערד, און פֿון

דער דאָזיקער ערד שפּראָץ איך אַרויס. איך, אַ רויז פֿון האָמערס קבֿר, בין צו הייליק צו בלײַען פֿאַר אַ בידנער נאַכטיגאַל".

און די נאַכטיגאַל האָט געזונגען ביז זי איז אויסגעגאַנגען.

אַ קעמל־טרײַבער איז אָנגעקומען מיט באַלאָדענע קעמלען און שוואַרצע שקלאַפֿן. זײַן קליינער זון האָט געפֿונען די טויטע נאַכטיגאַל און האָט זי באַגראָבן אין האָמערס קבֿר, בעת די רויז האָט געציטערט אין ווינט.

דער אָונט איז צוגעפֿאַלן, און די רויז האָט זיך פֿאַרמאַכט און געחלומט. אָט וואָס עס האָט זיך איר געחלומט: ס'איז געווען אַ שיינער, זוניקער טאָג. אַן עולם פֿרעמדע מענטשן זײַנען אָנגעקומען. זיי האָבן געמאַכט אַ פּילגרים־נסיעה צו האָמערס קבֿר. צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען אַ זינגער פֿון די צפֿון־לענדער, פֿון דער פֿאַרכמאַרעטער היים ווו עס באַווײַזט זיך דאָס שיינע צפֿון־ליכט אין די אָונט־הימלען. ער האָט אָפּגעריסן די בלום און זי שטאַרק אײַנגעדריקט אין אַ בוך און די אַזוי אַוועקגעפֿירט אין אַן אַנדער טייל וועלט, אַהין אין זײַן ווײַטן פֿאָטערלאַנד. די רויז האָט געוועלקט פֿון צער צווישן די בלעטער פֿון שמאָלן בוך. דער זינגער האָט געעפֿנט דאָס בוך אין זײַן היים און געזאָגט: „אָט איז אַ רויז פֿון האָמערס קבֿר".

אָט אַזוי האָט דאָס בלימל בלויז געחלומט. ווען זי האָט זיך אויפֿגעוועקט האָט זי געציטערט אין ווינט! אַ טוי־טראָפּן איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַ בלעטל אויפֿן דיכטערס קבֿר. די זון איז אויפֿגעגאַנגען, און די רויז האָט זיך צערייטלט נאָך שענער ווי פֿריִער. דער טאָג איז געוואָרן הייס. זי איז נאָך געווען אין דער וואַרעמער אַזיע. באַלד, אָבער, האָבן זיך פֿוסטריט געלאָזט הערן. די פֿרעמדע פֿראַנקען זײַנען געקומען אַזוי ווי די רויז האָט זיי געהאַט פֿאָרויסגעזען אין חלום. און צווישן די פֿרעמדע איז טאַקע געווען אַ זינגער פֿון אַ צפֿונדיק לאַנד. ער האָט אָפּגעריסן די רויז, זי געקושט מיט זײַנע

פֿרישע ליפּן און זי מיטגעפֿירט מיט זיך אין זײַן פֿאַרכמאַרעטער היים, דאָרט ווו דאָס שיינע צפֿון־ליכט שײַנט.

ווי אַ מומיע רוט אַצינד דאָס בלימל אין זײַן איליאַדע, און ווי אין איר חלום הערט זי אים זאָגן ווען ער עפֿנט אויף דאָס בוך, „דאָ איז אַ רויז פֿון האָמערס קבֿר".

# 11

# די רעטשקע

ווען מע גייט אַ מאָל נאָך אַ דונער פֿאַרבײַ אַ פֿעלד ווו ס׳וואַקסט רעטשקע, באַמערקט מען, אַז זי זעט אויס אין גאַנצן אָפּגעברענט, ווי פֿון אַ פֿײַער. דער פויער זאָגט, „דער בליץ האָט זי געכאַפּט״. אָבער וואָס האָט דאָרט באמת געטראָפֿן?

כ׳וועל אײַך דערציילן דאָס וואָס דער גרויער שפּאַרבער האָט מיר דערציילט, און דער שפּאַרבער האָט עס געהערט פֿון דער אַלטער ווערבע, וועלכע איז געשטאַנען בײַם רעטשקעפֿעלד און שטייט נאָך אַלץ דאָרט ביזן הײַנטיקן טאָג. זי איז אַ בכּבֿודיקע, גרויסע ווערבע, נאָר אַלט און פֿאַרקריפּלט, זי איז צעשפּאָלטן אין דער מיט. גראָז און ווילדע יאַגדעס וואַקסן אין איר שפּאַלט.

די ווערבע שטייט אײַנגעבויגן און אירע צווײַגן הענגען אַראָפּ ביז צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן געווען לאַנגע, גרינע האָר.

אויף אַלע פֿעלדער אַרום און אַרום וואַקסן תּבֿואות: קאָרן, ווייץ און האָבער, טאַקע דער שיינער האָבער, וואָס ווען ער איז צײַטיק זעט ער אויס ווי אַ פּאָלק קליינע, געלע קאַנאַריקלעך וואָס זיצן אויף אַ צווײַג. דער קאָרן איז געווען זייער געראָטן. און וואָס שווערער ער איז געוואָרן, אַלץ נידעריקער און עניוותדיקער האָט ער געבויגן זײַן קאָפּ.

ס׳איז דאָרט אויך געווען אַ פֿעלד מיט רעטשקע, און אָט דאָס דאָזיקע פֿעלד האָט זיך געפֿונען גלײַך אַנטקעגן דער ווערבע. די רעטשקע האָט זיך ניט געבויגן אַזוי ווי די אַנדערע תּבֿואות. זי איז געשטאַנען עקשנותדיק, שטאָלץ און שטײַף.

„כ'בין אַזוי רײַך ווי דער קאָרן", האָט זי געזאָגט. כ'בין אויך אַ סך שענער. מײַנע בלימלעך זײַנען אַזוי פּראַכטיק ווי עפּלקווייטן. ס'איז אַ פֿרייד אַ קוק צו טאָן אויף מיר און די מײַניקע. האָסטו ווען עס איז שענערס ווי מיר געזען, דו אַלטע ווערבע?"

און די ווערבע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי זי וואָלט געזאָגט, „יאָ, ס'איז טאַקע ריכטיק".

די רעטשקע, אָבער, האָט פֿאַרריסן דעם קאָפּ און געזאָגט, „די נאַרישע ווערבע, זי איז אַזוי אַלט, אַז גראָז וואַקסט איר שוין פֿון בויך אַרויס".

פּלוצלינג האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם; אַלע פֿעלדבלומען האָבן זיך פֿאַרמאַכט און אײַנגעבויגן זייערע צאַרטע קעפּלעך בעת דער שטורעם האָט איבער זיי געבושעוועט. די רעטשקע איז, אָבער, געבליבן שטאָלץ און שטײַף.

„בייג אַראָפּ דײַן קאָפּ אַזוי ווי מיר טוען", האָבן די בלומען געזאָגט.

„איך דאַרף דאָס ניט טאָן", האָט די רעטשקע געענטפֿערט.

„בייג אַראָפּ דײַן קאָפּ אַזוי ווי מיר", האָבן אַלע תּבֿאות געשריגן. „דער מלאך פֿון שטורעם קומט צו פֿליִען. ער האָט פֿליגל וואָס גרייכן פֿון די וואָלקנס ביז צו דער ערד. ער וועט דיך שלאָגן איידער דו פּועלסט בײַ אים רחמנות".

„אָבער איך וויל זיך ניט בייגן", האָט די רעטשקע געזאָגט.

„פֿאַרמאַך דײַנע בלימלעך און פֿאַלד אײַן דײַנע בלעטער", האָט די אַלטע ווערבע געזאָגט. „קוק ניט אַרויף צום בליץ ווען די וואָלקנס שפּאַלטן זיך. אַפֿילו מענטשן דערוועגן זיך עס ניט צו טאָן, מחמת מיטן בליץ קען מען זען דעם אייבערשטנס הימל, און דאָס אַליין קען מענטשן בלינד מאַכן. און מיר געוויקסן וואָס זײַנען מיט אַזוי פֿיל ווייניקער ווערט, וואָס וועט שוין אונדז טרעפֿן?"

„אַ סך ווייניקער, דו אַלטער נאַר!" האָט געחוזקט די רעטשקע. „וויל איך טאַקע איצט אַרײַנקוקן דאָרט אין הימל אַרײַן". און מיט שטאָלץ און הויכמוטיקייט האָט זי טאַקע אַזוי געטאָן.

ס'האָט אויסגעזען ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אָנגעצונדן אין פֿײַער, אַזוי שטאַרק האָט געבליצט.

ווען דער שטורעם איז אַריבער האָבן די בלומען און די תּבֿואות זיך אויפֿגעהויבן אין דער ריינער און שטילער לופֿט, דערפֿרישט פֿון רעגן. די רעטשקע איז, אָבער, פֿאַרברענט געוואָרן. שוואַרץ ווי קויל איז זי געוועזן פֿונעם בליץ און איז פֿאַרבליבן ליגן טויט און אומניצלעך.

און די אַלטע ווערבע האָט באַוועגט אירע צווײַגן אין ווינט און גרויסע טראָפּנס וואַסער זײַנען געפֿאַלן פֿון אירע גרינע בלעטער, אַזוי ווי זי וואָלט געוויינט.

„וואָס ווײנסטו?" האָט דער שפּאַרבער געפֿרעגט. „דאָ איז דאָך אַזאַ געבענטשט אָרט. זע נאָר ווי די זון שײַנט, ווי די וואָלקנס שוועבן. שפּירסטו ניט די ריחות פֿון די בלומען און קוסטן? טאָ פֿאַר וואָס וויינסטו, דו אַלטע ווערבע?"

און די ווערבע האָט דערציילט פֿון דעם שטאָלץ און הויכמוטיקייט פֿון דער רעטשקע און דער שטראָף וואָס זי האָט באַקומען.

איך, וואָס דערצייל די מעשׂה, האָב זי געהערט פֿון דעם שפּאַרבער. ער האָט זי מיר דערציילט דעם אָוונט ווען איך האָב בײַ אים געבעטן אַ מעשׂהלע.

# 12

# אָלע־לוקאָיע



ין דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ קיינער וואָס ווייסט אַזוי פֿיל מעשׂיות ווי אָלע־לוקאָיע. און ער קען זיי טאַקע גוט דערציילן אויך!

אָלע־לוקאָיע קומט אַרײַן ווען עס פֿאַלט צו דער אָוונט און די קינדער זיצן נאָך אַרום טיש אָדער אויף זייערע בענקלעך. ער גייט זייער שטיל אַרויף די טרעפּ, ווײַל ער גייט אין זאָקן. ער עפֿנט לײַכט די טיר און פֿפּו! ער שפּריצט אַרײַן אַ קליין ביסל זיסע מילך אַזוי זיס און פֿײַן אין די קינדערשע אייגלעך, אַז מע קען עס קוים באַמערקן, אָבער גענוג, אַז די קינדער זאָלן ניט קענען האַלטן די אייגלעך אָפֿן. כּדי מע זאָל אים ניט זען באַהאַלט ער זיך הינטער זיי און בלאָזט אויף זייערע נאַקנס, אַזוי אַז זייערע קעפּלעך ווערן שווער. ער טוט זיי ניט קיין שלעכטס, חלילה, ווײַל אָלע־לוקאָיע מיינט נאָר גוטס די קינדערס וועגן. ער וויל נאָר, אַז זיי זאָלן זײַן רויִק און שטיל ווען זיי לייגן זיך אין בעט אַרײַן. דעמאָלט קען ער זיי דערציילן מעשׂהלעך.

ווען די קינדער שלאָפֿן שוין, זעצט זיך אָלע־לוקאָיע אויף זייערע בעטלעך. ער גייט שיין אָנגעטאָן. זײַן מאַנטל איז פֿון זײַדנס. מע קען, אָבער, ניט זען פֿון וואָס פֿאַר אַ קאָליר ער איז. ער שימערירט גרין, רויט און בלוי בײַ יעדן ריר און קער זײַנעם. אונטער יעדן אָרעם האַלט ער אַ שירעם. איינער האָט אויסגעמאָלטע בילדער אויף זיך. דעם דאָזיקן עפֿנט ער איבער די גוטע קינדער, אַזוי אַז עס חלומט זיך

זיי דורך דער גאַנצער נאַכט די שענסטע מעשׂהלעך. דער אַנדערער האָט גאָרניט אויף זיך. דעם שירעם עפֿנט ער איבער די אומרויִקע קינדער. דעריבער שלאָפֿן זיי שווער ביז אין דער פֿרי, אין גאַנצן אָן חלומות.

אַצינד וועלן מיר הערן ווי אַזוי אָלע־לוקאָיע איז יעדער אָוונט אַ גאַנצע וואָך געקומען צו אַ קליין ייִנגל, וואָס הייסט היאַלמאַר, און וואָס ער האָט אים דערציילט! דאָ זײַנען זיבן מעשׂיות, ווײַל עס זײַנען דאָ זיבן טעג אין דער וואָך.

## מאָנטיק

„אַצינד הער זיך אײַן", האָט אָלע־לוקאָיע געזאָגט ווען היאַלמאַר איז שוין געלעגן אין זײַן בעטל. „אַצינד וועל איך אויסמאָלן אַזוי, אַז אַלע בלומען אין די בלומענטעפּ וועלן ווערן גרויסעביימער וועלכע שטרעקן אויס זייערע לאַנגע צווײַגן, ציִען זיך אויף די ווענט און גרייכן צו דער סטעליע, ביז די גאַנצע שטוב וועט אויסזען ווי אַן אָראַנזשעריע". אַלע צווײַגן זײַנען געווען געדיכט מיט בלומען, און די בלומען זײַנען געווען שענער ווי רויזן און האָבן געהאַט אַזאַ געשמאַקן ריח, אַז ווען מ'האָט זיי געגעסן האָבן זיי געהאָט דעם טעם פֿון זיסן אײַנגעמאַכטס. עס זײַנען אויך געווען פּרות אויף ביימער און זיי האָבן געשטראַלט ווי גאָלד. און קיכלעך זײַנען אויך געוואַקסן אויף די צווײַגן, און די קיכלעך האָבן שיִער ניט געפּלאַצט פֿון די אַלע ראָזשינקעס וואָס זײַנען אין זיי געווען. ס'איז געווען וווּנדערלעך! אָבער פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ ביטערער קלאַנג פֿונעם טישקעסטל, ווו היאַלמאַרס לערנביכער זײַנען געלעגן.

„וואָס איז איצטער?" האָט געזאָגט אָלע־לוקאָיע. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש און אויפֿגעעפֿנט דעם שופֿלאָד. דאָס איז געווען דער טאָוול וואָס האָט זיך געוואָרפֿן און געקרעכצט, מחמת ס'איז געווען אַ טעות אין דער רעכענונג אויף אים און ער איז געווען גרייט צו פּלאַצן אויף

שטיקער. דער בלײַער וואָס איז צום טאָוול געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריקל האָט געהאָפּקעט און געשפּרונגען איבער זײַן שנירל אַזוי ווי אַ הינטל וואָס פּרוּווט צוזאַמענרעכענען די נומערן און האָט עס, אָבער, ניט געקענט טאָן.

אויך היאַלמאַרס העפֿט האָט אינעווייניק זיך צעיאָמערט. ס'איז געווען אַ שרעק צו הערן, אויף יעדער בלאַט אין דער לענג זײַנען געשטאַנען שיין אויסגעשטעלט אַלע גרויסע אותיות און אויפֿן זעלבן בלאַט זײַנען געשטאַנען די קליינע אותיות. אַ גאַנצע ריי ווײַטער זײַנען געווען אָנגעשריבן וואָס זיי האָבן געמיינט, אַז זיי זעען אויס אַזוי ווי יענע, ווײַל היאַלמאַר האָט זיי אָנגעשריבן. זיי האָבן, אָבער, אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דער גלײַכער ליניע, אויף וועלכער זיי האָבן געדאַרפֿט שטיין גלײַך.

„זעט איר? אָט אַזוי דאַרפֿט איר זיך האַלטן", האָבן געזאָגט די שיינע געדרוקטע אותיות. „אָט אַזוי, אויף אַ זײַט מיט אַ פֿרישן שוווּנג".

„מיר וואָלטן עס גערן געטאָן", האָבן געזאָגט היאַלמאַרס אותיות. „מיר קענען עס, אָבער, ניט. מיר זײַנען אַזוי הילפֿלאָז!"

„דעריבער דאַרף מען אײַך אײַנגעבן פּישטראָן", האָט אָלע־לוקאָיע געזאָגט.

„אוי, ניין", האָבן זיי אויסגעשריגן, און זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אַלע גלײַך, אַ מחיה צו זען.

„אַצינד קענען מיר ניט דערציילן קיין מעשׂהלעך", האָט אָלע־לוקאָיע געזאָגט. „אַצינד וועל איך מיט זיי אײַנחזרן איינס, צוויי! איינס, צוויי!" און ער האָט געלערנט די אותיות, ביז זיי זײַנען געשטאַנען פֿריש און געזונט, גאָר ווי די געדרוקטע אותיות אַליין. ווי נאָר אָלע־לוקאָיע איז, אָבער, אַוועק און היאַלמאַר האָט אין דער פֿרי אַ קוק געטאָן אויף זיי, זײַנען זיי געווען פּונקט אַזוי הילפֿלאָז ווי פֿריִער.

## דינסטיק

ווען היאַלמאַר האָט זיך געלייגט שלאָפֿן האָט אָלע־לוקאָיע מיט זײַן כּישוף־שטעקל אָנגעריבן דאָס מעבל אין שטוב און אַלצדינג האָט אָנגעהויבן צו רעדן. זיי האָבן גערעדט וועגן זיך אַליין, אַחוץ דעם שפּײַטעפּל. עס איז געשטאַנען שטיל אין אַ ווינקל און האָט זיך געערגערט וואָס זיי אַלע קענען זײַן אַזוי אייטל, נײַערט צו רעדן פֿון זיך אַליין, נאָר צו האָבן זיך אַליין אין זינען און גאָר ניט טראַכטן פֿון דעם וואָס שטייט אַזוי באַשיידן אין ווינקל און לאָזט אין זיך שפּײַען.

איבערן קאָמאָד איז געהאָנגען אַ גרויס בילד אין אַ באַגילדטער ראַם. דאָס איז געווען אַ לאַנדשאַפֿט. עס האָבן זיך געזען אַלטע, הויכעביימער, בלומען אין גראָז, אַ גרויסער, שלענגלדיקער טײַך וואָס האָט געפֿלאָסן הינטער אַ וואַלד און פֿאַרבײַ פּאַלאַצן, ביז ער איז אַרײַן אין ווילדן ים.

אָלע־לוקאָיע האָט באַרירט מיט זײַן כּישוף־שטעקל דאָס בילד און די פֿייגל דאָרטן האָבן אָנגעהויבן צו זינגען. די צווײַגן פֿון די ביימער האָבן זיך באַוועגט און די וואָלקנס זײַנען געשוווּמען, אַז מ'האָט געקענט זען זייער שאָטן אויף דער לאַנדשאַפֿט.

אַצינד האָט אָלע־לוקאָיע אויפֿגעהויבן היאַלמאַרן צו דער ראַם און היאַלמאַר האָט אַרײַנגעשטעקט זײַנע פֿיסלעך אינעם בילד גלײַך אין טיפֿן גראָז אַרײַן און איז דאָרט געבליבן שטיין; די זון האָט דורכגעשײַנט צווישן די צווײַגן פֿון די ביימער גלײַך אויף אים. ער איז צוגעלאָפֿן צום וואַסער און האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ שיפֿל. דאָס שיפֿל איז געווען געפֿאַרבט רויט און ווײַס. די זעגלען האָבן געשטראַלט ווי זילבער און זעקס שוואַנען מיט גאָלדענע קרוינען אַרום זייערע העלדזער און אַ שטראַלנדיקער, בלויער שטערן אויף יעדן קאָפּ האָבן באַגלייט דאָס שיפֿל.

דאָס שיפֿל האָט געזעגלט פֿאַרבײַ טונקל גרינע וועלדער ווו די

ביימער האָבן דערציילט מעשׂיות פֿון רויבער און מכשפֿות, און די בלומען האָבן דערציילט פֿון שיינע קליינינקע עלפֿינס און דאָס וואָס די זומערפֿייגלעך האָבן זיי דערציילט.

די שענסטע פֿיש, מיט שופּן ווי זילבער און גאָלד, זײַנען נאָכגעשווומען דאָס שיפֿל. פֿון צײַט צו צײַט זײַנען זיי אַרויסגעשפּרונגען און צוריק אַרײַן אין וואַסער מיט אַ פּליושק, און פֿייגל רויטע און בלויע, גרויסע און קליינע זײַנען נאָכגעפֿלויגן אין לאַנגע רייען. די מוקן האָבן געזשומט און די מײַזשוקעס האָבן געבומט. זיי האָבן אַלע געוואָלט נאָכגיין היאַלמאַרן און יעדער פֿון זיי האָט געהאַט אַ מעשׂה צו דערציילן.

דאָס איז טאַקע געווען אַ זעגלטור. אָט זײַנען שיינע גערטנער מיט בלומען, באַשטראַלט מיט זונענשײַן און פּאַלאַצן פֿון גלאָז און מירמלשטיין. אויף די באַלקאָנען זײַנען געשטאַנען פּרינצעסינס. און אַלע זײַנען זיי געווען קליינע מיידלעך וועלכע היאַלמאַר האָט גוט געקענט. ער האָט זיך מיט זיי פֿריִער געשפּילט.

זיי האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט, אין וועלכע זיי האָבן געהאַלטן געשמאַקע לעקערלעך, אַזעלכע וואָס נאָר די קיכל־בעקערין פֿלעגט פֿאַרקויפֿן. היאַלמאַר האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר דעם ברעג פֿון לעקערל בעת ער איז פֿאַרבײַגעשווומען און די פּרינצעסין האָט זיך שטאַרק צוגעהאַלטן פֿאַר דעם צווייטן ברעג, אַזוי אַז יעדער האָט באַקומען זײַן חלק: זי דאָס קלענערע און היאַלמאַר דאָס גרעסערע. בײַ יעדער פּאַלאַץ זײַנען געשטאַנען וואַך קליינע פּרינצן. זיי האָבן סאַלוטירט מיט גאָלדענע שווערדן און גערעגנט מיט באַצוקערטע פֿלוימען און צינענע סאָלדאַטלעך. דאָס זײַנען טאַקע געווען פּרינצן.

אָט איז ער געשווומען דורכן וואַלד. אָט איז ער אַרײַנגעשווומען אין גרויסן זאַל צי אין דער מיט שטאָט. ער איז געקומען דאָרט ווו זײַן נאַם האָט געוווינט, די וואָס פֿלעגט אים טראָגן אויף די הענט ווען

ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל און האָט אים אַזוי האָלט געהאַט. זי האָט זיך געזעגנט און געוווּנטשן צו אים און האָט געזונגען אַ שיין ליד, וואָס זי האָט אַליין אויפֿגעשריבן און עס געשיקט היאַלמאַרן.

פֿון דיר היאַלמאַר דו קליינער
טראַכט איך יעדער מינוט;
כ'קוש דײַן מײַלכל דאָס שיינע.
דײַנע בעקעלעך–מילך און בלוט.
ווען כ'האָב אַ וואָרט פֿון דיר דערהערט,
האָט אַ פֿרייד מײַן נשמה באַגליקט.
ס'האָט דער אייבערשטער אונדז אויף דער ערד
אַ מלאָך פֿון הימל געשיקט.

און אַלע פֿייגל האָבן מיטגעזונגען. די בלומען האָבן געטאַנצט אויף זייערע שטעקלעך, און די אַלטעביימער האָבן זיך געזעגנט אַזוי ווי אָלע־לוקאָיע וואָלט זיי דערציילט מעשׂיות.

## מיטוואָך

נו, איז דאָס געגאַנגען אַ רעגן אין דרויסן! היאַלמאַר האָט עס געקענט הערן אין שלאָף! און בעת אָלע־לוקאָיע האָט געעפֿנט דעם פֿענצטער, האָט דאָס וואַסער דערגרייכט ביז צו דער ראַם. אין דרויסן איז געווען אַ גאַנצער ים. אָבער אַ פּראַכטיקע שיף איז געשטאַנען לעבן שטוב.

„אויב דו וואָלטסט געוואָלט זעגלען מיט מיר, היאַלמאַר", האָט געפֿרעגט אָלע־לוקאָיע, „וואָלטסטו הײַנט בײַ נאַכט געקענט אויספֿאָרן פֿרעמדע לענדער און מאָרגן אין דער פֿרי זײַן צוריק אין דער היים".

פּלוצלינג האָט היאַלמאַר זיך באַוויזן אין זײַנע יום־טובֿדיקע קליידער אויף דער שיינער שיף. ס'איז באַלד געוואָרן אַ שיינער וועטער און זי האָט געזעגלט צווישן גאַסן און האָט דורכגעשניטן פֿאַרבײַ קלויסטערס, און דאַן איז אַלץ געווען איין גרויסער, ווילדער

ים. זיי האָבן געזעגלט אַזוי לאַנג ביז דאָס אויג האָט קיין לאַנד מער ניט געקענט זען. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פֿאָלק בושלען וואָס זײַנען געקומען פֿון דער היים און זיך געלאָזט אין וואַרעמע לענדער. איין בושל איז געפֿלויגן נאָך דעם אַנדערן אין אַ ריי. זיי זײַנען שוין געפֿלויגן לאַנג, זייער לאַנג. איינער פֿון זיי איז געוואָרן מיד, אַזוי מיד, אַז זײַנע פֿליגל האָבן אים שוין קוים געקענט דערטראָגן. ער איז געווען גאָר דער לעצטער אין דער ריי און איז געווען אַ שטיק וועגס פֿון הינטן. צום סוף האָט ער גענומען זינקען נידעריקער און נידעריקער. ער האָט נאָך אַ פּאָר מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פֿליגל.

ס׳האָט אים, אָבער, ניט געהאָלפֿן. דאַן האָט ער געפּרוּווט זיך צורירן צו דער זעגללײַן מיט זײַנע פֿיס. ער האָט, אָבער, גלײַך זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון זעגל מיט אַ פֿליאַסק און איז געבליבן שטיין אויפֿן דעק.

אַ מאַטראָס האָט אים גענומען און אַרײַנגעזעגלט אין הינערשטאַל צוזאַמען מיט די הינער, ענטלעך און אינדיקעס. דער בושל, נעבעך, איז געשטאַנען אַ פֿאַרלוירענער צווישן זיי.

„וואָס פֿאַר אַ באַשעפֿעניש איז דאָס?" האָבן די הינער געפֿרעגט. און דער אינדיק האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי נאָר ער האָט געקענט און האָט געפֿרעגט, „ווער איז ער?" די ענטלעך האָבן זיך געקאַטשעט הינטערוויײַלעכץ, איינע איבער די אַנדערע: „קוואַ! קוואַ!"

דער בושל האָט זיי דערציילט פֿון דער וואַרעמער אַפֿריקע, פֿון די פּיראַמידן, פֿונעם שטרויספֿויגל, וואָס לויפֿט איבער דעם מדבר אַזוי ווי אַ ווילד פֿערד.

די ענטלעך האָבן, אָבער, ניט פֿאַרשטאַנען וואָס ער רעדט און געשטופּט זיך איינס איבערן אַנדערן. „מיר זײַנען אַלע איינִיק, אַז דאָס איז אַן אידיאָט".

„יאָ, געוויס איז ער אַן אידיאָט", האָט געזאָגט דער אינדיק און זיך

אָנגעבלאָזן. דער בושל איז שטיל געבליבן און האָט געטראַכט פֿון אַפֿריקע.

„וואָסערע שיינע דינע פֿיס דו האָסט", האָט געזאָגט די הון. „וויפֿל קאָסטן זיי אַן איילל?"

„קלאַ! קלאַ!" האָבן די ענטלעך זיך צעלאַכט. דער בושל, אָבער, האָט זיך געמאַכט אין גאַנצן ניט וויסנדיק.

„איר קענט גוט לאַכן", האָט דער אינדיק געזאָגט צו זיי. „ס'איז געווען זייער וויציק געזאָגט. ס'איז אפֿשר געווען אַ ביסל צו פּראָסט פֿאַר דיר. האָלדער, האָלדער! ער האָט ניט קיין חוש פֿאַר הומאָר, פֿונדעסטוועגן מעג ער דאָ בלײַבן אונדז צו אַמוזירן". און די הינער האָבן געקראַקעט און די ענטלעך האָבן געקוואַקעט, און זיי האָבן אַלע גוט פֿאַרברענגט.

אָבער היאַלמאַר איז צוגעקומען צום הינערשטאַל, האָט געעפֿנט די טיר און אַרויסגערופֿן דעם בושל. ער האָט אַרויסגעהאָפּקעט צו היאַלמאַרן אויפֿן דעק. ער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגערוט און האָט זיך גענייגט צו היאַלמאַרן, ווי ער וואָלט אים באַדאַנקט; ער האָט צעשפּרייט זײַנע פֿליגל און איז אַוועקגעפֿלויגן צו די וואַרעמע לענדער. אָבער די הינער האָבן געקראַקעט, די ענטלעך האָבן געקוואַקעט און דער קאָפּ פֿון אינדיק איז געוואָרן רויט ווי פֿײַער.

„מאָרגן וועלן מיר פֿון דיר קאָכן יויך", האָט היאַלמאַר געזאָגט, און ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. ער האָט זיך געפֿונען ליגן אין זײַן קליין בעטעלע. ס'איז געווען אַ ווונדערלעכע נסיעה וואָס אָלע־לוקאָיע האָט פֿאַר אים געמאַכט.

## דאָנערשטיק

„זאָלסט זיך ניט שרעקן", האָט אָלע־לוקאָיע געזאָגט. „זאָלסט זיך נאָר ניט שרעקן, וועסטו זען אַ קליין מײַזל!" און ער האָט אים געוויזן דאָס קליינע חיהלע וואָס ליגט בײַ אים אין דער האַנט. „ס'איז געקומען

דיך אײַנצולאַדן אויף אַ חתונה. צוויי מײַזלעך ווילן הײַנט בײַ נאַכט חתונה האָבן. זיי וווינען אונטערן דיל פֿון דער מאַמעס שפּײַזקאַמער. ס'איז אַ טײַערע וווינונג".

„אָבער ווי אַזוי וועל איך קענען דורכגיין דורך דער קליינער מויזנלאָך אין דיל?" האָט היאַלמאַר געפֿרעגט.

„לאָז דאָס איבער צו מיר", האָט אַלע־לוקאַיע געזאָגט. „כ'וועל דיך באַלד מאַכן קליין". ער האָט אים אַ ריר געטאָן מיט זײַן כּישוף־שטעקל, און אין איין כּהרף־עין איז ער געוואָרן קלענער און קלענער, ביז ער איז לסוף געווען ניט גרעסער ווי אַ פֿינגער. „אַצינד קענסטו זיך לײַען דעם צינסאָלדאַטס קליידער. איך מיין, ס'וועט אויסזען זייער שיין, אַז דו'סט קומען אין אַ מונדיר צווישן מענטשן".

„יאָ, זיכער", האָט היאַלמאַר געזאָגט, און אין אַ רגע איז ער שוין געווען אָנגעטאָן אין דעם שענסטן צינסאָלדאַטישן מונדיר.

„זײַט אַזוי גוט און זעצט זיך אַרײַן אין אײַער מאַמעס פֿינגערהוט", האָט דאָס מײַזל געזאָגט, „און איך וועל האָבן דעם כּבֿוד אײַך צו פֿירן".

„יונגע פֿרײַלין, צו וואָס דאַרפֿסטו זיך פֿאַר מיר מטריח זײַן?" האָט היאַלמאַר געוואָלט פֿרעגן, אָבער איידער ער האָט געקענט אַרויסזאָגן די ווערטער זײַנען זיי שוין געווען אונטער וועגנס צו דער מויזן־חתונה.

קודם־כּל זײַנען זיי אַראָפּ אונטערן דיל דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר וואָס איז געווען ניט העכער, זיי זאָלן קענען דורכפֿאָרן מיט דער פֿינגערהוט. דער גאַנצער דורכגאַנג איז געווען באַלויכטן מיט ברענענדיק פֿאַרפֿוילט האָלץ.

„שפּירט זיך דאָ ניט געשמאַקע ריחות?" האָט געפֿרעגט דאָס מײַזל וואָס האָט אים געפֿירט. „דער גאַנצער דורכגאַנג איז אויסגעשמירט מיט שמאַלץ. בעסערס קען שוין ניט זײַן".

דערנאָך זײַנען זיי אַרײַנגעקומען אין דער כּלהס זאַל. אַלע זי־

מײַזלעך זײַנען געשטאַנען אויף דער רעכטער זײַט און האָבן געלאַכט און געכיכעט, אַזוי ווי זיי וואָלטן חוזק געמאַכט איינס פֿונעם אַנדערן. אויף דער לינקער זײַט זײַנען געשטאַנען אַלע ער־מײַז און האָבן זיך געווישט די בערדלעך מיט זייערע לאַפּקעס. אין דער מיט זאַל, אין אַ ליידיקן קעז־שאָלעכץ, זײַנען געשטאַנען חתן־כּלה און האָבן לײַדנשאַפֿטלעך זיך געקושט פֿאַר אַלעמען אין די אויגן, ווײַל זיי זײַנען פֿאַרקנסט און באַלד וועלן זיי זײַן מאַן־און־ווײַב.

עס זײַנען נאָך אָנגעקומען אַ סך געסט. די מײַז האָבן זיך שיִער ניט צעטרעטן אויף טויט. חתן־כּלה האָבן זיך געשטעלט אין דער טיר, אַזוי אַז קיינער האָט ניט געקענט אַרײַן און ניט אַרויס גיין. דער גאַנצער זאַל איז געווען אַזוי ווי דער דורכגאַנג, אויסגעשמירט מיט שמאַלץ. דאָס איז געווען דער גאַנצער מאָלצײַט. אויף פֿאַרבײַסן האָט מען אַרומגעשטעלט אַן אַרבעס, אויף וועלכן אַ מײַזל האָט געהאַט אײַנגעביסן די ערשטע אותיות פֿון חתן־כּלהס נעמען. דאָס איז געווען עפּעס אויסערגעוויינטלעכס. אַלע מײַז האָבן געזאָגט, אַז ס'איז געווען זייער אַ שיינע חתונה און די שמועסן זייער אַמוזירנדיקע.

דערנאָך איז היאַלמאַר געפֿאָרן צוריק אַהיים. ער איז טאַקע געווען אין אַן אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפֿט. אָבער כּדי דאָרט אַרײַנצוקריכן האָט ער געמוזט ווערן אַזוי ווונדערלעך אײַנגעשרומפּן און אַזוי קליין, אויך כּדי ער זאָל קענען אָנטאָן דעם מונדיר פֿון אַ צינסאָלדאַטל.

## פֿרײַטיק

„ס'איז צו באַוווּנדערן וואָס אַזוי פֿיל דערוואַקסענע מענטשן וואָלטן געוואָלט, איך זאָל קומען צו זיי", האָט געזאָגט אָלע־לוקאָיע. „דאָס זײַנען די מענטשן וואָס האָבן געטאָן שלעכטע זאַכן. 'גוטער, קליינער אָלע', זאָגן זיי צו מיר. 'מיר קענען ניט צוטאָן קיין אויג. אַזוי ליגן מיר אַ גאַנצע נאַכט און זעען אַלע אונדזערע בייזע מעשׂים. ווי שלעכטע,

קליינע שדים זיצן זיי אויפֿן קאַנט בעט און שפּריצן אונדז מיט הייס וואַסער. פֿאַר וואָס זאָלסטו ניט קומען זיי פֿאַרטרײַבן, מיר זאָלן קענען אײַנשלאָפֿן?' און זיי זיפֿצן שטאַרק אָפּ. 'מיר וועלן דיר באַצאָלן! אַ גוטע נאַכט, אָלע! דאָס געלט וועט ליגן אויף דער פֿענצטערברעט'. איך טו דאָס, אָבער, ניט פֿאַר געלט", האָט אָלע־לוקאָיע געזאָגט.

„וואָס וועלן מיר טאָן הײַנטיקע נאַכט?" האָט היאַלמאַר געפֿרעגט.

„כ'ווייס ניט צי דו וואָלטסט הײַנטיקע נאַכט געהאַט חשק ווידער צו גיין אויף אַ חתונה. דאָס איז, אָבער, אַ גאַר אַנדער סאָרט ווי די נעכטיקע. דײַן שוועסטערס גרויסע ליאַלקע וואָס זעט אויס ווי אַ מאַנספּאַרשוין און הייסט הערמאַן וועט חתונה האָבן מיט דער ליאַלקע בערטאַ. ס'איז אויך בערטאַס געבוירן־טאָג און זי וועט באַקומען אַ סך מתּנות".

„איך ווייס דאָס", האָט געענטפֿערט היאַלמאַר. „ווען נאָר די ליאַלקעס ווילן האָבן נײַע קליידער, פּראַוועט מײַן שוועסטער פֿאַר זיי אַ געבוירן־טאָג אָדער אַ חתונה. דאָס האָט שוין פּאַסירט אפֿשר הונדערט מאָל".

„יאָ, אָבער הײַנטיקע נאַכט וועט עס זײַן הונדערט און איינס און מער קיין שׂמחות וועלן זיי ניט האָבן! דעריבער וועט די חתונה זײַן אַזוי אויסגעצייכנט. קוק זיך נאָר אײַן".

און היאַלמאַר האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן טיש. ס'איז דאָרט געשטאַנען אַ טעקטורן שטיבל מיט באַלויכטענע פֿענצטער און אַלע צינסאָלדאַטלעך זײַנען געשטאַנען אין דרויסן מיט זייער געווער. חתן־כּלה זײַנען געזעסן אויפֿן דיל און זיך אָנגעלענט אין אַ פֿוס פֿון טיש. זייער צופֿרידענע זײַנען זיי געווען, און זיי האָבן טאַקע געהאַט פֿאַר וואָס. אָלע־לוקאָיע, אָנגעטאָן אין זײַן באָבעס שוואַרץ קלייד, האָט זיי חתונה געמאַכט. ווען די צערעמאָניע איז געווען אַריבער, האָבן אַלע שטיקער מעבל אין שטוב געזונגען דאָס פֿאָלגנדיקע לידל, וואָס דער

בלײַפּעדער אַליין האָט פֿאַר זיי אָנגעשריבן. ס׳איז געווען צום ניגון פֿון דעם זעלנערשן פּויקמאַרש.

אונדזער ליד וואָס טראָגט זיך אַזוי ווי אַ ווינט,
זאָל דאָס גראָטענע פּאָרל דערגרייכן אַצינד,
און זאָל עס פֿאַרבינדן די ליאַלקעס צוויי,
פֿון האָלץ און פֿון לעדער – אַ לעבן אויף זיי.
הוראַ! פֿאַר זיי וואָס פֿון שטעקל און לעדער פֿאַרבינדט.
מיר זינגען און קלינגען אין רעגן און ווינט.

דערנאָך האָט מען אויסגעטיילט די מתּנות. זיי האָבן, אָבער, קיין עסנוואַרג ניט געוואָלט נעמען. ליבע איז געווען גענוג פֿאַר זיי, און זיי האָבן קיין אַנדער זאַך ניט געדאַרפֿט.

„זאָלן מיר אַרויס אויפֿן לאַנד, צי גאָר מאַכן אַ רײַזע אין אַנדערע לענדער?" האָט דער חתן געפֿרעגט. דערנאָך האָבן זיי זיך באַראָטן מיט דער שוואַלב, וואָס האָט אַזוי פֿיל געוואַנדערט, און די אַלטע הון, וואָס האָט שוין אויפֿגעהאָדעוועט פֿינף משפּחות הינער. די שוואַלב האָט זיי דערציילט פֿון די שיינע וואַרעמע לענדער, ווו ווײַנטרויבן וואַקסן אויף געדיכטע הענגלעך און די לופֿט איז אַזוי מילד און די פֿאַרבן אויף די בערג זײַנען אַזעלכע, אַז מע קען עס ערגעץ אַנדערש ווו ניט זען.

„זיי האָבן, אָבער, ניט אונדזער גרין קרויט", האָט די הון געזאָגט. „איך בין געווען אויפֿן לאַנד אַ גאַנצן זומער מיט מײַנע עופֿעלעך. ס׳איז דאָרט געווען אַ גרוב פֿון גראָז. מיר האָבן דאָרט געשאַרט אַ גאַנצן טאָג ביז מ׳האָט אונדז אַרײַנגעלאָזט אין אַ גאָרטן ווו קרויט איז געוואַקסן! אוי, איז דאָס געווען גרין! כ׳קען זיך ניט פֿאָרשטעלן עפּעס שענערס!"

„איין הייפּטל קרויט גלײַך ווי דאָס צווייטע!" האָט געזאָגט די

שוואַלב. „און ווידער איז דער וועטער דאָ אַזאַ שלעכטער!"

„אָ, מיר זײַנען צו דעם שוין צוגעוווינט", האָט די הון געזאָגט.

„ס'איז אָבער אַזוי קאַלט. ס'פֿרירט".

„דאָס איז גוט פֿאַר קרויט", האָט די הון געזאָגט. „אַ מאָל איז גאַנץ גוט וואַרעם. האָבן מיר ניט פֿאַר פֿיר יאָר געהאַט אַ געוואַלדיקן הייסן זומער? פֿינף וואָכן צײַט האָט מען קוים געקענט אָטעמען! און ווידער האָבן מיר דאָ ניט די גיפֿטיקע באַשעפֿענישן וואָס געפֿינען זיך דאָרט, און עס זײַנען דאָרט ניטאָ קיין גנבֿים. דער וואָס האַלט, אַז אונדזער לאַנד איז ניט דאָס בעסטע, איז אַ נאַר! יענער איז ניט ווערט דאָ צו וווינען", און די הון האָט זיך צעשריגן. „איך האָב שוין אויך געמאַכט אַ נסיעה. כ'האָב אַ מאָל געוואַנדערט צוועלף מײַל אין אַ פֿעסל, און ס'איז געווען אַ קנאַפּער פֿאַרגעניגן דאָס פֿאָרן".

„די הון איז טאַקע אַ קלוגע פֿרוי!" האָט געזאָגט בערטאַ די ליאַלקע. „מיר געפֿעלט אויך ניט דאָס וואַנדערן דורך בערג, ווײַל אָט גייט מען אַרויף און אָט גייט מען אַראָפּ! ניין, מיר וועלן זיך אַרײַנקלײַבן לעבן דעם זשווירגרוב און אַרומשפּאַצירן אין קרויטגאָרטן". און מיט דעם האָט זיך עס אויסגעלאָזט.

## שבת

„וועל איך הערן עטלעכע מעשׂיות?" האָט געפֿרעגט דער קליינער היאַלמאַר, אַזוי גיך ווי אָלע־לוקאָיע האָט אים אַרײַנגעלייגט אין בעט אַרײַן.

„הײַנטיקע נאַכט האָבן מיר פֿאַר דעם ניט קיין צײַט", האָט אָלע־לוקאָיע געזאָגט בעת ער האָט געעפֿנט זײַן שיינעם שירעם. „אָ, די קלוגע כינעזער!" דער גאַנצער שירעם האָט אויסגעזען ווי אַ כינעזישער טעלער אויסגעמאָלט מיט בלויע ביימער און מיט געוועלבטע בריקן, אויף וועלכע ס'זײַנען געשטאַנען קליינע כינעזישע מענטשעלעך וואָס

האָבן געניגט מיט די קעפּ. „מיר מוזן אויספּוצן די גאַנצע וועלט אויף מאָרגן", האָט אַלע געזאָגט. „ס'איז פֿאַר אונדז אַ יום־טובֿ, ווײַל ס'איז זונטיק. כ'מוז אַרויפֿגיין אויפֿן קלויסטער־טורעם צו זען צי די עלפֿינס פּוצן די גלעקער כּדי זיי זאָלן גוט קלינגען. כ'מוז אַרויסגיין אין פֿעלד צו זען צי דער ווינט האָט אָפּגעבלאָזן דעם שטויב פֿונעם גראָז און די בלעטער. מײַן גרעסטע אַרבעט איז אַראָפּצונעמען די שטערן און זיי אָפּפּוצן. כ'נעם זיי אַרײַן אין מײַן פֿאַרטעך, אָבער צו ערשט מוז איך זיי נומערירן, און די לעכער ווו זיי געהערן מוז איך אויך נומערירן, כּדי זיי זאָלן צוריקקומען אין די ריכטיקע ערטער. אויב ניט וואָלטן זיי זיך ניט געהאַלטן, און מיר וואָלטן געהאַט צו פֿיל פֿאַלנדיקע שטערן. זיי וואָלטן איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגעפֿאַלן פֿון הימל".

„הער זיך צו, אָלע־לוקאָיע", האָט געזאָגט איינער פֿון די אַלטע פּאָרטרעטן, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. „איך בין היאַלמאַרס עלטער־זיידע. כ'קום דיר אַ דאַנק פֿאַר דערציילן אים מעשׂיות. דו דאַרפֿסט, אָבער, ניט איבערפֿירן זײַן שׂכל. די שטערן קען מען ניט אַרויסנעמען זיי צו פּוצן! די שטערן זײַנען פּלאַנעטן, אַזוי ווי אונדזער ערדקײַלעך, און דאָס איז זייער גרעסטע מעלה!"

„איך קום אײַך אַ גרויסן דאַנק, אַלטער עלטער־זיידע", האָט געזאָגט אָלע־לוקאָיע. „מײַן בעסטער דאַנק אײַך. איר זײַט דער הויפּט פֿון דער משפּחה. איר זײַט טאַקע אַלט, אָבער איך בין עלטער פֿון אײַך. כ'בין אַן אַלטער געצן־דינער. די גריכן און די רוימער רופֿן מיך דער געץ פֿון חלומות. כ'קום אַרײַן אין די שענסטע הײַזער. כ'קום דורך מיט גרויס און קליין. איר קענט אַליין דערציילן די מעשׂיות!" און אָלע־לוקאָיע איז אַוועקגעגאַנגען און האָט מיטגענומען דעם כּישוף־שירעם מיט זיך.

„ווי מיר דאַכט זיך, טאָר שוין קיינער ניט האָבן זײַן אייגענע

מיינונג", האָט געזאָגט דער פּאָרטרעט.
אין דעם מאָמענט האָט היאַלמאַר זיך אויפֿגעכאַפּט.

**זונטיק**

„אַ גוטן אָוונט", האָט געזאָגט אַלע־לוקאָיע, און היאַלמאַר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן און אַ דריי געטאָן דעם פּאָרטרעט מיטן פּנים צו דער וואַנט, כּדי ער זאָל ניט רעדן ווי ער האָט געטאָן דאָס לעצטע מאָל.

„אַצינד מוזסטו מיר דערציילן אַ פּאָר מעשׂיות: די פֿינף אַרבעס וועלכע האָבן געוווינט אין אַ שויט און וואָס דער האָן האָט געזאָגט צו דער הון און פֿון דער שטאָפּנאָדל וואָס האָט זיך איינגעגערעדט, אַז זי איז אַן איידעלע נײנאָדל".

„דו וועסט האָבן צו פֿיל גוטע זאַכן", האָט געזאָגט אַלע־לוקאָיע. „כ'וועל דיר ליבערשט ווײַזן אַזוינס וואָס דו ווייסט שוין! כ'וועל דיר ווײַזן מײַן ברודער. ער הייסט אויך אַלע־לוקאָיע. ער קומט, אָבער, ניט מער ווי איין מאָל צו עמעצן, און ווען ער קומט, נעמט ער אויך מיט מיט זיך זײַן פֿערד און דערציילט אים מעשׂיות.

„ער קען נאָר צוויי מעשׂיות – איינע וואָס איז אַזוי שיין, אַז קיינער אויף דער וועלט קען זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן, און איינע, וועלכע איז צו שרעקלעך צו באַשרײַבן!"

און דערנאָך האָט אַלע־לוקאָיע אויפֿגעהויבן דעם קליינעם היאַלמאַר צום פֿענצטער און געזאָגט, „אַצינד קענסטו זען מײַן ברודער, דער צווייטער אַלע־לוקאָיע! ער הייסט אויך דער טויט. דו זעסט אים. ער זעט ניט אויס אַזוי שלעכט ווי מע מאָלט אים אַ מאָל אויף די בילדער – אַן אויסגעדאַרטער, סאַמע הויט און ביינער! דער זוים פֿון זײַן מאַנטל איז אויסגעהעפֿט מיט זילבער. ער טראָגט אַ הוזאַר־מונדיר און זײַן שוואַרצע, סאַמעטענע פּעלערינע ליגט ווי אַ כוואַליע אַריבער

דעם רוקן פֿון זײַן פֿערד! זע נאָר ווי זיי גאַלאָפּירן".

און היאַלמאַר האָט געזען ווי אָלע־לוקאָיע איז אַוועקגעריטן, מיטנעמענדיק אַלט און יונג מיט זיך אויף זײַן פֿערד. ער האָט אַוועקגעזעצט טייל פֿון פֿאָרנט און אַנדערע פֿון הינטן. ער האָט, אָבער, קודם געפֿרעגט וואָס פֿאַר אַ צייכנס זיי האָבן באַקומען אין זייערע ביכער. אַלע האָבן געענטפֿערט, „גוט". „לאָמיך אַליין זען", האָט ער געזאָגט, און זיי האָבן אים געמוזט ווײַזן דאָס בוך. אַלע וואָס האָבן געהאַט „זייער גוט" אָדער „אויסגעצייכנט" האָט ער אַוועקגעזעצט פֿון פֿאָרנט און האָט זיי דערציילט די שענסטע מעשׂיות, אָבער די יעניקע וואָס האָבן געהאַט „נישקשה" אָדער גאָר „ניט גוט" האָבן געמוזט זיצן פֿון הינטן און מ'האָט זיי דערציילט שרעקלעכע מעשׂיות. זיי האָבן געציטערט און געשריגן און געוואָלט אַראָפּ פֿון פֿערד. זיי האָבן, אָבער, ניט געקענט, ווײַל זיי זײַנען גלײַך ווי צוגעוואַקסן געוואָרן.

„אָבער דײַן ברודער איז אַ שיינער אָלע־לוקאָיע", האָט היאַלמאַר געזאָגט.

„דו דאַרפֿסט זען צו האָבן אַ גוטן צייכן אויף דײַן ביכל", האָט אָלע־לוקאָיע אים אָנגעזאָגט.

„אַ, איצט איז דאָס עפּעס באַלערנדיק!" האָט געבורטשעט דעם עלטער־זיידנס פּאָרטרעט. „נאָך אַלעמען איז אַ ביסל בעסער צו רעדן שׂכלדיקס!" און ער איז געוואָרן צופֿרידן.

נו, דאָס איז די מעשׂה פֿון אָלע־לוקאָיע! הײַנט בײַ נאַכט קען זײַן, אַז ער וועט דיר אַליין אויך עפּעס דערציילן.

# 13

# דער חזירים־פּאַסטעך



מאָל איז געווען אַן אָרעמער פּרינץ וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ מלוכה, אָבער די מלוכה איז געווען אַ קליינע. זי איז קוים גענוג גרויס געווען, אַז ער זאָל קענען חתונה האָבן, און חתונה האָבן האָט ער טאַקע געוואָלט.

דער פּרינץ האָט געדאַרפֿט האָבן גענוג עזות צו קומען צום מלכס טאָכטער און זאָגן, „איך וויל דיך האָבן פֿאַר מײַן ווײַב". אָבער דווקא דאָס האָט ער געטאָן, ווײַל זײַן נאָמען איז ווײַט און ברייט באַרימט געווען. און הונדערטער פּרינצעסינס וואָלטן אים זייער באַדאַנקט דערפֿאַר. האָט אָבער די דאָזיקע פּרינצעסין אַזוי געטאָן? איצט וועלן מיר הערן.

אויפֿן קבֿר פֿונעם פּרינצעס פֿאָטער איז געוואַקסן אַ רויזנקוסט, אַזאַ פּראַכטיקער רויזנקוסט, וואָס פֿלעגט בליִען נאָר איין מאָל אין פֿינף יאָר און פֿלעגט אַרויסגעבן נאָר איין רויז. די דאָזיקע רויז, אָבער, פֿלעגט אַרויסלאָזן פֿון זיך אַזוינע טײַערע ריחות, אַז ווער עס האָט נאָר אַ שמעק געטאָן פֿלעגט פֿאַרגעסן אין אַלע זײַנע דאגות. דער פּרינץ האָט אויך געהאַט אַ נאַכטיגאַל, וואָס האָט זייער שיין געקענט זינגען, אַזוי שיין, אַז מע וואָלט געקענט טראַכטן, אַז אַלע שענסטע מעלאָדיעס האָבן זיך בײַ איר אין האַלדז פֿאַרקליבן. די רויז און די נאַכטיגאַל האָבן געדאַרפֿט זײַן די מתּנות פֿאַר דער פּרינצעסין. מע

האָט זיי דעריבער פֿאַרפּאַקט אין אַ זילבערנעם קעסטל און עס צו איר אַוועקגעשיקט. דער מלך האָט געהייסן, מע זאָל עס אַרײַנטראָגן פֿאַרויס פֿון זיך אין אַ גרויסן זאַל, ווו די פּרינצעסין און די הויפֿדאַמען זײַנען געווען פֿאַרנומען מיט שפּילן זיך אין אויפֿנעמען געסט. קיין אַנדער זאַך האָבן זיי ניט געטאָן.

ווען די פּרינצעסין האָט דערזען דאָס זילבערנע קעסטל מיט די מתּנות, האָט זי פֿון פֿרייד גענומען פּאַטשן מיט די הענט.

„איך האָף, אַז דאָ געפֿינט זיך פֿאַר מיר אַ קליין קעצעלע", האָט זי אויסגערופֿן. עס איז, אָבער, געווען די פּראַכטיקע רויז.

„אָ, ווי שיין זי איז געמאַכט געוואָרן", האָבן אַלע הויפֿדאַמען געזאָגט. „זי איז מער ווי שיין", האָט דער מלך זיך אָפּגערופֿן. „זי איז פּראַכטיק".

די פּרינצעסין האָט, אָבער, דערפֿילט, ווי עס רײַסט זיך אַרויס פֿון איר אַ געוויין.

„פֿע, פּאַפּאַ", האָט זי זיך צעשריגן. „זי איז ניט קיין קינסטלעכע רויז. זי איז דאָך אַן אמתע".

„פֿע", האָבן אַלע דאַמען מיט איין קול זיך אָפּגערופֿן. „זי איז אַן אמתע".

„לאָמיר איצט זען וואָס עס געפֿינט זיך אין דעם אַנדערן קעסטל", האָט זיך אָנגערופֿן דער מלך. איצט איז אַרויסגעקומען די נאַכטיגאַל. זי האָט זיך צעזונגען אַזוי שיין, אַז מע האָט קיין שלעכטע מיינונג וועגן איר ניט געקענט זאָגן. *'Superbe! Charmant!'* האָבן אַלע דאַמען אויסגערופֿן, ווײַל אַלע האָבן זיי גערעדט פֿראַנצייזיש, איינע ערגער פֿון דער צווייטער.

„דער דאָזיקער פֿויגל דערמאָנט מיך אין דעם שפּילקעסטל וואָס האָט זיך געפֿונען בײַ דער געשטאָרבענער מלכּה", האָט זיך אָפּגערופֿן אַן אַלטער דינער, „אין גאַנצן דער זעלביקער טאָן און די זעלביקע פֿאָרעם".

„יאָ", האָט דער מלך געזאָגט, און ער האָט זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

„איך וואָלט קיין מאָל ניט געגלייבט, אַז דאָס איז אַן אמתער פֿויגל. איך האָף, אַז די נאַכטיגאַל איז ניט קיין לעבעדיקע", האָט צוגעגעבן די פּרינצעסין.

„יאָ, זי איז אַן אמתער פֿויגל", האָט געזאָגט דער וואָס האָט דאָס קעסטל געבראַכט.

„לאָז דער פֿויגל אַרויספֿליִען", האָט געהייסן די פּרינצעסין. און זי האָט בשום אופֿן ניט געלאָזט דעם פּרינץ קומען צו איר.

ער האָט זיך, אָבער, ניט געלאָזט בייגן. ער האָט אויסגעשמירט זײַן פּנים מיט שוואַרצער פֿאַרב, אַראָפּגעשלעפּט זײַן היטל איבערן קאָפּ, איז צוריקגעקומען און האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

„גוט־מאָרגן, מלך", האָט ער געזאָגט. „קען איך באַקומען אַרבעט דאָ אין פּאַלאַץ?"

„אוי, אַזוי פֿיל האָבן זיך שוין אָנגעפֿרעגט אויף דעם", האָט געענטפֿערט דער מלך, „אַז איצט האָבן מיר ניט קיין אַרבעט. נאָר וואַרט אַ רגע! מע דאַרף טאַקע איינעם וואָס קען אויפֿפּאַסן אויף די חזירים, ווײַל מיר האָבן דאָ זייער פֿיל".

דער פּרינץ איז אַזוי אָרום געוואָרן דעם מלכס חזירים־פּאַסטעך. פֿאַר זיך האָט מען אים געגעבן אַן אָרעם קעמערל לעבן פֿיר חזיר־שטאַלן. גאַנצע טעג איז ער געווען פֿאַרנומען מיט דער אַרבעט. אין אָוונט ,אָבער, האָט ער זיך געמאַכט אַ קליין, שיין טעפּל, וואָס האָט געהאַט אַרום זיך גלעקעלעך. און ווען נאָר דאָס טעפּל פֿלעגט אויפֿקאָכן, פֿלעגט זיך אַזוי שיין צעשפּילן און צעקלינגען די אַלטע מעלאָדיע:

אַך דו ליבער אויגוסטין.
אַלץ איז אַוועק, אַוועק, אַוועק.

נאָר די מערקווערדיקסטע זאַך דערבײַ איז געווען, אַז ווען מע פֿלעגט האַלטן דעם פֿינגער אין דער פֿאַרע פֿונעם טעפּל, האָט מען גלײַך אויסגעפֿונען וואָס עס קאָכט זיך בײַ אַלע אַנדערע באַלעבאָסטעס אין שטעטל. דאָס, זעט איר, איז שוין געווען עפּעס אַנדערש ווי יענע רויז.

נו, ווען די פּרינצעסין מיט אירע הויפֿדאַמען זײַנען געגאַנגען שפּאַצירן, האָט זי דערהערט די מעלאָדיע. זי איז שטיין געבליבן דערשטוינט, ווײַל זי האָט אויך געקענט שפּילן דאָס ליד „אַך, דו ליבער אויגוסטין". דאָס איז געווען דאָס איינציקע ליד, וואָס זי האָט געקענט שפּילן, און זי פֿלעגט עס שפּילן מיט איין פֿינגער.

„דאָס איז דאָך דאָס זעלביקע ליד וואָס איך קען שפּילן", האָט די פּרינצעסין געזאָגט. „ער מוז זײַן אַ געבילדעטער חזירים־פּאַסטעך. הער אויס! גיי און פֿרעג אים וואָס ער וויל פֿאַר יענעם אינסטרומענט".

איינע פֿון די הויפֿדאַמען האָט אַרויפֿגעצויגן איבערשיך און איז אַרײַנגעלאָפֿן צום פּאַסטעך.

„וואָס ווילסטו פֿאַר דעם דאָזיקן טעפּל?" האָט זי געפֿרעגט.

„איך וויל צען קושן פֿון דער פּרינצעסין", האָט דער פּאַסטעך געענטפֿערט.

„באַהיט זאָל מען ווערן!" האָט די הויפֿדאַמע אויסגערופֿן.

„און ניט ווינציקער", האָט דער פּאַסטעך געזאָגט.

„נו, וואָס'ט ער געזאָגט?" האָט די פּרינצעסין געפֿרעגט.

„איך קען דאָס ניט איבערזאָגן", האָט די הויפֿדאַמע געענטפֿערט. „עס איז פּשוט שרעקלעך".

„טאָ רוים עס מיר אַרײַן אין אויער", און זי האָט איר אַרײַנגערוימט דעם סוד.

„ער איז זייער ניט אָנשטענדיק", האָט געזאָגט די פּרינצעסין און איז שנעל אַוועק. ווען זי איז נאָר אָפּגעגאַנגען אַ קליין שטיקל וועג,

האָבן די גלעקלעך אַזוי שיין געקלונגען „אַך, דו ליבער אויגוסטין" און אַזוי ווײַטער.

„הער", האָט געזאָגט די פּרינצעסין, „זאָג אים, אַז ער וועט קריגן צען קושן פֿון מײַן הויפֿדאַמע!"

„ניין, אַ שיינעם דאַנק", האָט דער חזירים־פּאַסטעך געזאָגט. „צען קושן פֿון דער פּרינצעסין, אָדער דאָס טעפּל בלײַבט בײַ מיר".

„אַך, דאָס איז שרעקלעך", האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „איר וועט זיך מוזן אַוועקשטעלן אַרום מיר, אַז קיינער זאָל עס ניט זען".

און די הויפֿדאַמען האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר און צעשפּרייט זייערע קליידער. אַזוי האָט דער פּאַסטעך באַקומען צען קושן – און די פּרינצעסין – דאָס טעפּל.

נו, איצט האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע קאָמעדיע.

דעם גאַנצן אָוונט און דעם גאַנצן טאָג האָט זיך דאָס טעפּל געהאַלטן אין איין קאָכן. עס איז ניט געווען קיין איין קיך אין שטעטל וואָס מע זאָל ניט וויסן וואָס דאָרט קאָכט זיך – פֿון דעם קאַמער־דינערס ביז צום שוסטערס.

די דאַמען האָבן געטאַנצט אַרום דעם טעפּל און געפּאַטשט מיט די הענט: „מיר ווייסן וועער עס וועט עסן זופּ מיט לאַטקעס! מיר ווייסן וועער עס קאָכט רײַז מיט געהאַקט פֿלייש. איז דאָס ניט אינטערעסאַנט?"

„זייער אינטערעסאַנט!" האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „אָבער האַלט דאָס מויל. האָט אין זינען, אַז איך בין דעם מלכס טאָכטער. זאָגט קיינעם ניט".

„אָפּגעהיט זאָל מען ווערן!" האָבן אַלע צוזאַמען געזאָגט.

דער חזירים־פּאַסטעך, דער פּרינץ, הייסט עס – ווײַל אַנדערש האָט מען אים ניט געקענט, נאָר ווי אַ חזירים־פּאַסטעך – האָט קיין איין טאָג ניט געלאָזט דורכגיין, ער זאָל ניט עפּעס מאַכן. איצט האָט ער זיך געמאַכט אַ גראַגער, אַזאַ אָ, אַז ווען מע האָט אים נאָר אַרומגעדרייט

האָט ער אויסגעקלונגען אַלע וואַלצן, האָפּקעס און פּאָלקעס וואָס די וועלט האָט נאָר געקענט.

„איז דאָס ניט **superbe**?" האָט געפֿרעגט די פּרינצעסין בעת זי איז פֿאַרבײַגעגאַנגען. „איך האָב קיין שענערע קאָמפּאָזיציע ניט געהערט אין מײַן לעבן. גיי אַרײַן און פֿרעג אים וואָס ער וויל פֿאַר דעם אינסטרומענט, אָבער מער קוש איך אים ניט".

„ער וויל הונדערט קושן פֿון דער פּרינצעסין", האָט געזאָגט די הויפֿדאַמע וואָס איז געגאַנגען אים פֿרעגן.

„איך גלייב, אַז ער איז משוגע", האָט געזאָגט די פּרינצעסין און איז אַוועק. ווען זי איז נאָר אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

„נאָך אַלעמען דאַרף מען דאָך שטיצן די קונסט", האָט זי געזאָגט. „איך בין דאָך דעם מלכס טאָכטער. זאָג אים, אַז ער מעג נעמען צען קושן פֿון מיר אַזוי ווי נעכטן, און דאָס איבעריקע פֿון דער הויפֿדאַמע".

„עס איז דאָך אַזוי ניט אײַנגענעם", האָט געזאָגט די הויפֿדאַמע.

„נאַרישקייט!" האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „אויב איך קען אים קושן, קענסטו עס אויך טאָן! און ווידער גיב איך אײַך דאָך עסן, טרינקען און געהאַלט". די הויפֿדאַמע איז ווידער צו אים אַרײַן.

„הונדערט קושן פֿון דער פּרינצעסין, אָדער אויס מסחר", האָט ער געזאָגט.

„פֿאַרשטעלט מיך", האָט די פּרינצעסין געהייסן. די הויפֿדאַמען האָבן זיך אַרומגעשטעלט און דאָס קושעניש האָט זיך אָנגעהויבן.

„וואָס קען דאָרטן אין חזיר־שטאַל פֿאָרקומען?" האָט זיך פֿאַרוווּנדערט דער מלך בעת ער איז אַרויס אויף דעם באַלקאָן. ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן און האָט אָנגעטאָן די ברילן. „דאָס זײַנען דאָך די הויפֿדאַמען מיט זייערע שפּילן. איך וועל טאַקע צוגיין

אַ קוק טאָן". ער האָט אָנגעטאָן זײַנע טופּליעס; דאָס זײַנען געווען שיך וואָס זײַנען שוין געווען גאַנץ פֿײַן אָפּגעטרעטן.

נו, האָט ער אײַנגעשטעלט טריט!

נאָר אַזוי שנעל ווי ער איז אַרײַנגעקומען אין גאָרטן האָט ער אָנגעהויבן צו גיין פּאַוואָליע. די הויפֿדאַמען זײַנען געווען אַזוי פֿאַרנומען מיט ציילן די קושן, אַז זיי האָבן ניט געזען קיין אַנדער זאַך. אַלץ האָט געדאַרפֿט ערלעך צוגיין, ווײַל דער פּאַסטעך האָט געדאַרפֿט באַקומען ניט מער און אויך ניט ווייניקער ווי הונדערט קושן. דערפֿאַר האָבן זיי פּשוט ניט באַמערקט דעם מלך ביז ער איז אַרויס פֿון צווישן די ביימער.

„וואָס קומט דאָ פֿאָר?" האָט דער קיניג אויסגערופֿן ווען ער האָט דערזען דאָס קושעניש. ער האָט זיי דערלאַנגט מיט אַ טופּליע איבער די קעפּ, בעת דער חזירים־פּאַסטעך האָט באַקומען דעם זעקס און אַכציקסטן קוש.

„אַרויס!" האָט דער מלך געשריגן אין גרויס צער. און ביידע, די פּרינצעסין און דער חזירים־פּאַסטעך, זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זײַן מלוכה.

איצט זײַנען זיי געבליבן אויף גרויסע צרות. דער חזירים־פּאַסטעך איז געשטאַנען אַ דורכגעווייקטער פֿון רעגן.

„אַך, וואָס פֿאַר אַן עלנט באַשעפֿעניש איך בין", האָט געקרעכצט די פּרינצעסין. „וואָלט איך גענומען יענעם שיינעם פּרינץ, וואָלט איך אַזוי אומגליקלעך ניט געווען".

און דער פּרינץ איז אַוועק אונטער אַ בוים, האָט אָפּגעוואַשן פֿון זײַן פּנים די ברוינע און שוואַרצע פֿאַרב און אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך זײַנע אַלטע קליידער און איז אַרויס אין זײַן פֿולער פּרינצנפּראַכט, אַזוי שיין און פּראַכטיק, אַז די פּרינצעסין האָט אים ניט דערקענט.

„איך בין געקומען אויסצודריקן מײַן ביטול צו דיר”, האָט ער געזאָגט. „דו האָסט ניט געוואָלט האָבן קיין ערלעכן פּרינץ. רויזן און נאַכטיגאַלן האָבן בײַ דיר אַ קלײנעם ווערט געהאַט. דו קענסט, אָבער, קושן אַ חזירים־פּאַסטעך פֿאַר אַ בידנעם שפּילכל! נו, איצט קריגסטו דאָס וואָס דו האָסט געוואָלט. ביסט אַליין שולדיק!”

און דער פּרינץ איז אַרײַן אין זײַן קיניגרײַך, האָט צוגעמאַכט די טיר און זי פֿאַרשלאָסן מיט אַ שלאָס. און ער האָט די פּרינצעסין איבערגעלאָזט אין דרויסן. איצט קען זי טאַקע זינגען:

אַך, דו ליבער אויגוסטין.
אַלץ איז אַוועק, אַוועק, אַוועק.

# 14

# דאָס מיאוסע ענטעלע

ס'איז געווען זומער! ס'איז געווען שיין אויפֿן לאַנד. דער ווייץ האָט געגאָלדיקט און דער האָבער האָט געגרינט. הויך האָבן זיך געטורעמט סטויגן היי אויף דער גרינער לאָנקע, און דער בושל האָט אַרומגעשפּאַנט אויף זײַנע לאַנגע, רויטע פֿיס און גערעדט עגיפּטיש, די שפּראַך וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט פֿון זײַן מוטער. אַרום פֿעלד און לאָנקע האָט אַ גרויסער וואַלד זיך אויסגעצויגן, און אין מיטן וואַלד זײַנען געווען טיפֿע אָזערעס. ס'איז דאָרטן באמת וווּנדערלעך שיין געווען. אין מיטן פֿעלד באַשטראַלט מיט זונענשײַן האָט זיך געפֿונען אַן אַלטער, פֿרישער הויף, מיט טיפֿע קאַנאַלן אַרום. פֿון די ווענט ביז אַראָפּ אין וואַסער אַרײַן זײַנען זיך גרויסע לאָפּעכע־בלעטער ווילד צעוואָקסן ווי אַ געדיכטער וואַלד. אין ערטער זײַנען זיי געווען אַזוי הויך, אַז אַ קינד האָט אונטער זיי געקענט שטיין.

אָט אַ דאָרט איז געזעסן אַן ענטל איבער אַ נעסט מיט אייער. זי האָט דאָרט געזאָלט אויסבריִען אירע ענטעלעך. דעם ענטל איז שוין נימאס געוואָרן צו זיצן, מחמת ס'האָט גענומען צו לאַנג און זעלטן ווען איז עמעצער געקומען זען וואָס זי מאַכט. די אַנדערע ענטלעך האָבן געהאַלטן מער פֿון אַרומשווימען אין קאַנאַל ווי פֿון זיצן אונטער די לאָפּעכע־בלעטער און פּלוידערן מיט איר.

סוף־כּל־סוף האָט געפּלאַצט איין איי נאָכן צווייטן. „ציפּ, ציפּ", האָבן זיי געמאַכט, און פֿון אַלע אייער זײַנען געוואָרן לעבעדיקע עופֿעלעך און זיי האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּלעך.

„קוואַ! קוואַ!" האָבן די ענטלעך געמאַכט און זיי האָבן איר נאָכגעקוואַקעט ווי נאָר זיי האָבן געקענט. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן אונטער די גרינע בלעטער. די מוטער האָט זיי געלאָזט קוקן וויפֿל זיי האָבן נאָר געוואָלט, ווײַל גרין איז גוט פֿאַר די אייגעלעך.

„די וועלט איז אַזוי גרויס!" האָבן די עופֿעלעך געזאָגט, ווײַל זיי האָבן איצט טאַקע מער אָרט געהאַט ווי פֿריִער אין איי.

„איר מיינט, אַז דאָס איז טאַקע די גאַנצע וועלט?" האָט די מוטער געזאָגט. „זי שפּרייט זיך אויס ווײַטער אַריבער דעם גאָרטן אַזש ביז אין גלחס פֿעלד אַרײַן, נאָר דאָרטן בין איך קיין מאָל ניט געווען. איר זײַט שוין מסתּמא אַלע דאָ", און זי האָט זיך אויפֿגעהויבן. „ניין, איך האָב ניט אַלע! דאָס גרעסטע איי ליגט נאָך דאָרטן. ווי לאַנג וועט עס נאָך נעמען? ס'איז מיר שוין טאַקע דערעסן!" און זי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט בריִען.

אַן אַלט ענטל איז געקומען צו גאַסט, „ווי גייט עס עפּעס אײַך?" האָט זי געפֿרעגט. „אָט דאָס דאָזיקע איי נעמט אַזוי לאַנג. ס'וויל זיך פּשוט ניט עפֿענען! אָבער קוק נאָר אָן די אַנדערע. זיי זײַנען די שענסטע ענטלעך וואָס איך האָב ווען עס איז געזען! זיי זײַנען אַלע געראָטן אין זייער טאַטן. זייער טאַטע...האַ! ער וויל מיך אַפֿילו ניט קומען זען!"

„לאָמיך נאָר אָנקוקן דאָס אייעלע וואָס וויל זיך ניט עפֿענען", האָט די אַלטע געזאָגט. „גלייב מיר, ס'קען זײַן אַן אינדיקס אַן איי. איך האָב זיך אויך אַ מאָל מיט אַזאַ איי אָפּגענאַרט און כ'האָב געהאַט פֿון דעם עופֿעלע צרות און ליידן. ס'האָט מורא געהאַט פֿאַר וואַסער. וואָס

זאָל איך דיר זאָגן? כ'האָב עס פּשוט ניט געקענט פֿאַרנאַרן. כ'האָב געקראַקעט און געקוואַקעט. ס'האָט גאָר ניט געהאָלפֿן. לאָמיך ווידער אָנקוקן דאָס איי. עס איז דאָך טאַקע אַן אינדיקס אַן איי. לאָז עס ליגן און גיי בעסער לערנען דײַנע עופֿעלעך שווימען!"

„כ'וועל נאָך אַ ביסל ברײַען דאָס איי", האָט דאָס ענטל געזאָגט. „כ'בין שוין אַזוי לאַנג געזעסן, וועל איך שוין דערזיצן ביז נאָך אַ מיטוואָך".

„ווי דו ווילסט", האָט די אַלטע געזאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען.

סוף־כל־סוף האָט דאָס גרויסע איי געפּלאַצט. „ציפּ, ציפּ", האָט דאָס עופֿעלע געמאַכט און זיך אַרויסגעקאַטשעט. עס איז געווען גרויס און מיאוס. דאָס ענטל האָט עס גוט אַרומגעקוקט. „ס'איז אַ שרעקלעך גרויס ענטל", האָט זי געזאָגט. „קיין איינס פֿון די אַנדערע האָט אַזוי ניט אויסגעזען. קען עס טאַקע זײַן אַן אינדיק? מיר וועלן באַלד זען. אין וואַסער וועט עס מוזן גיין, אַפֿילו ווען איך זאָל עס אַליין דאַרפֿן אַרײַנבריקען".

דעם צווייטן טאָג איז געווען שיין און ליכטיק. די זון האָט געשײַנט אויף אַלע גרינע לאָפּעכע־בלעטער. דאָס ענטל מוטער מיט איר גאַנצער משפּחה זײַנען אַראָפּגעקומען צום קאַנאַל. פּלושק! און זי איז אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער. „קוואַ! קוואַ!" האָט זי געמאַכט. און איין ענטעלע האָט נאָכגעקאַטשעט דעם צווייטן. דאָס וואַסער איז אַריבער איבער זייערע קעפּלעך. זיי זײַנען, אָבער, שנעל צוריק אַרויפֿגעקומען און געשווומען האָבן זיי זייער שיין. די פֿיסלעך זײַנען געגאַנגען פֿון זיך אַליין. אַלע זײַנען דאָרט געווען. אַפֿילו דאָס מיאוסע, גרויע ענטעלע איז אויך געשווומען.

„ניין, דאָס איז ניט קיין אינדיק", האָט זי געזאָגט. „זעט נאָר ווי שיין ער ניצט זײַנע פֿיסלעך, ווי גלײַך ער האַלט זיך. ער איז מײַן אייגן עופֿעלע! אין דער אמתן זעט ער אויס גאַנץ שיין ווען מע קוקט

זיך גוט צו. קוואַ! קוואַ! אַצינד קומט מיט מיר. איך וועל אײַך ווײַזן די וועלט און וועל אײַך פֿאָרשטעלן דעם הינערהויף. האַלט זיך נאָר נאָענט אַרום מיר, אַז קיינער זאָל אײַך ניט צעטרעטן. און היט זיך פֿאַר דער קאַץ".

דערנאָך זײַנען זיי אַרײַן אין הינערהויף. ס'זײַנען דאָרט געווען שרעקלעכע קולות, ווײַל צוויי משפּחות האָבן זיך דאָרט געפֿונען און זיי האָבן זיך געשלאָגן איבער אַ קאָפּ פֿון אַ ווענגער. דערווײַל האָט אים די קאַץ צוגעגנבֿעט.

„אָט אַזוי גייט עס אויף אונזער וועלטל!" האָט דאָס ענטל מוטער געזאָגט און זיך אָפּגעלעקט דעם שנאָבל, ווײַל זי האָט אויך געוואָלט קריגן אַ ווענגערס אַ קעפּל. „באַניצט אײַערע פֿיסלעך", האָט זי געזאָגט, „און זעט, איר זאָלט ריכטיק קוואַקען און בייגט אַראָפּ אײַערע העלדזער פֿאַרן ענטל אָט אַ דאָרטן! יענע איז די אָנגעזעענסטע פֿון אַלע דאָ. זי האָט אין זיך שפּאַניש בלוט. דעריבער איז זי אַזוי גרויס. און איר זעט, אַז זי טראָגט אַ רויט בענדל אַרום איר פֿוס. דאָס איז אויסערגעוויינטלעך שיין און די גרעסטע אויסצייכענונג וואָס אַן ענטל קען באַקומען. עס מיינט אַ סך. מע וועט עס פֿון איר ניט אַוועקנעמען, ווײַל מע וויל זי ניט פֿאַרלירן. זי האָט פֿאַרדינט אָנערקענונג בײַ מענטשן און עופֿות. קוואַ! קוואַ!

„האַלט ניט די פֿיסלעך צוזאַמען! אַ גוט דערצויגן ענטל האַלט איין פֿוס ווײַט פֿונעם אַנדערן, פּונקט ווי זײַן טאַטע און זײַן מאַמע טוען. אָט אַזוי! אַצינד בייגט אַראָפּ דעם האַלדז און זאָגט קוואַ".

זיי האָבן געטאָן פּונקט ווי מ'האָט זיי געהייסן. די אַנדערע ענטלעך אַרום האָבן עס צוגעזען און געזאָגט הויך אויפֿן קול, „זעט נאָר וואָס ס'גייט דאָ אָן. איצט וועלן מיר האָבן נאָך אַ מחנה ענטלעך, אַזוי ווי מיר וואָלטן ניט געהאַט גענוג מיט אונדזערע אייגענע. טפֿו! קוקט אויף דעם מאָדנעם ענטל דאָרטן. אַזאַ וועלן מיר ניט

פֿאַרטראָגן", און גלײַך איז דאָס ענטל אויף אים אַרויפֿגעפֿלויגן און אים אַ ביס געטאָן אין קאַרק.

„לאָז אים אָפּ", האָט געזאָגט די מוטער. „ער טשעפּעט דיך ניט".

„טאַקע ניט", האָט דער שלעגער געזאָגט.

„ער איז, אָבער, אַזאַ מאָדנער און אַזוי אומגעלומפּערט, אַז מע מוז אים שלאָגן".

„זיי זײַנען אַלע שיינע קינדער", האָט דאָס אַלטע ענטל מיטן בענדל אַרומען פֿיסל געזאָגט. „אַלע זעען זיי אויס גוט, אַחוץ דעם דאָזיקן. ער איז ניט פֿון גוטן סאָרט. הלוואַי וואָלט איך די מאַמע געקענט בעסער פֿאַרמירן. ס'אַ רחמונות וואָס ער וועט שוין אַזוי מוזן בלײַבן".

„אפֿשר איז ער ניט אַזוי שיין", האָט די מוטער געזאָגט, „אָבער ער איז אַ טײַער באַשעפֿעניש. ער שווימט אַזוי שיין ווי די אַנדערע. איך מעג זאָגן און אַפֿילו צוגעבן, אַז ער וועט שענער ווערן ווען ער וועט אַ ביסל עלטער ווערן. און אפֿשר וועט ער מיט דער צײַט קלענער ווערן. ער איז צו לאַנג געלעגן אין איי, דעריבער האָט ער אַן אַנדער געשטאַלט". די מוטער האָט דאָס ענטל אַ גלעט געטאָן איבערן האַלדז. „אַן ער מוז ניט זײַן אַזוי שיין ווי אַ זי. ער וועט אָן ספֿק זײַן שטאַרק. ער וועט דורכברעכן זײַן וועלטל", האָט די מוטער ווײַטער געזאָגט.

„די אַנדערע ענטלעך זײַנען זייער שיין", האָט דאָס עלטערע ענטל געזאָגט. „אַצינד מעגט איר זיך מאַכן היימיש. און אויב איר געפֿינט אַ קאָפּ פֿון אַ ווענגער מעגט איר אים מיר ברענגען".

נאָך דעם האָבן זיי זיך געפֿונען זייער היימיש. דאָס אָרעמע ענטל, וואָס איז שפּעט פֿון איי אַרויס און איז געווען זייער מיאוס, האָבן סײַ די אַנדערע ענטלעך, סײַ די הינער געשלאָגן, אומגעטריבן און אויסגעלאַכט. „ער איז צו גרויס", האָבן זיי געזאָגט.

און דער אמתער אינדיק וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט שפּאָרן האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ גאַנצן קייסער. ער האָט זיך אָנגעבלאָזן כּמעט אַזוי גרויס ווי אַ זעגלשיף מיט ווינט אין די זעגלען און איז צוגעלאָפֿן צום מיאוסן ענטל און שטייענדיק איבער אים האָט ער זיך אָנגעגוידערט ביז זײַן פּנים איז אין גאַנצן רויט געוואָרן. דאָס ענטל, נעבעך, איז געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט ניט געוווּסט ווּו זיך צו קערן. ער איז געווען פֿאַרצרהט צוליב זײַן מאָדנעם, מיאוסן אויסזען און דערפֿאַר וואָס דאָס גאַנצע הינערהויז האָט פֿון אים חוזק געמאַכט.

אַזוי איז דער ערשטער טאָג אַריבער. שפּעטער איז אַלץ ערגער און ערגער געוואָרן. דאָס ענטל איז געווען געיאָגט און געפּלאָגט און געטריבן פֿון אַלעמען. אַפֿילו זײַנע שוועסטער און ברידער האָבן אים ניט געקענט פֿאַרלײַדן. זיי האָבן תּמיד געזאָגט, „נאָר די קאַץ זאָל דיך נעמען, דו מיאוסקייט אײנע". און אַפֿילו זײַן אייגענע מוטער האָט געזאָגט, „הלוואַי וואָלטסטו שוין געווען ווײַט פֿון דאַנען". די ענטלעך האָבן אים געשלאָגן, די הינער האָבן אים געפּיקט, און דאָס מיידל וואָס פֿלעגט די אַלע עופֿות פֿיטערן האָט אים געבריקעט מיטן פֿוס.

ווען דאָס האָט פּאַסירט, האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און אַריבערגעפֿלויגן דעם צוים. די פֿייגל זײַנען זיך פֿון שרעק צעפֿלויגן.

דאָס איז ווײַל איך בין מיאוס, האָט דאָס ענטל, נעבעך, געטראַכט און האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און איז ווײַטער געפֿלויגן. איז אויסגעקומען, אַז ווען ער האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן האָט ער זיך געפֿונען אין אַ גרויסן זומפּ. דאָרטן זײַנען געווען אַ סך ווילדע ענטלעך. ער איז געווען אַזוי מיאוס און פֿאַרצרהט, אַז ער איז דאָרטן פֿאַרבליבן אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פֿרי זײַנען די ווילדע ענטלעך אָנגעפֿלויגן אָנצוקוקן זייער נײַעם חבֿר.

„וואָס פֿאַר אַ באַשעפֿעניש ביסטו?" האָבן זיי אים געפֿרעגט, בעת דאָס ענטל האָט זיך געדרייט אין אַלע זײַטן און האָט זיי באַגריסט אויפֿן בעסטן אופֿן וואָס ער האָט געקענט.

„דו ביסט שרעקלעך מיאוס", האָבן זיי געזאָגט. „אָבער דאָס מאַכט אונדז ניט אויס ווי לאַנג דו גייסט ניט מיט אונדז אין שידוכים".

נעבעך! ער האָט אַפֿילו ניט געטראַכט וועגן אַ שידוך. ער האָט נאָר פֿאַרלאַנגט, אַז מע זאָל אים לאָזן צווישן די קאַמישן און אים לאָזן טרינקען אַ ביסל זומפּוואַסער.

ער איז דאָרטן שוין אָפּגעלעגן גאַנצע צוויי טעג ווען צווי ווילדע גענדז, אָדער ריכטיק געזאָגט – צוויי גאָנערס – זײַנען אָנגעקומען. זיי זײַנען ניט לאַנג געווען אַרויס פֿון איי און זײַנען געווען זייער דרייסט.

„פֿרײַנד", האָבן זיי געזאָגט, „ביסט אַזוי מיאוס, אַז דו געפֿעלסט אונדז אַזש! וואָלטסטו ניט געוואָלט מיטהאַלטן מיט אונדז און ווערן אַ פֿרײַער פֿויגל? דאָרט ניט ווײַט פֿון דאַנען איז פֿאַראַן נאָך אַ זומפּ, און דאָרט געפֿינען זיך חנעוודיקע ווילדע גענדזלעך. זיי זײַנען אַלע שיינע, יונגע מיידלעך. אוי, קענען זיי קוואַקען! און כאָטש דו ביסט אַזוי מיאוס, קען זײַן, אַז וועסט האָבן מזל און געפֿינען דאָרט אַ כּלה".

אין דער זעלביקער רגע האָט אַ פּיף! פּיף! אָפּגעקלונגען אין דער לופֿטן, און ביידע ווילדע גאָנערס זײַנען שוין געלעגן טויט און דאָס וואַסער איז רויט געוואָרן מיט זייער בלוט. און דאָס שיסערײַ האָט ניט אויפֿגעהערט.

דאָרט, ווײַזט אויס, איז געווען אַ גרויס געיעג. די יעגערס זײַנען געלעגן אויסבאַהאַלטן דאָ און דאָרט אין זומפּ. עטלעכע זײַנען אַפֿילו געזעסן אויף די צווײַגן פֿון די ביימער וואָס זײַנען אַראָפּגעהאָנגען איבערן וואַסער. דער בלויער רויך האָט זיך אויפֿגעהויבן ווי אַ וואָלקן

צווישן די טונקעלע ביימער און זיך פֿאַמעלעך אויסגעדינט און צעשפּרייט ווײַט איבער די קאַמישן.

די יאַגהינט האָבן אַרומגעוואַנדערט אין זומפּ. פּלושק! פּלושק! די גראָזן און די קאַמישן האָבן זיך אונטער זייערע לאַפּעס געבויגן אויף אַלע זײַטן. דאָס ענטל, נעבעך, האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און האָט פֿאַרדרייט זײַן קאָפּ און אים פֿאַרשטעקט אונטערן פֿליגל. און גראָד אין דער זעלביקער רגע האָט זיך באַוויזן לעבן אים אַ גרויסער הונט. די צונג איז בײַ אים אַרויסגעהאָנגען פֿון מויל און זײַנע אויגן האָבן געגלאַנצט שרעקלעך בייז. ער האָט ברייט אויפֿגעעפֿנט די מאָרדע און געוויזן זײַנע שאַרפֿע ציין. ער האָט זײַן נאָסע נאָז צוגעשטעקט צום ענטל און פּלושק! איז אַוועק און דאָס ענטל ניט געטשעפּעט.

אוי, אַ דאַנק דעם אייבערשטן! האָט ערשט אָפּגעאָטעמט דאָס ענטל. איך בין אַזוי מיאוס, אַז אַפֿילו אַ הונט וויל מיך ניט בײַסן!

ער איז געלעגן אין גאַנצן שטיל בעת דער האָגל קוילן האָט זיך געררישט איבערן זומפּ און געקנאַלט, שאָס נאָך שאָס.

ערשט שפּעט אין טאָג האָט זיך דאָס שיסערײַ געענדיקט. דאָס ענטל, נעבעך, האָט זיך ניט דערוועגט צו רירן פֿון אָרט. ער האָט געוואַרט עטלעכע שעה ביז ער האָט זיך גוט אַרומגעקוקט און וואָס גיכער אַנטלאָפֿן פֿון זומפּ. ער איז געלאָפֿן איבער פֿעלד און לאָנקע. ס'איז געווען אַ שטאַרקער ווינט און דאָס האָט געמאַכט שווער דאָס לויפֿן.

שפּעט אין אָוונט איז ער אָנגעקומען צו אַן אָרעמען פּויערס הײַזקע. ער איז געווען אַזוי פֿאַרצרהט און מיד, אַז ער האָט ניט געוווּסט אַוווּ צו פֿאַלן, איז ער געבליבן שטיין. דער שטורעם האָט, אָבער, געבושעוועט אַרום אים אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך געמוזט אַוועקזעצן אויפֿן עק זיך צו האַלטן. ס'איז אַלץ געוואָרן ערגער און ערגער. דעמאָלט האָט ער דערזען, אַז די טיר פֿון דער הײַזקע הענגט

אַזוי קרום, אַז ער וואָלט זיך געקענט דורכקוועטשן דורך דער ספּאַרע. איז ער אַרײַן אין שטוב.

דאָ אין הויז האָט געוווינט אַן אַלטע פֿרוי. זי האָט געהאַט אַ קאָטער און אַ הון וואָס האָבן מיט איר געוווינט. דער קאָטער, וועלכן זי האָט אַ נאָמען געגעבן „סאָני", האָט געקענט וועלבן הויך דעם רוקן, מרוקען און אַפֿילו מאַכן פֿונקען ווען מ'האָט אים געגלעט דעם פֿוטער קריק וועגס. די הון האָט געהאַט קורצע, קליינע פֿיסלעך און זי האָט מען גערופֿן „קורצפֿיסל". זי פֿלעגט לייגן גוטע אייער, און די פֿרוי האָט זי האָלט געהאַט אַזוי ווי אַן אייגן קינד.

אין דער פֿרי האָט מען גלײַך באַמערקט דאָס פֿרעמדע ענטעלע. די קאַץ האָט אָנגעהויבן צו מרוקען און די הון צו קוואָקטשען.

„וואָס איז דאָס עפּעס?" האָט די פֿרוי געפֿרעגט, און זי האָט זיך אַרומגעקוקט. צו גוט האָט זי ניט געזען, האָט זי געמיינט, אַז דאָס יונגע ענטל איז אַ פֿעטע קאַטשקע וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט. „דאָס איז טאַקע אַ זעלטענע מציאה", האָט זי געזאָגט. „אַצינד וועל איך האָבן קאַטשקעאייער – סײַדן ס'איז אַ קאָטשער. מע דאַרף עס אויספּרובירן". זי האָט אים אויספּרובירט אויף דרײַ וואָכן, אָבער ער האָט ניט געלייגט קיין איין איי.

דער קאָטער איז געווען דער האַר אין הויז און די הון די מאַדאַם. זיי האָבן אַלע מאָל געזאָגט, „מיר און די וועלט", ווײַל זיי האָבן געמיינט, אַז זיי זײַנען אַ העלפֿט פֿון דער וועלט און די בעסטע העלפֿט אויך! דאָס ענטל האָט געהאַלטן, אַז מע קען אויך האָבן אַן אַנדער מיינונג. אָבער די הון האָט וועגן דעם אַפֿילו ניט געוואָלט הערן.

„קענסטו לייגן אייער?" האָט זי אים געפֿרעגט.

„ניין".

„טאַקע? טאָ זײַ אַזוי גוט און האַלט דאָס מויל".

און דער קאָטער האָט געפֿרעגט, „קענסטו וועלבן דעם רוקן?

מרוקען? פֿונקען מאַכן?"

„ניין".

„טאַקע? טאָ זאָג ניט דײַן מיינונג ווען חשובֿע מענטשן רעדן".

דאָס ענטל איז געזעסן אין אַ ווינקל מיט אַ צעבראָכן געמיט. ער האָט זיך דערמאָנט אין פֿרישער לופֿט און זונענשײַן. עס האָט אים אָנגענומען אַ גרויסער באַגער צו שווימען אין וואַסער, אַזוי אַז ער האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט עס געמוזט דערציילן דער הון.

„סאַראַ צוקומעניש אויף דיר!" האָט זי זיך צעשריגן. „דו האָסט גאָרניט ניט צו טאָן, טראַכטסטו וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן. אויב דו וואָלטסט געקענט לייגן אייער אָדער כאָטש מרוקען, וואָלטסטו עס גיכער איבערגעקומען".

„ס'איז, אָבער, אַזוי גוט צו שווימען אויפֿן וואַסער און אַזוי געשמאַק ווען דאָס וואַסער גייט אַריבער איבערן קאָפּ און מע דערגרייכט דעם גרונט".

„יאָ, דאָס מוז זײַן אַ גרויסער פֿאַרגעניגן", האָט די הון געזאָגט. „מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט משוגע געוואָרן. פֿרעג דעם קאָטער צי אים געפֿעלט שווימען אויפֿן וואַסער צי אַראָפּטונקען זיך ביזן גרונט. ער איז אַ קלוגער. איך וועל גאָרניט רעדן וועגן זיך אַליין. פֿרעג די אַלטיטשקע, אונדזער באַלעבאָסטע. קיין קליגערע ווי זי איז ניטאָ אויף דער וועלט! גלייבסטו, אַז זי וואָלט געהאַט חשק צו שווימען און לאָזן וואַסער אַריבערגיין איבערן קאָפּ?"

„איר פֿאַרשטייט מיך ניט", האָט דאָס ענטל געזאָגט.

„נו, אויב מיר פֿאַרשטייען דיך ניט, טאָ ווער קען דיך יאָ פֿאַרשטיין? דו וועסט דאָך ניט זאָגן, אַז דו ביסט קליגער פֿונעם קאָטער אָדער פֿון דער אַלטיטשקער! שוין אָפּגערעדט פֿון מיר! רעד זיך ניט אײַן, קינד, און דאַנק דעם אייבערשטן וואָס האָט דיר צוגעגרייט פֿון אַל דאָס

גוטס. ביסטו ניט אַרײַנגעקומען אין אַ וואַרעמער שטוב? אין אַ סבֿיבֿה ווו דו קענסט זיך עפּעס לערנען? דו ביסט, אָבער, אַ פּלאַפּלער און ס'איז אַ קלײנער פֿאַרגעניגן צו זײַן מיט דיר צוזאַמען. מיר מעגסטו גלייבן. איך מיין דײַן טובֿה. איך זאָג דיר אומאָנגענעמענע אמתן. אָבער אַזוי דערקענט מען די אמתע פֿרײַנד! זע נאָר זיך אויסצולערנען לייגן אַן איי און זיך לערנען מרוקען און וועלבן דעם רוקן און אַרויסגעבן פֿונקען".

„מיר דאַכט זיך, אַז כ'וועל גיין אין דער ברייטער וועלט אַרײַן", האָט דאָס ענטל געזאָגט.

„טו ווי דיר געפֿעלט", האָט געזאָגט די הון. און דאָס ענטל איז אַוועק. ער איז פֿאַרבײַגעשווּומען אַ סך באַשעפֿענישן און אַלע האָבן אים אויסגעמײַדט צוליב זײַן מיאוסן אויסזען.

אַצינד איז צוגעפֿאַלן דער האַרבסט. די בלעטלעך אין וואַלד זײַנען געוואָרן ברוין און געל. דער ווינט האָט זיי אויפֿגעהויבן און זיי האָבן אַרומגעטאַנצט, הויך ווו די לופֿט איז געווען זייער קאַלט, און שווערע וואָלקנס זײַנען געהאָנגען פֿול מיט האָגל און שניי. אויפֿן פּלויט איז געשטאַנען די וואָראָנע און געשריגן, קראָ! קראָ! און געציטערט פֿון קעלט. ס'איז געווען אַ ביטער רחמנות אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע דאָס ענטל האָט זיך, נעבעך, געפֿונען.

איין אָוונט, בעת די זון איז פֿאַרגאַנגען מיט פּראַכט, איז אַ גאַנצע טשאַטע שיינע, גרויסע פֿייגל אַרויסגעפֿלויגן פֿון די קוסטן. דאָס ענטל האָט נאָך אַזוינע שיינהייטן קיין מאָל ניט געזען. אַלע זײַנען זיי געווען בלענדנדיק ווײַס מיט לאַנגע חנעוודיקע העלדזער. דאָס זײַנען געווען שוואַנען, און זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנעם קלאַנג. זיי האָבן צעשפּרייט זייערע פּראַכטיקע לאַנגע פֿליגלען און אַוועקגעפֿלויגן פֿון דעם קאַלטן לאַנד אין וואַרעמערע ערטער צו אָפֿענע וואַסערן. זיי זײַנען געפֿלויגן הויך, אַזוי הויך, אַז דאָס קליינע, מיאוסע ענטל האָט

דערפֿילט אַן אומרויִקייט אין זיך און האָט זיך אַרומגעדרייט אין וואַסער ווי אַ ראָד. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז אין דער לופֿטן און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי ווי אין גאַנצן ניט פֿון זיך און זיך אַליין אַזש דערשראָקן. אוי, ער האָט שוין ניט געקענט פֿאַרגעסן יענע שיינע, גליקלעכע פֿייגל. ער האָט זיך אונטערגעטונקען ביז צום גרונט. און ווען ער איז אַרויף איז ער ווידער צוריקגעקומען צו זיך. ער האָט זיי, אָבער, ליב באַקומען, מער ווי אַנדערע באַשעפֿענישן. ער האָט זיי ניט מקנא געווען. ווי וואָלט עס אים געקענט גאָר אײַנפֿאַלן צו באַגערן אַזאַ שיינקייט פֿאַר זיך? ער וואָלט געווען צופֿרידן אויב די ענטלעך וואָלטן אים נאָר געלאָזט צו רו!

דער ווינטער איז געווען קאַלט, זייער קאַלט. דאָס ענטל האָט געמוזט אַרומשווימען אין וואַסער ניט אײַנגעפֿרוירן צו ווערן. יעדער נאַכט, אָבער, איז דער לאָך אין אײַז, ווו ער איז געשווומען, געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. ס'האָט אַזוי שטאַרק געפֿרוירן, אַז דאָס אײַז האָט זיך געבערעקלט. דאָס ענטל האָט כּסדר געמוזט פּאַטשן מיט די פֿיסלעך אין וואַסער כּדי ניט פֿאַרפֿרוירן צו ווערן. סוף־כּל־סוף איז ער מיד געוואָרן און דאָס אײַז איז אַרום אים אײַנגעפֿרוירן.

אין דער פֿרי איז אַ פּויער אָנגעקומען און האָט אים דערזען. ער איז צוגעגאַנגען צום ענטל און האָט מיט זײַנע הילצערנע שיך אַרומגעבראָכן דאָס אײַז און דאָס ענטל געבראַכט אַהיים צו זײַן ווײַב. דאָרט האָט דאָס ענטל אויפֿגעלעבט.

די קינדער האָבן זיך געוואָלט שפּילן מיט אים. דאָס ענטל האָט, אָבער, געמיינט, אַז מע וויל אים טאָן שלעכטס, איז ער אַרײַנגעפֿלויגן, אַ דערשראָקענער, אין אַן עמער מילך. די מילך האָט זיך אויסגעגאָסן אויפֿן דיל. די פֿרוי האָט געשריגן און צוװאָרפֿן די הענט אין דער לופֿטן. ער איז אַרײַנגעפֿלויגן אין דער דייזשע פּוטער, און פֿון פּוטער אין אַ פֿעסל מעל און ווידער אַרויס. נו, שטעלט זיך נאָר פֿאָר ווי דאָס האָט אויסגעזען. די פֿרוי האָט געשריגן און זיך געיאָגט נאָך

אים מיט דער קאָטשערע, און די קינדער זײַנען געלאָפֿן און געפֿאַלן איינס איבערן אַנדערן, כּדי צו כאַפּן דאָס ענטל. זיי האָבן געלאַכט און געשריגן. ס׳איז נאָר גוט געווען וואָס די טיר איז געווען אָפֿן. ער איז אַרויס און אַרײַנגעפֿליגן צווישן די קוסטן אין פֿריש געפֿאַלענעם שניי. דאָרט איז ער געלעגן ווי נאָך אַ בייזן חלום.

ס׳וועט זײַן צו טרויעריק צו דערציילן די צרות און ליידן וואָס דאָס ענטל האָט איבערגעלעבט דורך דעם גאַנצן שווערן ווינטער. ווען ער איז געלעגן אין זומפּ צווישן די קאַמישן האָט די זון ווידער גענומען שײַנען און וואַרעמען. דאָס טרילערל האָט זיך ווידער צעזונגען.

נאָר פּלוצלינג האָט ער אויפֿגעהויבן זײַנע פֿליגל. זיי האָבן דורכגעריסן די לופֿט שטאַרקער ווי ווען עס איז פֿריִער און מעכטיק אים פֿאַרטראָגן ווײַט. און איידער ער האָט זיך דערוווּסט וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען, האָט ער זיך געפֿונען אין אַ גרויסן גאָרטן ווו עפּלביימער האָבן געבליט און בעז האָט געדופֿט און איז געהאָנגען אויף לאַנגע, גרינע צווײַגן איבער געשלענגלטע קאַנאַלן. אוי, דאָרט איז געווען אַזוי שיין און פֿריש דער פֿרילינג! און פֿון דער געדיכטקייט אַרום זײַנען אַרויסגעשווומען דרײַ שיינע, ווײַסע שוואַנען. זיי האָבן צעבלאָזן זייערע פֿעדערן און זײַנען זייער לײַכט געשווומען אויפֿן וואַסער. דאָס ענטל האָט דערקענט די יעניקע שיינע באַשעפֿענישן, און עס איז אים באַפֿאַלן אַ געפֿיל פֿון צער און אומעט.

„כ׳וועל פֿליִען אַהין צו זיי, צו די קיניגלעכע פֿייגל און זאָלן זיי מיך צעפּיקן אויף טויט, ווײַל איך בין אַזוי שרעקלעך מיאוס, אַז איך טאָר אַפֿילו ניט נאָענט צוגיין צו זיי. נאָר דאָס איז מיר אַלץ איינס! בעסער דערהרגעט צו ווערן פֿון זיי איידער געקנײַפּט צו ווערן פֿון די ענטלעך, געפּיקט פֿון די הינער און געבריקעט פֿונעם דינסטמיידל, וואָס פּאַסט אויף אויפֿן הינערהויף, און לײַדן אַזוי פֿיל צרות דורכן ווינטער.

איז ער אַרויסגעפֿלויגן צום וואַסער און צוגעשווומען צו די שיינע שוואַנען. די שוואַנען האָבן אים דערזען און זיך געאײַלט צו אים מיט זייערע פֿונאַנדערגעבלאָזענע פֿעדערן.

„דערהרגעט מיך", האָט דאָס אָרעמע באַשעפֿעניש געזאָגט און אַראָפּגעבויגן זײַן קאָפּ גלײַך מיטן וואַסער און געוואַרט אויפֿן טויט. אָבער וואָס האָט ער דערזען אָפּגעשפּיגלט דאָרט אין דעם קלאָרן וואַסער? ער האָט דערזען אונטער זיך זײַן אייגן פּנים: ס'איז ניט געווען מער דער אומגעלומפּערטער, טונקל גרויער פֿויגל, מיאוס און אָפּשטויסיק. ער אַליין איז געווען אַ שוואַן. געבוירן ווערן אין הינערהויף מאַכט גאָר ניט אויס ווען מע ליגט אין אַ שוואַנענאיי.

ער איז געווען צופֿרידן וואָס ער האָט דורכגעלעבט אַלע צרות און אומגליקן, ווײַל אַצינד וועט ער בעסער אָפּשאַצן זײַן גרויס גליק און די שיינקייט פֿון דער וועלט אַרום זיך.

און די גרויסע שוואַנען זײַנען געשווומען אַרום און אַרום אים און האָבן אים געגלעט מיט זייערע שנאָבלען.

אין גאָרטן זײַנען אָנגעקומען עטלעכע קליינע קינדער און האָבן געוואָרפֿן ברעקלעך ברויט און קאָרן אין וואַסער אַרײַן. און דער קלענסטער האָט אויסגעשריגן, „אָט איז דאָך אַ נײַער!" און די אַנדערע קינדער האָבן מיטגעשריגן מיט פֿרייד, „טאַקע אַ נײַער!" און זיי האָבן געפּאַטשט מיט די הענטלעך און אַרומגעטאַנצט און געלאָפֿן צו זייערע פֿאָטערס און מוטערס. זיי האָבן געוואָרפֿן ברויט און קיכלעך אין וואַסער און אַלע האָבן געזאָגט, אַז דער נײַער איז דער שענסטער: אַזוי יונג און חנעוודיק. און די אַלטע שוואַנען האָבן זיך געניייגט פֿאַר אים.

ער האָט זיך געפֿילט זייער שעמעוודיק און האָט באַהאַלטן זײַן קאָפּ אונטער די פֿליגל. ער האָט אין גאַנצן ניט געוווּסט וואָס דאָ קומט פֿאָר. ער האָט זיך געפֿילט גליקלעך, אָבער ניט שטאָלץ, מחמת

גוטע הערצער זײַנען קיין מאָל ניט שטאָלץ. ער האָט געטראַכט וועגן ווי ער איז געווען פֿאַרפֿאָלגט און פֿאַרשפּאָט, און אַצינד האָט ער נאָר געהערט ווי אַלע זאָגן, אַז ער איז דער שענסטער פֿון אַלע פּראַכטיקע פֿייגל. דער בעז האָט געבויגן זײַנע צווײַגן אין וואַסער פֿאַר אים, און די זון האָט געשײַנט וואַרעם און ליכטיק. דעמאָלט האָט דער נײַער, שיינער שוואַן אַ שאָרך געטאָן מיט די פֿעדערן, אויפֿגעהויבן זײַן שלאַנקן האַלדז הויך און אַרויסגעזונגען זײַן פֿרייד פֿון טיפֿסטן האַרצן אַרויס, „כ׳האָב קיין מאָל ניט געחלומט פֿון אַזוי פֿיל גליק ווען איך בין געווען דאָס מיאוסע ענטל".

# 15

# די פאַסטעכקע און דער קוימען־קערער

האָט איר ווען עס איז געזען אַן אַלטע שאַפּע אין גאַנצן שוואַרץ און פֿאַרעלטערט און באַצירט מיט פֿאַרשיידענע בלעטער־שניצונגען און מאָדנע פֿיגורן? פּונקט אַזאַ איז געשטאַנען אין אַ געוויסן זאַל. די שאַפּע איז געווען אַ ירושה פֿון אַן עלטער־באָבע און אויסגעשניצט מיט רויזן און טולפּאַנען פֿון אויבן ביז אַראָפּ, און פֿון די אויסטערלישע באַפּוצונגען האָבן קליינע הירשן אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּ.

אין מיטן דער שאַפּע איז געשטאַנען אַ גאַנצער אויסגעשניצטער מענטש. קוקנדיק אויף אים פֿלעגט אָננעמען אַ געלעכטער, און ער אַליין פֿלעגט שמייכלען. מען האָט עס ניט געקענט רופֿן לאַכן: ער האָט געהאַט ציגנבעקישע פֿיס, קליינע הערנער אויפֿן שטערן און אַ לאַנגע באָרד. די קינדער אין שטוב פֿלעגן אים רופֿן „אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפֿיס”. דאָס איז געווען אַ שווערער נאָמען אויסצורעדן. זייער ווייניק, אָבער, באַקומען אַזאַ טיטל. נאָר דאָס אַליין, וואָס מ’האָט אים אויסגעשניצט איז אויך עפּעס.

פֿונדעסטוועגן איז ער דאָרט געשטאַנען און תּמיד אַריבערגעקוקט צום טיש הינטערן שפּיגל, ווײַל דאָרט איז געשטאַנען אַ חנעוודיקע, קליינע פּאַסטעכקע פֿון פּאָרצעלײַ. אירע שיכלעך זײַנען געווען באַגילדטע. איר קלייד איז געווען באַצירט מיט אַ רויטער רויז. איר הוט איז געווען גאָלד. אַפֿילו איר פּאַסטעך־שטעקן איז געווען פֿון גאָלד. זי איז טאַקע געווען שיין.

דערבײַ לעבן איר איז געשטאַנען אַ קליינער קוימען־קערער, שוואַרץ ווי קויל, אויך געמאַכט פֿון פּאָרצעלײַ. ער איז געווען ריין און שיין ווי אַלע אַנדערע פּאָרצעלײַענע פֿיגורן. דאָס וואָס ער איז געווען אַ קוימענקערער איז נאָר געווען אַן אויספּוץ. דער פּאָרצעלײַ־מאַכער האָט אים אויך געקענט מאַכן פֿאַר אַ פּרינץ. ער האָט טאַקע אַזוי פֿײַן אויסגעזען. זײַן לייטער האָט ער געהאַלטן אַזוי חנעוודיק, און זײַן פּנים איז געווען צאַרט און ראָזעווע ווי בײַ אַ מיידל. דאָס איז געווען אַ טעות, ווײַל עס האָט געמעגט זײַן אַ ביסל שמוציק. ער איז געשטאַנען גאָר נאָענט לעבן דער פּאַסטעכקע. מע האָט זיי ביידע אַוועקגעשטעלט דאָרט ווו זיי זײַנען געשטאַנען, און אַזוי ווי זיי זײַנען געווען נאָענט איינס צום צווייטן האָבן זיי זיך פֿאַרקנסט. זיי זײַנען געווען אַ גוט פּאָרל. ביידע זײַנען געווען יונג און פֿון דעם זעלביקן פּאָרצעלײַ געמאַכט, און ביידע – ציטעריק.

ניט ווײַט פֿון זיי איז געשטאַנען אַ ליאַלקע. זי איז געווען דרײַ מאָל אַזוי גרויס. דאָס איז געווען אַן אַלטער כינעזער. ער האָט זיך געקענט נייגן. ער איז אויך געווען פֿון פּאָרצעלײַ. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז דער קליינער פּאַסטעכקעס זיידע. ער האָט עס ניט געקענט באַווײַזן. ער האָט, אָבער, געהאַלטן, אַז ער האָט איבער איר אַ דעה. דעריבער פֿלעגט ער זיך נייגן צום „אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפֿיס", ווען ער האָט זיך געשדכנט צו איר.

„דאָ האָסטו פֿאַר זיך אַ מאַן", האָט דער אַלטער כינעזער געזאָגט. „אַ בחור וואָס איז, גלייב איך, געמאַכט פֿון גאָלע מאַהאָן־האָלץ. ער קען דיך מאַכן פֿאַר דער מאַדאַם אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפֿיס. ער האָט אַ פֿולן קאַסטן מיט זילבערוואַרג, און ווער ווייסט וויפֿל אוצרות ער האָט באַהאַלטן אין זײַנע שופֿלאָדן".

„איך וויל ניט גיין ווױנען אין דער פֿינצטערער שאַפֿע!" האָט די קליינע פּאַסטעכקע געזאָגט. „איך האָב געהערט זאָגן, אַז ער האָט

דאָרט עלף פֿאָרצעלײַענע ווײַבער!"

„נו, וועסטו זײַן די צוועלפֿטע", האָט געזאָגט דער כינעזער. „הײַנט אָוונט, ווי נאָר די אַלטע שאַפֿע וועט זיך אָנהייבן צו שאָקלען, וועלן מיר פֿראַווען אַ חתונה, ווי איך בין אַ כינעזער!" ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אײַנגעשלאָפֿן. די פֿאַסטעכקע האָט זיך צעוויינט און געקוקט אויף איר אמתן געליבטן – דעם פֿאָרצעלײַענעם קוימען־קערער.

„איך בעט דיך", האָט זי צו אים געזאָגט, „לאָמיר אַנטלויפֿן פֿון דאַנען אין דער ברייטער וועלט אַרײַן, ווײַל דאָ קענען מיר שוין מער ניט פֿאַרבלײַבן".

„איך וועל טאָן וואָס נאָר דו פֿאַרלאַנגסט פֿון מיר", האָט דער קליינער קוימען־קערער געזאָגט. „לאָמיר תּיכּף גיין. איך מיין, אַז איך וואָלט דיך געקענט מפֿרנס זײַן מיט מײַן טאַלאַנט!"

„מיר דאַרפֿן נאָר אַראָפּגיין פֿון טיש", האָט זי געזאָגט. „איך וועל קיין מאָל ניט זײַן צופֿרידן אויב מיר וועלן ניט אַרויס אין דער ברייטער וועלט!"

און ער האָט זי געטרייסט און געוויזן ווי אַזוי זי זאָל שטעלן אירע פֿיסלעך אויף די אויסגעשניצטע קאַנטן, און פֿון איין באַגילדטן בלאַט אויף דעם צווייטן ביז אַראָפּ צו די פֿיס פֿון טיש. זײַן לייטער האָט ער אויך אַוועקגעשטעלט צו העלפֿן. אַזוי זײַנען זיי אַראָפּ אויפֿן דיל. אָבער ווען זיי האָבן נאָר אַ בליק געטאָן אויף דער אַלטער שאַפֿע איז דאָרט געוואָרן אַזאַ גערודער, אַז אַלע אויסגעשניצטע הירשן האָבן אויסגעצויגן זייערע העלדזער, געשאָקלט מיט די קעפּ און געוואָרפֿן מיט די הערנער. דער אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפֿיס איז אַרויפֿגעשפּרונגען אין דער לופֿטן און האָט געשריגן צום אַלטן כינעזער, „זיי אַנטלויפֿן! זיי אַנטלויפֿן!"

דאָס האָט זיי אַזוי דערשראָקן, אַז זיי זײַנען אַלע גיך אַרײַנגעשפּרונגען אינעם שופֿלאָד פֿון פֿענצטערבענקל. דאָרט זײַנען געלעגן עטלעכע טעשלעך קאָרטן, אַנדערע ניט אין גאַנצן פֿולע און אַ קליינער פּופּן־טעאַטער. ער איז געווען זייער גוט צוזאַמענגעשטעלט און מע האָט דאָרט געשפּילט קאָמעדיעס און דראַמעס. אַלע מלכּות – די לעקעך־מלכּה, די אייכל־מלכּה, די שפּאַג־מלכּה און די פּיק־מלכּה זײַנען געזעסן אין דער ערשטער ריי און האָבן זיך געפֿאָכט מיט טוליפּאַנען. הינטער זיי, אין אַ ריי, זײַנען געשטאַנען די פּויערים און האָבן געוויזן, אַז זיי האָבן קעפּ פֿון אויבן און פֿון אונטן, אַזוי ווי קאָרטן זײַנען געמאַכט. דאָס שפּיל האָט זיך געהאַנדלט וועגן פֿאַרליבטע וואָס מ׳האָט זיי ניט געלאָזט חתונה האָבן. די פּאַסטעכקע האָט דערבײַ ביטער געוויינט, ווײַל דאָס איז געווען אַקוראַט ווי איר אייגענע לעבנס־טראַגעדיע.

„איך קען עס שוין מער ניט אַריבערטראָגן!" האָט זי געקלאָגט. „איך מוז תּיכּף אַרויס פֿון שופֿלאָד". אָבער ווי נאָר זיי זײַנען אַרויף אויפֿן דיל האָבן זיי דערזען דעם אַלטן כינעזער אַ דערוואַכטן. ניט נאָר זײַן קאָפּ האָט זיך געטרייסלט, נאָר זײַן גאַנצער קערפּער. „דער אַלטער כינעזער קומט!" האָט די פּאַסטעכקע אויסגעשריגן און איז אַנידערגעפֿאַלן אויף איין פֿאַרצעלײַענעם קני, אַזוי צעטראָגן איז זי געווען.

„כ׳האָב אַן אײַנפֿאַל!" האָט געזאָגט דער קוימען־קערער. „לאָמיר אַרײַנקריכן אין דעם טאָפּ פֿון געטריקנטע בלומען־בלעטער וואָס שטייט דאָ אין ווינקל. דאָרט וועלן מיר ליגן אויף רויזן און לאַווענדל און אים, דעם כינעזער, קענען שיטן זאַלץ אין די אויגן אויב ער וועט קומען צו נאָענט צו אונדז".

„ס׳וועט ניט טויגן", האָט זי געזאָגט. „אַחוץ דעם ווייס איך, אַז דער אַלטער כינעזער האָט מיט יענעם טעפּל געשפּילט אַ ליבע און פֿון זייער אַלטער ליבע איז זיכער עפּעס נאָך פֿאַרבליבן. ניין, ס׳איז

קיין אַנדער זאַך פֿאַר אונדז ניט פֿאַרבליבן, נאָר צו גיין אין דער ברייטער וועלט אַרײַן!"

„האָסטו טאַקע גענוג מוט מיט מיר צו גיין אין דער ברייטער וועלט אַרײַן?" האָט זי דער קוימען־קערער געפֿרעגט. „האָסטו זיך באַטראַכט ווי גרויס די וועלט איז און, אַז מיר וועלן קיין מאָל ניט קענען קומען צוריק?"

„יאָ, איך האָב זיך גוט באַטראַכט", האָט זי געזאָגט.

דער קוימען־קערער האָט זי אָנגעקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן און אַזוי געזאָגט: „מײַן וועג פֿירט צווישן קוימענס און קאַכל־אויוונס. האָסטו גענוג מוט מיט מיר צו קריכן דורך טרובעס און אײַזערנע רערן? קומען מיר נאָר צו צום קוימען, ווייס איך שוין וואָס איך האָב צו טאָן! מיר שטײַגן אַרויף אַזוי הויך, אַז קיינער וועט אונדז ניט קענען דערגרייכן, און אויבן אַרויף צו איז פֿאַראַן אַ לאָך, וואָס פֿירט צו דער ברייטער וועלט".

און ער האָט זי צוגעפֿירט צו דער טיר פֿון אויוון. ס'איז אַזוי שוואַרץ דאָרטן", האָט זי געזאָגט. זי איז, אָבער, מיט אים געגאַנגען צווישן די אויוונס און רערן, וווּ ס'איז געווען שטאָק פֿינצטער, פֿינצטער ווי די נאַכט.

„אַצינד זײַנען מיר אין קוימען!" האָט ער געזאָגט. „און זע נאָר! זע! אויבן איבער אונדז שײַנען די שיינע ליכטיקע שטערן".

און עס איז טאַקע געווען אַ שטערן אין הימל וואָס האָט איבער זיי געשײַנט אַזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט ווײַזן דעם וועג. ס'איז געווען אַ ביטערער וועג. זיי זײַנען געקראָכן און געקלעטערט העכער און העכער, אָבער ער האָט זי אונטערגעהויבן און צוגעהאַלטן און איר געוויזן דעם בעסטן אָרט וווּ צו שטעלן איר פּאָרצעלײַען פֿיסל. און אַזוי האָבן זיי דערגרייכט דעם ראַנד פֿון קוימען און זיך דאָרט

אַוועקגעזעצט. זיי זײַנען געוועזן זייער מיד, און ס'איז געווען פֿאַר וואָס.

דער הימל מיט אַלע זײַנע שטערן איז געווען אויסגעשפּרייט פֿון אויבן, און אַלע דעכער פֿון שטאָט האָבן זיי געזען פֿון אונטן. זיי האָבן געקענט זען ווײַט און ברייט די גרויסע וועלט אַרום זיך. די פּאַסטעכקע, נעבעך, האָט קיין מאָל ניט געטראַכט פֿון עפּעס אַנדערש. זי האָט פֿאַרוואָרפֿן איר קעפּל אויף דעם קוימען־קערערס אַקסל און זיך ביטער צעוויינט, אַזוי אַז דאָס גאָלד פֿון איר שלייף איז אָפּגעקראָכן.

„דאָס איז שוין צו פֿיל", האָט זי געזאָגט. „דאָס קען איך שוין ניט אויסהאַלטן! די וועלט איז צו גרויס! הלוואַי וואָלט איך געווען צוריק אויפֿן טישל הינטערן שפּיגל! כ'וואָלט געווען גליקלעך דאָרט ווידער צו זײַן. איך בין דיר נאָכגעגאַנגען אין דער ביטערער וועלט. אַצינד קענסטו מיר געבן נאָכגיין צוריק אַהיים, אויב דו האָסט מיך נאָך אַ ביסל האָלט!"

דער קוימען־קערער האָט געפּרוּווט זי איבעררעדן, אַז עס האָט ניט קיין זין צו גיין צוריק אַהיים. ער האָט זי דערמאָנט וועגן דעם אַלטן כינעזער און דעם אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפֿיס. זי האָט, אָבער, אַזוי ביטער געיאָמערט און געקושט אַזוי שטאַרק איר קליינעם קוימען־קערער, אַז ער האָט געמוזט טאָן וואָס זי האָט אים געבעטן, הגם ס'איז געווען נאַריש.

מיט גרויס שווער־קייט זײַנען זיי ווידער אַראָפּ דורכן קוימען. זיי זײַנען געקראָכן דורך טרובעס און אײַזערנע רערן. דאָס איז ניט געווען גרינג, אָבער מיט דער צײַט האָבן זיי דערגרייכט דעם פֿינצטערן קאַכל־אויוון. דערנאָך זײַנען זיי שטילערהייט אַרײַן דורך דער טיר, אויסצוגעפֿינען וואָס עס איז זיך פֿאַרלאָפֿן אין שטוב. דאָרט איז געווען זייער שטיל. נאָר אוי! אויפֿן דיל איז געלעגן דער אַלטער כינעזער. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון טיש ווען ער האָט זיי געוואָלט

נאָכיאָגן. ער איז געלעגן אַ צעבראָכענער אין דרײַ שטיקער. זײַן גאַנצער רוקן האָט זיך אָפּגעבראָכן אין איין שטיק, און דער קאָפּ האָט זיך אַוועקגעקײַקלט אין ווינקל. דער אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפּיס איז געשטאַנען, אַ פֿאַרקלערטער, אויפֿן זעלביקן אָרט ווי ער איז אַ מאָל געשטאַנען.

„ס'איז גרויליק!״ האָט די קליינע פּאַסטעכקע געזאָגט. „דער אַלטער זיידע איז צעבראָכן אויף שטיקער, און מיר זײַנען אין דעם שולדיק! דאָס וועל איך קיין מאָל ניט איבערלעבן!״ און זי האָט געבראָכן אירע קליינע הענטעלעך.

„מע קען אים נאָך פֿאַרריכטן״, האָט געזאָגט דער קוימען־קערער. „מע וועט אים גוט פֿאַרקלאַמערן. זײַ נאָר ניט אַזוי צעטראָגן וועגן אים. מע וועט אים צוזאַמענקלעפּן דעם רוקן און אַרײַנהאַקן אַ קלאַמער אין נאַקן. ער וועט ווידער ווערן אַזוי גוט ווי נײַ און וועט אונדז קענען זאָגן אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן!״

„גלייבסט אַזוי?״ האָט זי געפֿרעגט. און זיי זײַנען צוריק אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן טיש, דאָרט ווו זיי זײַנען פֿריִער געשטאַנען.

„נו, אָט זײַנען מיר דאָ אויף צוריק״, האָט דער קוימען־קערער געזאָגט.

„מיר וואָלטן זיך געקענט אײַנשפּאָרן אַזוי פֿיל צרות״.

„הלוואַי וואָלט מיר דער אַלטער זיידע זײַן פֿאַרריכט״, האָט די פּאַסטעכקע געזאָגט. „איז דאָס צוריק צוזאַמענשטעלן אים זייער טײַער?״

און מע האָט אים טאַקע פֿאַרריכט. די משפּחה האָט אים דעם רוקן צוזאַמענגעקלעפּט און אַ קלאַמער אַרײַנגעטאָן אים אין האַלדז. דאָס האָט אים געמאַכט אַזוי גוט ווי נײַ: נאָר שאָקלען מיטן קאָפּ האָט ער מער ניט געקענט.

„עפּעס האָט איר פֿאַרריסן מיטן קאָפּ זינט איר זײַט צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקער!" האָט געזאָגט דער אייבער־און־אונטער־קריגס־גענעראַל ציגנפֿיס. „מיר דאַכט זיך, אַז עס איז ניטאָ מיט וואָס זיך איבערצונעמען. וועל איך זי קריגן צי ניט?"

דער קוימען־קערער און די פּאַסטעכקע האָבן שטאַרק מורא געהאַט פֿאַרן אַלטן כינעזער. זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז ער זאָל ניט צושאָקלען מיטן קאָפּ. ער האָט עס, אָבער, ניט געקענט טאָן. ער האָט אויך קיינעם ניט געוואָלט אויסזאָגן, אַז ער וועט אייביק האָבן אַ קלאַמער אין זײַן נאַקן.

אַזוי זײַנען די פּאָרצעלײַענע פֿיגורן ווידער געוועזן אַלע צוזאַמען און האָבן געדאַנקט דעם אייבערשטן פֿאַרן קלאַמער אינעם זיידנס נאַקן. די פּאַסטעכקע און דער קוימען־קערער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען ביז זיי זײַנען זיך צעפֿאַלן אויף שטיקער.

# 16

# דער גלאָק



ין אָוונט, אין די שמאָלע געסלעך פֿון דער גרויסער שטאָט, ווען די זון גייט אַראָפּ און די וואָלקנס שײַנען ווי גאָלד צווישן די קוימענס, הערן זיך אַ מאָל משונהדיקע קלאַנגען, אַזוי ווי דאָס קלינגען פֿון אַ קלויסטערגלאָק. דאָס האָט מען, אָבער, געקענט הערן נאָר אַ מאָמענט, ווײַל דאָס רוישן פֿונעם געפֿאָר און דאָס ברומען פֿון מענטשישע שטימען האָט עס פֿאַרטומלט. „דאָס קלינגט דער אָוונטגלאָק", פֿלעגט מען זאָגן. „די זון גייט איצט אונטער".

הינטער דער שטאָט, וווּ די הײַזער שטייען אָפּגעזונדערט איינס פֿונעם אַנדערן, מיט סעדער און קליינע פֿעלדער צווישן זיי, האָט דער הימל אויסגעזען נאָך שענער און פּראַכטיקער, און דער קלאַנג פֿונעם גלאָק האָט אָפּגעקלונגען שטאַרקער און העכער. האָט זיך געדאַכט, אַז ער קומט אַרויס פֿון אַ קלויסטער טיף אין שטילן, שמעקעדיקן וואַלד, און די אײַנוווינערס דאָרטן האָבן וועגן דעם זיך גאַנץ שטאַרק פֿאַרטראַכט און געקוקט אין דער זײַט.

אַ לאַנגע צײַט איז פֿאַרבײַ, האָט איינער גענומען זאָגן דעם אַנדערן, „אפֿשר געפֿינט זיך טאַקע אַ קלויסטער ערגעץ טיף אין וואַלד? דער גלאָק האָט דאָך אַזאַ וווּנדערלעך שיינעם קלאַנג. עס וואָלט געווען כּדאַי אַהין אַוועקצוגיין כּדי נענטער אים אָנצוקוקן". זײַנען די רײַכע געפֿאָרן און די אָרעמע געגאַנגען צו פֿוס. אָבער אַלע האָבן געמיינט, אַז דער וועג איז עפּעס זייער, זייער לאַנג. זײַנען זיי סוף־כּל־סוף

אָנגעקומען צו אַן אָרט ווו עס וואַקסן ווערבעס בײַם ראַנד פֿון וואַלד. זיי האָבן זיך דערווײַל צוגעזעצט און אַרויפֿגעקוקט דורך די לאַנגע צווײַגן. אַלע האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז זיי זײַנען טיף אין וואַלד. אַ צוקערניק איז פֿון שטאָט אָנגעקומען און האָט אויפֿגעשטעלט אַ געצעלט. דערנאָך איז נאָך איינער אָנגעקומען און האָט אויפֿגעהאָנגען אַ גלאָק פּונקט איבער זײַן בײַדל. דעם דאָזיקן גלאָק האָט מען געהאַט אויסגעשמירט מיט סמאָלע, כּדי ער זאָל קענען אַריבערטראָגן שטאַרקע רעגנס. נאָר ס'האָט געפֿעלט דאָס קלעפּל.

ווען מענטשן האָבן זיך אומגעקערט אַהיים האָבן זיי דערציילט, אַז דאָס איז געווען זייער ראָמאַנטיש: דאָס מיינט, עפּעס מער ווי נאָר אַ געוויינטלעכער טיימאָל. דרײַ מענטשן האָבן פֿאַרזיכערט, אַז זיי האָבן דערגרייכט די צווייטע זײַט וואַלד און, אַז זיי האָבן דאָרט אויך געהערט דעם אויסערגעוויינטלעכן קלאַנג. דאָרט האָבן זיי געמיינט, אַז דער קלאַנג קומט פֿון שטאָט.

איינער פֿון זיי האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַ ליד אין וועלכן ער האָט געזאָגט, אַז אין דעם קלאַנג פֿון גלאָק הערט מען ווי אַ מוטער רעדט צו איר טײַער קינד. עס זײַנען ניטאָ קיין מעלאָדיעס וואָס מע וואָלט געקענט פֿאַרגלײַכן צו די קלאַנגען פֿון דעם גלאָק.

ס'איז צוגעצויגן געוואָרן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿונעם קייסער פֿון לאַנד. ער האָט צוגעזאָגט, אַז דער וואָס וועט אויסגעפֿינען פֿון וואַנעט דער קלאַנג קומט וועט באַקומען דעם טיטל „דער וועלטס גלאָקן־קלינגער". אַלץ איינס, ווען עס איז דאָרט קיין גלאָק אין גאַנצן ניט פֿאַראַן.

אַ סך מענטשן זײַנען איצט אַוועק אין וואַלד כּדי צו פֿאַרדינען אַ שטיקל ברויט, אָבער נאָר איינער איז צוריקגעקומען מיט אַוועלכער עס איז דערקלערונג. קיינער איז ניט געווען צו טיף אין וואַלד, און ער אַליין אויך ניט. ער האָט, אָבער, דערציילט, אַז דער קלאַנג קומט

פֿון דער זייער גרויסער סאָווע וואָס שלאָגט אָן אויפֿהער איר קאָפּ אין אַ בוים. צי דער קלאַנג קומט אַרויס פֿונעם פֿויגלס קאָפּ צי פֿון דעם הוילן שטאַם, דאָס האָט ער אויף זיכער ניט געקענט זאָגן. סײַ ווי סײַ האָט ער באַקומען דעם טיטל „דער וועלטס גלאָקן־קלינגער", און ער פֿלעגט אָנשרײַבן יעדעס יאָר אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דעם פֿויגל. קיינער איז, אָבער, פֿון דעם ניט קליגער געוואָרן.

גראַד איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿירמאַציע. דער גלח האָט גערעדט מיט אַזוי פֿיל געפֿיל און שיינקייט, אַז די קאָנפֿירמירטע זײַנען געוואָרן שטאַרק אָנגערירט. עס איז געווען אַ וויכטיקער טאָג פֿאַר זיי. זיי זײַנען פֿון קינדער געוואָרן דערוואַקסענע.

עס איז געווען אַ שיינער, זוניקער טאָג. די קאָנפֿירמירטע ייִנגלעך און מיידלעך זײַנען אַרויס פֿון שטאָט אויף אַ שפּאַציר, און פֿון וואַלד האָט אַרויסגעקלונגען אַלץ שענער און קלאָרער דאָס קול פֿון דעם אומבאַוווּסטן גלאָק. זיי זײַנען אַלע, חוץ דרײַ, פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ באַגער אַהין צו גיין. איינס פֿון זיי האָט געדאַרפֿט צוריקגיין אַהיים אָנצומעסטן איר באַלקלייד. צוליב דעם דאָזיקן קלייד און דעם באַל האָט זי דאָס איצט געפּראַוועט איר קאָנפֿירמאַציע. אַניט וואָלט זי די קאָנפֿירמאַציע געמוזט אָפּלייגן אויף איבער אַ יאָר. דער צווייטער איז געווען אַן אָרעם ייִנגל וואָס האָט געליגן אַ רעקל און אַ פּאָר שטיוול פֿון דעם באַלעבאָס' זון, און ער האָט זיי געדאַרפֿט אומקערן צו דער באַשטימטער צײַט. דער דריטער האָט געזאָגט, „איך בין קיין מאָל אין ערגעץ ניט געגאַנגען אָן מײַנע עלטערן און בין אַלע מאָל געווען אַ פֿאָלגעוודיק קינד, וועל איך עס איצט נאָך דער קאָנפֿירמאַציע אויך פֿאַרבלײַבן". און כאָטש ס'איז ניט געווען פֿון וואָס צו לאַכן האָט מען סײַ ווי סײַ געלאַכט.

דעריבער זײַנען פֿון זיי דרײַ ניט געגאַנגען. די אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג. די זון האָט געשײַנט און פֿייגל האָבן געזונגען, און די קינדער האָבן זיך געהאַלטן איינס ס'אַנדערע פֿאַר די הענט און מיטגעזונגען. זיי זײַנען געווען פֿרײַ און לעבנס־לוסטיק, און אַלע גלײַך אָן אונטערשייד אין די אויגן פֿון דעם אייבערשטן.

אָבער צוויי פֿון די ייִנגערע קינדער זײַנען גיך מיד געוואָרן, האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט אַרײַן. צוויי מיידלעך האָבן זיך אַוועקגעזעצט און געפֿלאָכטן בלומענקרענצלעך און זײַנען שוין ניט געגאַנגען. די אַנדערע זײַנען צוגעקומען צו דער גרופּע ווערבעס, וווּ די צוקערניקעס האָבן זיך געפֿונען מיט זייערע געצעלטן. „איצט מעגט איר זײַן זיכער", האָבן די קינדער געזאָגט, „אַז דער גלאָק עקזיסטירט אין גאַנצן ניט. מענטשן האָבן זיך בלויז וועגן דעם אײַנגערעדט".

גראָד אין דער זעלביקער מינוט האָבן פֿון טיפֿן וואַלד זיך געלאָזט הערן שיינע, זיסע קלאַנגען, אַז פֿיר אָדער פֿינף מענטשן האָבן מסכּים געווען זיך אַוועקצולאָזן טיפֿער אין וואַלד אַרײַן. די צווײַגן און בלעטער זײַנען געווען אַזוי געדיכט, אַז עס האָט געשטערט ווײַטער צו גיין. דער יאַסמיניק און דאָס ווינטערייזעלע זײַנען געוואַקסן שטאַרק הויך. די בליִענדיקע שלענדערלעך און די שטעכיקע צווײַגן פֿון די אָזשענעס זײַנען געהאָנגען אין לאַנגע קרענץ פֿון בוים צו בוים. די נאַכטיגאַלן האָבן געזונגען און די זונענשטראַלן האָבן זיך צעשפּילט. עס איז געווען אַ פּראַכט. די מיידלעך האָבן, אָבער, ניט געקענט גיין ווײַטער, ווײַל זיי האָבן ניט געוואָלט אײַנרײַסן זייערע קליידער. דאָרט האָט זיך געפֿונען אַ שטיינערנער באַרג באַדעקט מיט מאָכן פֿון פֿאַרשידענע קאָלירן. אַ קוואַל וואַסער האָט געפּליוסקעט אין אַ סודותדיקער שפּראַך, „קלוק־קלוק".

„איז עס מעגלעך, אַז דאָ זאָל זײַן דער גלאָק?" האָט געפֿרעגט איין ייִנגל. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט און זיך שטאַרק צוגעהערט. ער איז געבליבן ליגן און געלאָזט די אַנדערע גיין ווײַטער.

זיי זײַנען אָנגעקומען צו אַ הײַזקע אויפֿגעשטעלט פֿון קאָרע און צווײַגן. אַ גרויסער בוים מיט ווילדע עפּל איז געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבער דער הײַזקע. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי ער וויל זײַן גאַנץ גערעטעניש אַראָפּוואַרפֿן אויפֿן דאַך, ווו עס זײַנען געוואַקסן בלומען און רויזן. זײַנע לאַנגע צווײַגן האָבן כּמעט פֿאַרדעקט דעם דאַכשפּיץ פֿון וועלכן ס'איז אַראָפּגעהאָנגען אַ גלעקל. זאָל דאָס זײַן דער וואָס מ'האָט געהערט? אַלע, חוץ איינעם, זײַנען געווען זיכער, אַז דאָס איז ער. דער איינער האָט, אָבער, געטענהט, אַז דער גלאָק איז צו קליין און דער קלאַנג צו דין, מע זאָל אים הערן אַזוי ווײַט ווי מ'האָט אים געהערט. און דער טאָן איז גאָר אַן אַנדערער ווי דער וואָס רירט אָן אַזוי שטאַרק מענטשלעכע הערצער. דער וואָס האָט עס אַרויסגערעדט איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דעם קיניגס זון. האָבן די אַנדערע געזאָגט, אַז אַזאַ יונגער־מאַן וויל תּמיד ווײַזן, אַז ער איז קליגער פֿון אַנדערע.

דעריבער האָבן זיי אים געלאָזט גיין אַליין. און וואָס ווײַטער ער איז געגאַנגען, אַלץ מער איז זײַן האַרץ אָנגעפֿילט געוואָרן מיט דעם אומעט פֿון וואַלד. ער האָט, אָבער, נאָך אַלץ געהערט דאָס קליינע גלעקל וואָס אַנדערע האָבן פֿון אים אַזוי הנאה געהאַט. און אַזוי ווי דער ווינט האָט געבלאָזן פֿון דער זײַט ווו די קרעמער זײַנען געווען, האָט ער נאָך געקענט הערן דאָס זינגען בײַם טיימאָל. דאָך האָט די טיפֿע שטים פֿון גלאָק אָפּגעקלונגען העכער און שטאַרקער. עס האָט שוין שיִער ניט אָנגענומען דעם טאָן פֿון אַן אָרגל. דער גלאָק איז געקומען פֿון דער לינקער זײַט, דאָרט ווו ס'ליגט דאָס האַרץ.

פֿון צווישן די קוסטן האָט זיך געהערט אַ שאָרכן. פֿאַרן קיניגס זון איז אַ יִינגל דאָרט געשטאַנען. דאָס יִינגל האָט געטראָגן הילצערנע שיך און אַזאַ רעקל, וואָס די אַרבל זײַנען אויף אים צו קורץ געווען. זיי האָבן זיך געקענט. ער איז געווען דאָס יִינגל וואָס האָט ניט

געקענט מיטגיין און איז אַהיימגעגאַנגען אָפּצוגעבן דאָס רעקל און די שטיוול דעם באַלעבאָס׳ זון, פֿון וועמען ער האָט זיי געליגן. ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָט ער זיך צוריק אָנגעטאָן אין זײַנע קלומפּעס און אין אַלטן רעקל און איז אַוועק קריק אין וואַלד אַליין, ווײַל דער גלאָקנקלאַנג האָט אים אַזוי געצויגן.

„איצט קענען מיר טאַקע גיין צוזאַמען", האָט דעם קיניגס זון געזאָגט. דאָס אָרעמע ייִנגל אין די הילצערנע שיך איז, אָבער, געווען צו שעמעוודיק. ער האָט געצויגן זײַנע קורצע אַרבל און געזאָגט, אַז ער קען ניט גיין אַזוי גיך. ווידער האָט ער געמיינט, אַז דעם גלאָק דאַרף מען זוכן אויף דער רעכטער זײַט, ווײַל אַהין צו איז געראַמער און שענער.

„נו, וועלן מיר זיך אין גאַנצן ניט טרעפֿן", האָט דעם קיניגס זון געזאָגט. ער האָט זיך אָפּגעזעגנט צום אָרעמען ייִנגל, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען אין דעם געדיכטסטן שאָטן אין פֿינצטערסטן טייל וואַלד. די דערנער האָבן צעריסן זײַנע אַלטע קליידער און אים צעקראַצט דאָס פּנים, די הענט און די פֿיס ביז בלוט. דעם קיניגס זון האָט אויך אַרײַנגעכאַפּט עטלעכע שיינע שניטן. די זון האָט, אָבער, געשײַנט אויף זײַן וועג. אים וועלן מיר נאָכגיין, ווײַל ער איז עפּעס אַ קלוגער יונגער־מאַן.

„דעם גלאָק וועל איך און מוז איך געפֿינען", האָט ער געזאָגט, „איך זאָל אַפֿילו דאַרפֿן גיין ביזן עק וועלט".

די מיאוסע מאַלפּעס זײַנען געזעסן אויפֿן בוים און האָבן געקריצט מיט די ציין: „זאָלן מיר אים דערלאַנגען? זאָלן מיר אים דערלאַנגען?" האָבן זיי געזאָגט, „דאָס איז דעם קיניגס זון".

ער איז, אָבער, אומגעשטערט געגאַנגען טיפֿער און טיפֿער אין וואַלד, ווו די ווונדערלעכסטע בלומען וואַקסן. עס זײַנען געווען ווײַסע ליליעס, ווי שטראַלנדיקע שטערן מיט בלוט רויטע שטויבפֿעדעם, און

הימל בלויע טולפּאַנען האָבן געלויכטן פֿון ווינט, און עפּלביימער מיט עפּל וואָס זעען אין גאַנצן אויס אַזוי ווי גרויסע, שײַנענדיקע זייפֿנבלאָזן. שטעלט זיך פֿאָר ווי די דאָזיקע ביימער האָבן געלויכטן אַנטקעגן דער זון!

אַרום אַ פּראַכטיקער לאָנקע, ווו דער הירש און די הינד האָבן זיך געשפּילט אין גראָז, זײַנען געוואַקסן די שענסטע דעמבעס און בוקעס, און פֿון די שפּאַלטן אין דער קאָרע פֿון די ביימער זײַנען אַרויסגעוואַקסן גראָזן און מאָכן. עס זײַנען אויך געווען גרויסע שטיקער וואַלד מיט שטילע, גלאַטע אָזערעס, ווו שוואַנען זײַנען געשווומען און האָבן געפּאַטשט מיט די פֿליגלען. דעם קיניגס זון איז געשטאַנען שטיל און האָט זיך צוגעהערט. אָפֿט מאָל האָט ער געגלייבט, אַז פֿון די דאָזיקע טיפֿע וואַסערן קומט צו אים דער גלאָקנקלאַנג אַרויס. ער האָט, אָבער, גלײַך באַמערקט, אַז עס איז ניט פֿון דאָרטן, אַז דער גלאָקנקלאַנג קומט פֿון אַ סך אַ טיפֿערן אָרט אין וואַלד.

איצט איז די זון פֿאַרגאַנגען. די וואָלקנס זײַנען געוואָרן רויט ווי פֿײַער. אַ טיפֿע, טיפֿע שטילקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן וואַלד. ער איז געפֿאַלן אויף די קני און האָט געזונגען זײַן אָוונט געבעט און געזאָגט צו זיך אַליין: „איך וועל קיין מאָל ניט געפֿינען דאָס וואָס איך זוך. די זון פֿאַרגייט. די נאַכט, אַ פֿינצטערע נאַכט, קומט אָן. אָבער איין מאָל קען איך אפֿשר נאָך אָנקוקן די רונדע, רויטע זון איידער זי פֿאַרשווינדט הינטער דעם האָריזאָנט. איך וועל אַרויפֿקריכן אויף די שפּיציקע שטיינער. זיי הייבן זיך העכער ווי די העכסטע ביימער".

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר די צווײַגן און וואָרצלען און האָט געקלעטערט איבער די נאַסע שטיינער, ווו די וואַסערשלאַנגען האָבן זיך געוואָרפֿן, און די זשאַבעס, האָט זיך אים געדאַכט, האָבן געקוואַקעט אויף אים. ער איז אַרויפֿגעקראָכן פֿון אויבן און האָט געזען די זון איידער זי איז אין גאַנצן פֿאַרגאַנגען. אַ! וואָס פֿאַר

אַ פּראַכטיק בילד ס'האָט זיך אים באַוויזן. דער ים, דער גרויסער גלאָריעדיקער ים, וואָס האָט געוואָרפֿן זײַנע כוואַליעס צום ברעג, איז געלעגן פֿאַר אים אויסגעשטרעקט. די זון איז געשטאַנען ווי אַ גרויסער, שײַנענדיקער מזבח, און דאָרט ווו הימל און ים האָבן זיך באַהאָפֿטן האָט אַלץ זיך צוזאַמענגעשמאָלצן אין גלי־ענדיקע פֿאַרבן. דער וואַלד האָט געזונגען, דער ים האָט געזונגען, און זײַן האַרץ האָט מיטגעזונגען. די גאַנצע נאַטור איז געווען ווי איין גרויסער הייליקער טעמפּל ווו די ביימער און די שוועבנדיקע וואָלקנס זײַנען געווען די זײַלן. די בלומען און דאָס גראָז – די טעפּעכער, און ווי אַ קופּאָל איז דער הימל אַליין געווען. אין דער הייך, דאָרטן ווו דעם קיניגס זון איז געשטאַנען, זײַנען די רויטע פֿאַרבן זיך צעגאַנגען מיט דער זונס פֿאַרשווינדן. אָבער מיליאָנען שטערן האָבן זיך אָנגעצונדן. מיליאָנען דימענטענע לעמפּלעך האָבן זיך צעשטראַלט, און דעם קיניגס זון האָט אויסגעשפּרייט זײַנע הענט צום הימל, צום ים און צום וואַלד.

אָבער דאָ איז מיטן שטעג פֿון דער רעכטער זײַט אָנגעקומען דאָס אָרעמע ייִנגל מיט די קורצע אַרבל און די הילצערנע שיך. ער איז געקומען פּונקט אַזוי שנעל מיט זײַן אייגענעם וועג. זיי זײַנען צוגעלאָפֿן איינער צום אַנדערן און האָבן זיך אָנגענומען פֿאַר די הענט אין דעם טעמפּל פֿון נאַטור און פּאָעזיע, און איבער זיי האָט געקלונגען דער אומזעיִקער, הייליקער גלאָק: געבענטשטע גײַסטער האָבן געשוועבט און געטאַנצט אין אַ פֿריילעכער לויב.

# 17

# די שטאָפּנאָדל



מאָל איז געווען אַ שטאָפּנאָדל וואָס איז געווען בײַ זיך אַזוי פֿײַן און איידל, אַז זי האָט זיך אײַנגערעדט, אַז זי איז אַ ניינאָדל.

„זעט נאָר וואָס איר האַלט!" האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל צו די פֿינגער וואָס האָבן זי געהאַלטן. „האַלט מיך פֿעסט צו! ווען איך זאָל אַראָפּפֿאַלן, וועט איר מיך מער ניט געפֿינען. אַזוי איידל בין איך".

„אַזוי גאָר?" האָבן געזאָגט די פֿינגער, און זיי האָבן זי שטאַרק אָנגענומען בײַ דער טאַליע.

„איר זעט דאָך, אָט קום איך מיט מײַן שלעפּ", און האָט נאָך זיך אַ לאַנגן פֿאָדעם נאָכגעצויגן, אָבער דער פֿאָדעם האָט ניט געהאַט קיין קניפּל.

די פֿינגער האָבן די נאָדל צו דער קעכינס שטעקשיך צוגעפֿירט. די לעדער פֿונעם אייבערשטן טייל איז געווען צעריסן, און מע האָט זי געדאַרפֿט פֿאַרנייען.

„דאָס איז פּראָסטע אַרבעט", האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל. „איך וועל עס ניט אויסהאַלטן. איך וועל צוזאַמענברעכן. איך וועל צוזאַמענברעכן". און זי האָט טאַקע צוזאַמענגעבראָכן. „האָב איך אײַך ניט געזאָגט, אַז איך בין צו איידל?"

איצט טויג זי צו גאָרניט, האָבן געטראַכט די פֿינגער, אָבער זיי האָבן זי נאָך אַלץ פֿעסט געהאַלטן. די קעכין האָט אַרויפֿגעגאָסן טריפֿוואַקס אויף איר און האָט מיט דעם פֿאַרשפּיליעט איר פֿאַטשיילקע.

„נו, איר זעט שוין. איצט בין איך אַ בראָשקע", האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל. איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל נאָך גרויס ווערן. ווען עמעצער האָט אין זיך עפּעס, וועט ער אַלע מאָל קומען צו עפּעס, האָט זי געלאַכט צו זיך אַליין, ווײַל מע קען קיין מאָל ניט זען פֿון דרויסן ווען אַ שטאָפּנאָדל לאַכט. און אַזוי האָט זי זיך געהאַלטן שטאָלץ און שטײַף אַזוי ווי זי וואָלט געזעסן אין אַ פֿײַנער קאַרעטע און האָט זיך אַרומגעקוקט פֿון אַלע זײַטן.

„מעג איך האָבן דעם כּבֿוד דיך צו פֿרעגן צי דו ביסט אַ גאָלדענע?" האָט די שפּילקע געפֿרעגט איר שכנטע. „דו ביסט שיין און אָנגעזען, און דו האָסט אַן אייגענעם קאָפּ אויף זיך, ניט־קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז קליין – דו'סט נאָך זען. ער'ט אויסוואַקסן, ווײַל ניט אַלעמענס ברעג באַגיסט מען מיט טריפּוואַקס". און אָט אַזוי האָט די שטאָפּנאָדל געהאַלטן אין איין באַרימען זיך און האָט זיך אויסגעצויגן אַזוי לאַנג און שטאָלץ, אַז זי איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער פֿאַטשיילקע פּונקט ווען די קעכין האָט דעם אָפּגאָס געריייניקט.

„איצט מאַכן מיר אַ רײַזע", האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל. „איך האָף, אַז איך וועל ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן". אָבער דאָס איז טאַקע געשען.

„איך בין צו פֿײַן פֿאַר דער אָ וועלט", האָט זי אויסגעשריגן און איז אַראָפּ אין רינשטאָק. „איך האָב מיר מײַנע מעלות, און דאָס אַליין גיט מיר אַ ביסל פֿאַרגעניגן", און די שטאָפּנאָדל האָט זיך געהאַלטן פֿריש און מונטער, ניט פֿאַרלירנדיק קיין מוט.

וואָס איז דאָרטן אין רינשטאָק ניט אַרומגעשווומען: שטעקעלעך, שטרוי, שטיקלעך אַלטע צײַטונגען.

„זעסט ווי זיי שווימען פֿריילעך", האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל, „זיי ווייסן ניט וואָס ס'ליגט אונטער זיי. דאָס בין איך. דאָ האָב איך זיך פֿאַרהאַלטן. זעסט, אָט שווימט אַ שטעקעלע פֿאַרבײַ. עס טראַכט פֿון גאָרניט אויסער זיך אַליין און דאָס וואָס עס איז אַ שטעקעלע.

און דאָרט שווימט זיך פֿריילעך אַ שטרוי. זע נאָר ווי ער דרייט זיך און ווײַזט זיך אַרום. טראַכט ניט צו פֿיל וועגן זיך! קענסט זיך נאָך אָנקלאַפּן אין קאַנטשטיין. אָט שווימט אָן אַ צײַטונג. קיינער געדענקט ניט וואָס עס שטייט דאָרט געשריבן, און זע נאָר ווי זי האָט זיך צעשפּרייט. איך זיץ דאָ רויִק און מיט געדולד. איך ווייס ווער און וואָס איך בין, און איך ריר זיך ניט פֿון אָרט".

איין טאָג האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ שיינס און שײַנענדיקס ניט ווײַט פֿון איר. די שטאָפּנאָדל האָט געטראַכט, אַז דאָס מוז געוויס זײַן אַ דימענט. עס איז, אָבער, געווען שטיקלעך גלאָז פֿון אַ צעבראָכענער פֿלאַש. דאָס האָט אַזוי געשײַנט, האָט די שטאָפּנאָדל זיך פֿאָרגעשטעלט ווי אַ בראָשקע:

„ביסטו טאַקע אַ דימענט?"

„יאָ, עפּעס אַזעלכעס".

און אַזוי האָט יעדערער געמיינט, אַז דער אַנדערער איז אַ טײַערער חפֿץ, און זיי האָבן זיך ביידע צערעדט וועגן דער וועלט און אירע נאַרישקייטן.

„איך האָב געוווינט אין אַ קעסטעלע וואָס האָט געהערט צו אַ מיידל", האָט זיך באַרימט די שטאָפּנאָדל. „און דאָס מיידל איז געווען אַ קעכין. זי האָט געהאַט פֿינף פֿינגער אויף יעדער האַנט, און די פֿינגער האָבן זיך געהאַלטן אַזוי גרויס. איך האָב נאָך אַזעלכע פֿינגער ניט געזען. זיי האָבן געדאַרפֿט בלויז מיך אַרויסנעמען פֿון קעסטל און מיך צוריק אַרײַנלייגן אין קעסטל".

„וואָס איז געווען די מעלה בײַ זיי?" האָט געפֿרעגט דאָס צעבראָכענע פֿלעשל.

„מעלות?" האָט געפֿרעגט די שטאָפּנאָדל. „ניין, זיי זײַנען נאָר געווען גרויסהאַלטערס. זיי זײַנען געווען פֿינף ברידער, אַלע אויסגעהאָדעוועטע פֿינגער. זיי זײַנען געשטאַנען אַזוי שטאָלץ איינער

לעבן אַנדערן און געווען פֿון פֿאַרשידענע הייכן. דער נידעריקסטער פֿון זיי דער, גראָבער פֿינגער, איז געווען קורץ און דיק און איז געשטאַנען מחוץ דער ריי און האָט געהאַט בלויז איין געלענק אין רוקן און זיך נאָר איין מאָל געקענט אײַנבייגן. אָבער ער האָט געזאָגט וועגן זיך, אַז אויב אַ מענטש פֿאַרלירט אים, נעמט מען אים ניט פֿאַר קיין סאָלדאַט. דער צווייטער פֿינגער, שמאַנטלעקער, קריכט אין טעפּלעך פֿון זיסנס און זויערס און טײַטלט אויך אויף דער זון און אויף דער לבֿנה. דאָס פֿירט ער אויך די פֿעדער ווען מע שרײַבט. האָלצהעקער איז דער גרעסטער פֿון אַלע. משה פֿידעלע, וואָס שטייט לעבן האָלצהעקער, טראָגט אַ גאָלדן פֿינגערל אויף זיך. קליין יודעלע, דער דאַרסטער און קלענסטער, האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן, און ער איז געווען שטאָלץ דערמיט. זיי זײַנען אַלע געווען באַרימערס און פֿאַרבליבן באַרימערס. נו, בין איך אַראָפּ אין אָפּגאָס".

„און איצט זיצן מיר און שטראַלן", האָט געזאָגט דאָס שטיקל גלאָז. אין מיטן דערינען איז אַ שטראָם וואַסער אָנגעקומען אין רינשטאָק און האָט פֿאַרפֿלייצט אַלע ברעגעס און מיטגענומען דאָס גלאָז מיט זיך.

„הייסט עס, אַז איצט ווערט ער דערהויבן", האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל. „איך בלײַב דאָ זיצן. איך בין צו איידל, בכּבֿודיק". און אַזוי איז זי געבליבן זיצן, שטאָלץ און פֿאַרטיפֿט אין אירע געדאַנקען.

אָפּט מאָל גלייב איך, אַז איך שטאַם אָפּ פֿון אַ זונענשטראַל, אַזוי איידל בין איך. איך טראַכט אויך, אַז אַפֿילו די זון זוכט מיך שטענדיק אָפּ אין וואַסער. אַך, בין איך דין, אַז מײַן אייגענע מאַמע קען מיך קוים געפֿינען. וואָלט איך געהאַט מײַן אַלט אויג וואָס האָט זיך צעבראָכן, גלייבט מיר, וואָלט איך זיך צעוויינט. אָבער ניין! איך וועל ניט וויינען. עס פּאַסט ניט.

איין מאָל האָבן אַ גרופּע גאַסניונגען זיך געגריבלט אין רינשטאָק. זיי האָבן דאָרט געפֿונען אַלטע טשוועקעס, מטבעות און נאָך אַזעלכע אַנטיקן. דאָס איז געווען שמוציקע אַרבעט, אָבער זיי האָבן דערפֿון הנאה געהאַט.

„איַי!" האָט אויסגעשריגן איינער פֿון זיי. ער האָט זיך אַ שטאָך געטאָן מיט דער שטאָפּנאָדל. „אָט דאָס איז אַ ווילער יאַט!"

„ניין, איך בין ניט קיין יאַט. איך בין אַ יונג מיידל", האָט זיך אָפּגערופֿן די שטאָפּנאָדל, אָבער קיינער האָט ניט געהערט. דאָס טריפֿוואַקסענע קעפּל האָט זי שוין לאַנג געהאַט פֿאַרלוירן, און זי איז אין גאַנצן שוואַרץ געוואָרן. אָבער שוואַרץ מאַכט דינער אויסזען און דאָס, האָט זי געטראַכט, האָט איר זייער געפֿאַסט.

„אָט קומט אַן אייער־שאָלעכץ צו שווימען", האָבן געזאָגט די יינגלעך, און זיי האָבן די שטאָפּנאָדל אין שאָלעכץ אַריַינגעשטעקט.

אַ וויַיסע ראַם צו מיַין שוואַרצקייט, האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל, דאָס פּאַסט מיר זייער. איך וועל זיך בעסער אָנזען. הלוואַי ווער איך נאָר ניט ים־קראַנק, וויַיל אויב יאָ וועל איך זיך צעברעכן. זי איז, אָבער, ניט קראַנק געוואָרן און זיך ניט צעבראָכן.

עס איז גוט אַקעגן ים־קרענק צו האָבן אַן איַיזערנעם מאָגן און אַלע מאָל האַלטן אין באַטראַכט, אַז מ'איז אַ ביסל מער דערהויבן ווי מענטשן. עס גייט איבער, אָבער, וואָס דינער מ'איז, אַלץ בעסער קען מען עס פֿאַרטראָגן.

„קראַך!" האָט אויסגעשריגן דאָס אייער־שאָלעכץ, און אַ וואָגן איז אַריבערגעפֿאָרן איבער זיי. אוי, ווי סע דריקט", האָט געזאָגט די שטאָפּנאָדל. איצט קריג איך שוין טאַקע די ים־קרענק. איך צעברעך זיך! איך צעברעך זיך! אָבער זי האָט זיך ניט צעבראָכן. דער וואָגן איז זי איבערגעפֿאָרן און זי ליגט נאָך דאָרטן אויסגעצויגן. און אַזוי זאָל זי טאַקע פֿאַרבליַיבן.

# 18

# דאָס קליינע מיידל מיט די שוועבעלעך

ס'איז געווען שרעקלעך קאַלט. ס'האָט געשאָטן אַ שניי און אַ פֿינצטערער אָוונט האָט זיך אָנגערוקט: דאָס איז געווען דער לעצטער אָוונט פֿון יאָר, ערבֿ נײַיאָר. אין אָט אַזאַ ברענענדיקן פֿראָסט איז אַ קליין, אָרעם מיידל געגאַנגען אויף דער גאַס מיט אַ הוילן קאָפּ און מיט באָרוועסע פּיסלעך. אין דער אמתן, ווען זי האָט פֿאַרלאָזן די שטוב האָט זי געהאַט אַ פּאָר פּאַנטאָפֿל אויף אירע פֿיס. אָבער צו וואָס האָבן זיי געטויגט? זיי זײַנען געווען צו גרויס פֿאַר איר. איר מאַמע פֿלעגט זיי טראָגן, אַזוי גרויס זײַנען זיי געווען. דאָס מיידעלע האָט זיי פֿאַרלוירן ווען זי איז אַריבערגעלאָפֿן די גאַס זיך צו ראַטעווען. צוויי קאָטשן זײַנען אָנגעפֿאָרן מיט אַזאַ געוואַלדיקער גיכקייט, אַז שפּעטער האָט מען איין פּאַנטאָפֿל אין גאַנצן ניט געקענט געפֿינען. אַ ייִנגל איז דערווײַל אָנגעלאָפֿן און פֿאַרכאַפּט דעם צווייטן, זאָגנדיק דערבײַ, „כ'וועל אים מאַכן פֿאַר אַ וויגל, ווען איך וועל אַליין האָבן קינדער".

נו, איז דאָס מיידעלע טאַקע געגאַנגען א באָרוועסע מיט פּיסלעך וואָס זײַנען רויט און בלוי געווען פֿון קעלט. אין איר אַלטן פֿאַרטעך האָט זי געהאַלטן עטלעכע שוועבעלע־פּושקעס. איין פּושקע האָט זי געהאַלטן אין דער האַנט: אַ גאַנצן טאָג האָט בײַ איר קיינער גאָרניט געקויפֿט, און קיינער האָט איר ניט געגעבן קיין איין גראָשן.

הונגעריק און פֿאַרפֿרוירן האָט זי, די קליינע, נעבעך פֿאַרצרהט אויסגעזען. דער שניי האָט פֿאַרשאָטן אירע לאַנגע בלאָנדע האָר,

וואָס האָבן זיך געגרײַזלט און געלאָקט אויף איר נאַקן. אירע לאָקן זײַנען, אָבער, איר ניט געלעגן אין זינען. פֿון אַלע פֿענצטער האָט אַרויסגעשײַנט ליכט. אין גאַס האָט מען געקענט שמעקן דעם ריח פֿון געבראָטענע גענדז. ס'איז געווען ערבֿ נײַיאָר, און פֿון דעם האָט זי טאַקע געטראַכט.

אין אַ ווינקל צווישן צוויי הײַזער, איינס איז געווען מער אַרויס צום גאַס ווי דאָס אַנדערע, איז זי געזעסן אײַנגעקאָרטשעט. אירע קליינע פֿיסלעך האָט זי פֿאַרלייגט אונטער זיך. ס'איז איר געוואָרן אַלץ קעלטער און קעלטער, און אַהיים האָט זי זיך ניט דערוועגט צו גיין, ווײַל זי האָט ניט פֿאַרקויפֿט קיין שוועבעלעך. קיינער האָט איר ניט געגעבן אַפֿילו קיין איין גראָשן צו דערהאַלטן די נשמה. איר טאַטע וועט איר גוט אָנשלאָגן דערפֿאַר, און אין דער היים איז סײַ ווי קאַלט. זיי האָבן קוים אַ דאַך איבערן קאָפּ און דער ווינט בלאָזט אַרײַן דורך די שפּאַרעס אין די ווענט, כאָטש מע האָט זיי געפּרוּווט פֿאַרשטאָפּן מיט שטרוי און שמאַטעס.

אירע הענטלעך זײַנען כמעט אין גאַנצן געווען אָפּגעפֿרוירן. אָך! איין קליין שוועבעלע וואָלט איר זייער געהאָלפֿן. ווען זי וואָלט נאָר געקענט איינס אַרויסצִיִען פֿונעם קעסטעלע און אָנרײַבן עס אין דער וואַנט, וואָלט זי זיך דערוואַרעמט אירע פֿאַרפֿרוירענע הענט. זי האָט איינס אַרויסגעצויגן: ר־ר־זש! אוי, האָט עס געשפּרודלט און געברענט. ס'האָט געמאַכט אַ שײַנענדיקן, וואַרעמען פֿלאַם, אַזוי ווי אַ קליין ליכטל בעת זי האָט אויף דעם אירע הענט געוואַרעמט. ס'האָט זיך צעלויכטן ווּנדערלעך!

דעם קליינעם מיידל האָט זיך געדאַכט, אַז זי זיצט לעבן אַ גרויסן אײַזערנעם אויוון מיט בלאַנקענדיקע מעשענע קנעפּ און אַ מעשענעם דעקל. דער פֿײַער האָט געברענט אַזוי ווּנדערלעך אַ ווײַלינקע און פֿאַרשווּנדן. דאָס מיידעלע איז געבליבן זיצן מיט אַ שטיקל ניט־

דערברענט שוועבעלע אין דער האַנט. זי האָט אַ צווייט שוועבעלע אָנגעצונדן. ס'האָט געברענט זייער ליכטיק. די שײַן איז געפֿאַלן אויף דער וואַנט, און די וואַנט איז געוואָרן דורכזיכטיק. ווי דורך אַ שלייער האָט זי געקענט אַרײַנקוקן אין אַ שטוב און זען ווי דער טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ קלאָר ווײַסן טישטעך מיט פֿינקלענדיקע פּאָרצעלײַנענע טעלער, און ס'האָט געשמעקט מיט געבראָטענער גאַנדז אָנגעפֿילט מיט פֿלוימען און עפּל! און שענער פֿון אַלץ איז געווען, ווען די גאַנדז איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון טאַץ מיט אַ מעסער און אַ גאָפּל אַרײַנגעשטעקטע אינעם רוקן און איז צוגעלאָפֿן צום קליינעם מיידל. דאָס שוועבעלע איז אויסגעגאַנגען. און נאָר אַ גראָבע, קאַלטע וואַנט איז געשטאַנען פֿאַר אירע אויגן.

זי האָט נאָך אַ שוועבעלע אָנגעצונדן. זי איז געזעסן אונטער אַ גרויסן, שיינעם טענענבוים. ער איז נאָך געווען גרעסער און שענער ווי דער וואָס זי האָט אַ מאָל געזען פֿאַראַיאָרן ניטלנאַכט דורך דער גלעזערנער טיר בײַם רײַכן סוחר. טויזנטער ליכט האָבן געברענט אויף די גרינע צווײַגן, און פֿאַרבנרײַכע בילדער וואָס מע זעט זיי נאָר אין בילדער־געשעפֿטן האָבן צו איר אַראָפּגעקוקט. דאָס מיידל האָט אויסגעשטרעקט אירע ביידע הענטלעך אין דער לופֿטן: דאָס שוועבעלע איז אויסגעגאַנגען. אָבער די ליכט האָבן זיך געהויבן העכער און העכער. זי האָט געזען די קלאָרע שטערן. איינער איז אַראָפּגעפֿאַלן און האָט געמאַכט אַ לאַנגן פֿײַערשנור אין הימל.

עמעצער האַלט בײַם שטאַרבן, האָט געטראַכט דאָס מיידל, ווײַל איר אַלטע באָבע, די איינציקע וואָס איז געווען גוט צו איר און איז שוין לאַנג טויט, האָט געזאָגט: „ווען אַ שטערן פֿאַלט, גייט אַ נשמה אַרויף אין הימל".

זי האָט נאָך אַ שוועבעלע אָנגעריבן אין דער וואַנט. ס'האָט זיך צעלויכטן אַרום און אַרום, און אין דער באַלויכטונג איז איר די אַלטע

באָבע געשטאַנען פֿאַר די אויגן אַזוי קלאָר און שטראַלנדיק, צאַרט און ליבלעך.

„באָבע!״ האָט דאָס קינד אויסגעשריגן; „אוי, נעם מיך מיט מיט דיר. כ׳ווייס, דו׳סט פֿאַרגיין ווען דאָס שוועבעלע וועט אויסגיין, פֿאַרגיין ווי דער וואַרעמער אויוון, די געשמאַקע געבראָטענע גאַנדז און דער גרויסער טענענבוים!״ און זי האָט גיך אָנגעצונדן דאָס גאַנצע פּעקל שוועבעלעך, כּדי איר באָבע זאָל נאָך זײַן לעבן איר: די שוועבעלעך האָבן זיך צעשטראַלט און צעלויכטן, קלערער ווי אין אַ ליכטיקן טאָג. די באָבע האָט קיין מאָל ניט אויסגעזען אַזוי שיין, אַזוי גרויס. זי האָט גענומען דאָס קליינע מיידל צו זיך אויף די הענט, און אין איר ליכט און פֿרייד זײַנען זיי געפֿלויגן אַלץ העכער און העכער, דאָרט וווּ ס׳איז ניטאָ קיין קעלט, ניטאָ קיין הונגער און ניטאָ קיין שרעק. זיי זײַנען אַרויף אין הימל אַרײַן.

אין ווינקל אָנגעלענט אין דער וואַנט אין קאַלטן פֿרימאָרגן איז דאָס קליינע מיידל געזעסן מיט פֿלאַמענדיקע בעקלעך מיט אַ שמייכל אויף איר מײַלכל – טויט, פֿאַרפֿרוירן. זי איז געשטאָרבן דעם לעצטן אָוונט אין יאָר.

דער נײַיאָר־פֿרימאָרגן איז אויפֿגעגאַנגען אויף איר קליינעם קערפּערל וואָס איז געזעסן מיט שוועבעלעך פֿון וועלכן איין בינטל איז כּמעט אויסגעברענט געוווען.

„זי האָט זיך געוואָלט דערוואַרעמען״, האָט מען געזאָגט. קיינער האָט גאָר ניט באַמערקט ווי שיין זי איז געווען און ווי צופֿרידן און צעשטראַלט זי איז אַוועק מיט איר באָבע אין אַ גליקלעכן נײַעם יאָר.

# 19

# די גליקלעכע משפחה

אָס גרעסטע גרינע בלאַט דאָ אין לאַנד, ווי איר ווייסט, איז דאָס לאָפּעכע־בלאַט. האַלט מען אים פֿון פֿאָרנט, זעט ער אויס אַזוי ווי אַ פֿאַרטעך. לייגט מען אים אַרויף אויפֿן קאָפּ, קען מען אים אין אַ רעגנטאָג ניצן פֿאַר אַ שירעם, ווײַל ער איז אַזוי אומגעהײַער גרויס.

די לאָפּעכע־בלעטער וואַקסן קיין מאָל ניט איינציקווײַז. דאָרט ווּ מע זעט איינס, דאָרט וואַקסן אַ סך. עס איז אַ געוואַלדיקער ווּנדער, און דער גרעסטער ווּנדער איז, אַז דער מאכל איז געמאַכט געוואָרן פֿאַר שנעקן, די גרויסע ווײַסע שנעקן וואָס אָנגעזעענע לײַט פֿלעגן פֿון זיי אין די אַמאָליקע יאָרן מאַכן אַ מאָלצײַט. בײַם עסן פֿלעגן זיי זאָגן, „הום! איז דאָס געשמאַק״. ווײַל זיי האָבן טאַקע געמיינט, אַז עס האָט אַלע טעמען. די שנעקן האָבן געלעבט פֿון לאָפּעכע־בלעטער, און פֿאַר זיי טאַקע האָט מען די ווילדע לאָפּעכע פֿאַרפֿלאַנצט.

נו, איז דאָרט געשטאַנען אַ פּריצישער הויף ווּ מ׳האָט מער קיין שנעקן ניט געגעסן, ווײַל זיי האָבן אַלע שוין לאַנג געהאַט אויסגעפּגרט. די לאָפּעכע־בלעטער, אָבער, זײַנען ניט געשטאָרבן. זיי זײַנען געוואַקסן איבער אַלע שטעגן און בייטן, אַזוי אַז מ׳האָט זיי מער ניט געקענט צוריקהאַלטן. דאָס אָרט איז געוואָרן אַ גאַנצער וואַלד מיט לאָפּעכע. דאָ און דאָרט האָט מען נאָך געקענט זען אַן עפּלבוים צי אַ באַרנבוים. ווײַטער האָט קיינעם ניט געקענט אײַנפֿאַלן, אַז דאָרטן געפֿינט זיך אַ גאָרטן. אַלץ אין גאָרטן איז געווען לאָפּעכע.

און דאָרטן האָבן רויִק און געמיטלעך געוווינט אַ פּאָר זייער אַלטע שנעקן, די לעצטע צוויי שנעקן אין גאַנצן גאָרטן.

זיי אַליין האָבן ניט געוווּסט ווי אַלט זיי זײַנען. זיי געדענקען, אָבער, קלאָר, אַז אַ מאָל זײַנען געווען זייער אַ סך פּונקט אַזוי ווי זיי און אַז זיי שטאַמען פֿון אַן אָנגעזעענער משפּחה וואָס איז אַ מאָל אָנגעקומען פֿון אַ פֿרעמד לאַנד, און פֿאַר זיי און די זייעריקע האָט מען דעם גאַנצן וואַלד פֿאַרפֿלאַנצט. זיי אַליין זײַנען קיין מאָל ניט אַרויס פֿונעם גאָרטן, זייער היים. זיי האָבן, אָבער, געוווּסט, אַז עס איז פֿאַראַן אַזוינס אויף דער וועלט וואָס מע רופֿט עס „פֿריצישער הויף", ווו דאָרטן קאָכט מען זיי. זיי ווערן ברוין און מע לייגט זיי אַרויף אויף אַ זילבערנעם טאַץ. און וואָס עס ווערט פֿון זיי שפּעטער ווייסט קיינער ניט, אָבער זיי האָבן זיך געקענט פֿאָרשטעלן, אַז דאָס איז זייער אַ גרויסער כּבֿוד. אָבער ווי אַזוי עס פֿילט זיך צו ווערן געבראָטן און צו ליגן אויף אַ זילבערנעם טאַץ. וועגן דעם האָבן זיי קיין שום השׂגה ניט געהאַט. מע זאָגט, אָבער, אַז דאָס איז געווען שיין און איידל – אין דער העכסטער מאָדע! ניט דער זשוק און ניט די זשאַבע און ניט דער ערדוואָרעם האָבן געקענט אויף זיכער זאָגן ווי עס פֿילט זיך צו זײַן געבראָטן און צו ליגן אויף אַ זילבערנעם טאַץ.

די אַלטע ווײַסע שנעקן האָבן געוווּסט, אַז זיי זײַנען די אָנגעזעענסטע באַשעפֿענישן אין דער גאַנצער וועלט. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי זײַנען אַריסטאָקראַטן און אַז דער וואַלד איז געווען פֿאַר זייערט וועגן און דער פֿריצישער הויף כּדי מע זאָל זיי קענען בראָטן און אַרויפֿלייגן אויף אַ זילבערנעם טאַץ.

זיי האָבן איצט געלעבט שטיל און צופֿרידן, און אַזוי ווי זיי אַליין האָבן קיין קינדער ניט געהאַט, האָבן זיי גענומען אַ קליין שנעקל, אַ יתומל, נעבעך, און אים דערצויגן ווי זייער אייגנס. אָבער דאָס קליינע שנעקל האָט ניט געוואָלט וואַקסן, ווײַל ער איז נאָר געווען

אַ פּראָסטס. די עלטערן, איבער הויפּט די מוטער, האָט געהאַלטן, אַז ער ווערט יאָ גרעסער, און זי האָט אויך איבערגעצײַגט דעם פֿאָטער, וואָס ביז איצט האָט ער עס ניט געזען. ער האָט געטאַפּט די מושל אין ווערלכער דאָס שנעקל איז געלעגן, האָט ער אָנגעהויבן צו פֿילן, אַז די מוטער איז גערעכט.

איין טאָג האָט שטאַרק גערעגנט. „הערסט דעם טאָ־טאָ־טאָ אויף די לאָפּעכע־בלעטער?" האָט געפֿרעגט דער טאַטע שנעק.

„יאָ. עס קאַפּעט אַרײַן", האָט די מאַמע שנעק געזאָגט. „דאָס וואַסער דערגרייכט שוין ביז די די קאָטשענעס. מיר ווערן דאָ אין גאַנצן נאַס! איך בין צופֿרידן וואָס מיר האָבן אַ גוט הויז און אונדזער קליינער האָט אַ הויז פֿאַר זיך אַליין. מיר האָבן זיכער מער ווי אַלע אַנדערע באַשעפֿענישן. מע קען זען, אַז מיר זײַנען די וויכטיקסטע אין דער וועלט. מיר האָבן אַ הויז פֿון געבוירן אָן און אַ לאָפּעכע־וואַלד פֿאַרפֿלאַנצט פֿאַר אונדזערט וועגן! איך וואָלט געוואָלט וויסן ווי ווײַט דער וואַלד ציט זיך און וואָס עס געפֿינט זיך דאָרט אַהינטער".

„גאָרניט געפֿינט זיך אַהינטער", האָט דער טאַטע שנעק געזאָגט. „עס קען קיין בעסערע היים ווי אונדזערע ניט זײַן, און איך קען קיין בעסערס גאָר ניט פֿאַרלאַנגען".

„יאָ", האָט די מאַמע געזאָגט. „איך וואָלט נאָך געוואָלט אַ מאָל קומען אין פֿריצישן הויף, מע זאָל מיך דאָרטן אָפּבראָטן און מיך אַרויפֿלייגן אויף אַ זילבערנעם טאַץ, אַזוי ווי מ'האָט געטאָן מיט אונדזערע אָבֿות־אַבֿותינו. גלייב מיר, עס מוז זײַן עפּעס אויסערגעוויינטלעכס".

„דער הויף צעפֿאַלט זיך אין חורבֿות", האָט דער טאַטע שנעק געזאָגט. „מיט אַ וואַלד פֿון לאָפּעכע איז ער מסתּמא שוין אַזוי באַוואַקסן געוואָרן, אַז די מענטשן קענען שוין פֿון דאָרטן ניט אַרויסקומען. דעריבער האָבן מיר זיך ניט וואָס צו יאָגן. דו ביסט אַלע מאָל אין אַזאַ אײַלעניש, און דער קליינער לערנט זיך פֿון דיר. עס איז שוין דרײַ

טעג וואָס ער קריכט אַרויף אויף דעם קאַטשן. ווען איך קוק אויף אים הייבט מיר אָן ווייז צו טאָן דער קאָפּ".

„דו דאַרפֿסט אויף אים ניט שרײַען", האָט געזאָגט די מוטער. „ער קריכט מיט אויסרעכענונג. מיר וועלן אַ מאָל פֿון אים נאָך האָבן נחת, און מיר אַלטע האָבן דען עפּעס אַנדערש אין לעבן? האָסטו, אָבער, ווען עס איז געטראַכט וועגן אַ ווײַב פֿאַר אים?"

„גלייבסטו ניט, אַז טיף אין דעם לאָפּעכע־וואַלד געפֿינען זיך נאָך עטלעכע אונדזעריקע?"

„איך גלייב, אַז שוואַרצע שנעקן געפֿינען זיך דאָרט נאָך", האָט דער אַלטער געזאָגט, „שוואַרצע שנעקן אָן ווינונגען, זייער פּראָסטע. דערצו האָבן זיי זיך נאָך אײַנגערעדט, אַז זיי זײַנען ווייס־איך־וואָס־ווער. נאָר לאָמיר עס איבערגעבן צו די מוראַשקעס. זאָלן זיי טאָן די שדכנות. סײַ ווי סײַ לויפֿן זיי אַרום הין און קריק, ווי זיי וואָלטן גאָר ניט געהאַט וואָס צו טון. זיי ווייסן געוויס פֿון אַ פּאַסיק ווײַב פֿאַר אונדזער שנעקל".

„איך ווייס טאַקע וועגן דער שענסטער כּלה", האָט איין מוראַשקע געזאָגט. „איך האָב, אָבער, מורא, אַז עס קען דערפֿון גאָרניט ווערן, ווײַל זי איז אַ מלכּה".

„דאָס מאַכט ניט אויס", האָט דער אַלטער געזאָגט, „אַ הויז האָט זי?"

„זי האָט אַ פּאַלאַץ", האָט געענטפֿערט די מוראַשקע, „אַ מוראַשקע־פּאַלאַץ מיט זיבן הונדערט קאָרידאָרן".

„אַ שיינעם דאַנק!" האָט די מאַמע געזאָגט. „אונדזער זון וועט קיין מאָל ניט גיין אין אַ מוראַשקע־שטיבל. ווייסטו פֿון עפּעס בעסערס? אויב ניט, גיבן מיר אָפּ די שדכנות צו די ווײַסע מוקן. זיי פֿליִען ווײַט און ברייט, אין רעגן און אין זונענשײַן. זיי קענען דעם לאָפּעכע־וואַלד פֿון ברעג צו ברעג".

„מיר האָבן אַ ווײַב פֿאַר אים", האָבן די מוקן געזאָגט. „הונדערט מענטשישע טריט פֿון דאַנען, דאָרט אויף אַן אַגרעסקוסט זיצט אַ שנעקל אין איר אייגן הויז. זי איז איינע אַליין און גענוג אַלט חתונה צו האָבן. בלויז הונדערט מענטשישע טריט פֿון דאַנען".

„יאָ, זי מוז, אָבער, קומען צו אים", האָט דער אַלטער געזאָגט. „זי פֿאַרמאָגט נאָר אַ קוסט, אָבער ער האָט אַ גאַנצן לאָפּעכע־וואַלד".

די מוקן האָבן זי, דאָס קליינע שנעקעלע, באַגלייט. עס האָט געדויערט אַכט טעג אַנצוקומען, ווײַל אַזוי פֿיל דאַרף עס טאַקע נעמען. מ'האָט גלײַך באַמערקט, אַז זי איז פֿונעם ריכטיקן סאָרט.

און מ'האָט געמאַכט אַ חתונה! זעקס גליוועריעם האָבן באַלויכטן וויפֿל זיי האָבן געקענט. אַחוץ דעם איז די חתונה צוגעגאַנגען זייער שטיל, ווײַל פֿאַר די אַלטע איז שווער געווען צו פֿיל זיך משׂמח צו זײַן. אָבער אַ שיינע רעדע האָט געהאַלטן די אַלטע שנעקיכע. דעם אַלטן איז שווער געווען צו רעדן. ער איז געווען צו שטאַרק גערירט. זיי האָבן חתן־כּלה אָפּגעגעבן דעם גאַנצן וואַלד ווי אַ ירושה, און דערבײַ האָבן זיי געזאָגט אַזוי ווי אַלע מאָל, אַז דאָס איז דאָס בעסטע אָרט אין דער וועלט. און אויב זיי וועלן לעבן אָנשטענדיק און זיך פֿרוכפּערן און מערן, וועלן נאָך די קינדער זייערע קומען אין פֿריצישן הויף, ווו מע וועט זיי אָפּבראָטן און אַרויפֿלייגן אויף אַ זילבערנעם טאַץ.

און נאָך דעם ווי די אַלטע האָט געענדיקט איר רעדע, זײַנען זיי ביידע אַרײַנגעקראָכן אין זייער שטוב פֿון וועלכן זיי זײַנען שוין מער קיין מאָל ניט אַרויס. זיי זײַנען אײַנגעשלאָפֿן.

די יונגע שנעקן האָבן רעגירט איבערן וואַלד און געהאַט אַ סך קינדער. מ'האָט זיי, אָבער, קיין מאָל ניט אָפּגעקאָכט און קיין מאָל ניט אַרויפֿגעלייגט אויף אַ זילבערנעם טאַץ. האָבן זיי בײַ זיך אָפּגעמאַכט, אַז דער הויף איז אונטערגעגאַנגען, און אַלע מענטשן אין דער וועלט

זײַנען אויסגעשטאָרבן. קיינער האָט עס ניט אָפּגעלייקנט, איז טאַקע
אַזוי געווען. און דער רעגן האָט געקלאַפּט אין די לאָפּעכץ־בלעטער
זײַן טאָ־טאָ־טאָ־מוזיק פֿאַר זייערט וועגן, און די זון האָט געשײַנט און
האָט געגעבן דעם לאָפּעכץ־וואַלד פֿאַרבן פֿאַר זייערט וועגן, און זיי
זײַנען געווען זייער גליקלעך, און די גאַנצע גרויסע משפּחה איז אויף
אַן אמתן געווען זייער צופֿרידן.

# 20

# דער קאָלנער



עס איז געווען אַ מאָל אַ פֿײַנער „קאַוואַליר" וואָס האָט געהאַט אין זײַן פֿאַרמעגן אַ שטיוול־ציִער און אַ רויט קעמל. ער האָט אויך געהאַט דעם שענסטן קאָלנער אין דער וועלט, און וועגן דעם דאָזיקן קאָלנער וועלן מיר האָבן אַ געשיכטע.

ווען דער קאָלנער איז געוואָרן אַ ביסל עלטער האָט ער גענומען טראַכטן וועגן חתונה האָבן. נו, אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט ער זיך אין אַ באַליע באַקענט מיט אַ זאָקן־בענדל.

„ביז איצט האָב איך נאָך ניט געזען אַזאַ שלאַנקע, אַזאַ דינע, אַזאַ ווייכע און אַזאַ צוציִענדיקע ווי איר זײַט", האָט געזאָגט דער קאָלנער. „מעג איך אײַך פֿרעגן ווי איר הייסט?"

„דאָס זאָג איך ניט", האָט דאָס זאָקן־בענדל געענטפֿערט.

„ווּ וווינט איר ווען איר זײַט אין דער היים?" האָט געפֿרעגט דער קאָלנער.

דאָס זאָקן־בענדל איז געווען צו שעמעוודיק און האָט געהאַלטן, אַז עס פּאַסט איר ניט צו ענטפֿערן אויף אַזעלכע פֿראַגעס.

„איך האַלט, אַז איר זײַט אַ גאָרסעטל", האָט געזאָגט דער קאָלנער. „אפֿשר אַ מין אונטערגאָרסעטל. איך זע, אַז איר זײַט טאַקע אי נוצלעך אי פּוצלעך, מײַן שיינינקע".

„איר דאַרפֿט צו מיר ניט רעדן", האָט דאָס זאָקן־בענדל געזאָגט. „איך מיין, אַז איך האָב אײַך ניט געגעבן רשות דערצו".

„יאָ, אַז מ'איז אַזוי שיין ווי איר זײַט", האָט דער קאָלנער געזאָגט, „איז דאָס אַליין רשות".

„רוקט זיך ניט צו אַזוי נאָענט צו מיר", האָט דאָס זאַקן־בענדל געזאָגט. „איר זעט צו מענלעך אויס".

„איך בין אַ גאַנץ פֿײַנער קאַוואַליר", האָט דער קאָלנער געזאָגט. „איך האָב אַ שטיוול־ציִער און אַ שיין רויט קעמל". זיי זײַנען, אָבער, ניט געווען זײַנע. זיי האָבן געהערט צו זײַן באַלעבאָס. ער האָט זיך, אָבער, מיט דעם באַרימט.

„האַלט זיך פֿון דער ווײַטנס", האָט דאָס זאָקן־בענדל געזאָגט. „איך בין ניט צוגעוווינט צו אַזאַ נאָענטקייט".

„דאָס איז אַן אָנשטעל", האָט געזאָגט דער קאָלנער. פּונקט אין דער צײַט האָט מען זיי אַרויסגענומען פֿון דער באַליע, אײַנגעשטונקען אין קראָכמל, אויסגעצויגן און אויפֿגעהאָנגען אויף אַ שטול אַנטקעגן דער זון. מע האָט זיי אַרויפֿגעלייגט אויף דער ביגלברעט. דערנאָך איז געקומען דאָס הייסע אײַזן.

„טײַערע פֿרוי", האָט דער קאָלנער געזאָגט. „דו שייִנינקע אַלמאָנקע, איך ווער אין גאַנצן צעהיצט. איך ווער אַ פֿאַרביטענער! איך פֿאַרליר מײַנע פֿאַלדן! דו ברענסט אין מיר אויס אַ לאָך! אוי, איך וויל מיט דיר חתונה האָבן".

„שמאַטע", האָט דאָס ביגל־אײַזן געזאָגט, און עס האָט זיך איר געטראַכט, אַז זי איז אַ לאָקאָמאָטיוו וואָס לויפֿט אויף אײַזערנע רעלסן און שלעפּט נאָך זיך וואַגאָנעס. „שמאַטע", האָט זי איבערגעחזרט.

דער קאָלנער איז געווען אַ ביסל אויסגעדריבלט אַרום זײַנע ברעגעס. איז געקומען די שער און האָט זיי אַרומגעשניטן.

„אָ", האָט דער קאָלנער געזאָגט. „דו ביסט דאָך אַן אויסגעצייכנטע טענצערין. איך זע ווי דו שטרעקסט אויס דײַנע פֿיס. זיי זײַנען די שענסטע וואָס איך האָב ווען עס איז געזען. קיינער אין דער וועלט האָט נאָך אַזאַ זאַך ניט באַוויזן".

„יאָ, דאָס ווייס איך", האָט דאָס שערל געזאָגט.

„דו ביסט ווערט צו זײַן אַ גראַפֿיניע", האָט דער קאָלנער צוגעגעבן.

„איך בין אַ פֿײַנער קאַוואַליר. איך האָב אַ גוטן באַלעבאָס, אַ שטיוול־ציִער און אַ רויט קעמל! ווען איך וואָלט נאָך געהאַט גיטער דערצו!"

„זאָל איך אַזוי לעבן! ער שדכנט זיך דאָך צו מיר", האָט דאָס שערל אויסגערופֿן. זי איז געווען אין כּעס און האָט אים געגעבן אַזאַ שטאַרקן שניט, אַז ער איז געבליבן אַ שמאַטע, נאָר אַרויסצוואַרפֿן.

„איצט וועל איך נאָך פּרובירן מײַן מזל מיטן רויטן קעמל". עס איז מערקווערדיק וואָס פֿאַר אַ שיין מויל מיטציין זי האָט עס. „טײַערינקע מײַנע", האָט איר דער קאָלנער געזאָגט, „טראַכטסט אפֿשר אַ מאָל וועגן זײַן אין שידוכים?"

„יאָ, איך האָב וועגן דעם געטראַכט", האָט דאָס קעמל געענטפֿערט.

„איך בין שוין פֿאַרקנסט. דער שטיוול־ציִער איז מײַן חתן!"

„פֿאַרקנסט!" האָט אויסגעשריגן דער קאָלנער. „איצט איז שוין ניטאָ קיינער צו וועמען זיך צו שדכנען". און ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פֿון גלײַכגילטיקייט.

אַ לאַנגע צײַט איז פֿאַרלאָפֿן און דער קאָלנער האָט זיך געפֿונען אינעם קאָרב פֿאַר דער פּאַפּירמיל. דאָס איז געווען אַ געזעלשאַפֿטלעכער צוזאַמענקום.

די פֿײַנערע שמאַטעס האָבן זיך געהאַלטן גרויס און זײַנען געלעגן פֿון איין זײַט און דער פּראָסטער עולם פֿון דער צווייטער זײַט, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן. יעדערער האָט געהאַט אַ סך צו דערציילן. דער קאָלנער האָט, אָבער, געהאַט מער פֿון אַלע, ווײַל ער איז געווען אַ באַוווּסטער באַרימער.

„איך האָב געהאַט אַזוי פֿיל געליבטע", האָט דער קאָלנער דערציילט, „אַז זיי האָבן מיך פּשוט ניט געלאָזט צו רו. איך בין דעמאָלט געווען אַ שיינער קאַוואַליר. איך האָב געהאַט אַ שטיוול־ציִער און אַ רויט קעמל, וועלכעס איך האָב קיין מאָל ניט גענוצט. איר האָט געדאַרפֿט

דעמאָלט זען ווי איך האָב אויסגעקוקט נאָך אַ טאָג רו. איך וועל קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן מײַן ערשטע געליבטע. דאָס איז געווען אַן אונטערגאָרסעטל. אַזוי פֿײַן, ווייך און ליבלעך. זי האָט צוליב מיר זיך אין דער באַליע אַרײַנגעוואָרפֿן. עס איז אויך געווען אַן אַלמנה וואָס האָט געברענט פֿאַר מיר. איך האָב זי איבערגעלאָזט, איז זי שוואַרץ געוואָרן ווי קויל. און די ערשטקלאַסיקע טענצערין, זי האָט מיך אײַנגעשניטן. איך האָב נאָך אַלץ די ווונד. איר קענט זי נאָך זען אויף מיר. אָט דאָס איז געווען אַ ברען! אַפֿילו מײַן אייגן רויט קעמל איז געווען אין מיר פֿאַרליבט. זי האָט פֿאַרלוירן אַלע אירע ציין צוליב איר אומגליקלעכער ליבע פֿאַר מיר. יאָ, איך האָב זייער פֿיל דורכגעלעבט אין ליבע. אָבער אויפֿן זאָקן־בענדל טוט מיר שטאַרק באַנג. איך מיין דאָס גאָרסעטל וואָס האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער באַליע. איך האָב גענוג אויף מײַן געוויסן. עס איז צײַט, אַז פֿון מיר זאָל שוין ווערן אַ בייגעלע ווײַס פּאַפּיר".

און פֿונעם קאָלנער איז טאַקע געוואָרן דאָס בייגעלע ווײַס פּאַפּיר וואָס מיר זעען דאָ, אויף וועלכן די דאָזיקע געשיכטע איז אָפּגעדרוקט. און דאָס איז דערפֿאַר וואָס ער האָט זיך באַרימט מיט דעם וואָס איז קיין מאָל ניט געשען. דאָס דאַרף אונדז לערנען ווי זיך אויפֿצופֿירן, ווײַל אויב ניט אָרנטלעך, קענען מיר זיך נאָך געפֿינען אין אַ קאָרב שמאַטעס וואָס וואַרט פֿאַרוואַנדלט צו ווערן אין ווײַסן פּאַפּיר אויף וועלכן אונדזער גאַנצע געשיכטע קען אַ מאָל פֿאַרשריבן ווערן מיט אַלע פּיטשעווקעס, און דאָס זאָל אַרומגיין איבער דער וועלט אויסזאָגנדיק אַלעמען וואָס מיר האָבן געטאָן, פּונקט אַזוי ווי דער קאָלנער.

# 21

# דאָס איז טאַקע אמת

ד'איז אַ שרעקלעכע געשיכטע", האָט געזאָגט אַ הון, און זי האָט עס געזאָגט אין אַן אַנדער טייל שטאָט, ניט ווו דאָס געשעעניש איז פֿאָרגעקומען. ס'איז אַ שרעקלעכע זאַך, דאָס וואָס ס'האָט זיך געטראָפֿן אין הינערשטאַל. „איך האָב אַזש מורא צו שלאָפֿן די נאַכט איינע אַליין. ס'איז נאָך גוט וואָס מיר זײַנען עטלעכע צוזאַמען אויפֿן בוידעם".

און זי האָט עס דערציילט אויף אַזאַ אופֿן, אַז די פֿעדערן האָבן זיך בײַ די הינער אויפֿגעשטעלט, און בײַם האָן איז די קאָם אַראָפּגעפֿאַלן. און דאָס איז זיכער אמת.

נאָר לאָמיר אָנהייבן פֿון אָנהייב. דאָס איז געווען אין אַ הינערשטאַל אין אַן אַנדער טייל שטאָט. די זון איז אונטערגעגאַנגען און די הינער זײַנען אַרויפֿגעפֿלויגן אויפֿן בוידעם. איין הינדעלע, אַ ווײַס מיט קורצע פֿיסלעך, וואָס זי לייגט כסדר אייער און איז ווי אַ הון שטאַרק אָנגעזען געווען, האָט זיך געזעצט אויף איר סידעלע, פֿאַרשטעקט איר שנאָבל אין אירע פֿעדערן און גענומען זיך קראַצן. דערווײַל איז אירס אַ פֿעדערל אַראָפּגעפֿאַלן.

„אָט פֿאַלט עס", האָט זי געזאָגט. „וואָס מער איך וועל זיך קראַצן, אַלץ שענער וועל איך מסתּמא ווערן". זי האָט עס געזאָגט אויף קאַטאָוועס, ווײַל זי איז געווען די לעבעדיקסטע צווישן די הינער און, ווי געזאָגט, די אָנגעזעענסטע; דערווײַל איז זי אײַנגעשלאָפֿן.

פֿינצטער איז געווען אַרום. די הינער זײַנען אַלע געזעסן צוזאַמען. איין הון וואָס איז געזעסן נאָענט צום וויַסן הינדעלע איז, אָבער, ניט אײַנגעשלאָפֿן. זי האָט געהערט און ניט געהערט, אָט ווי עס פֿירט זיך אין דער וועלט צוליב שלום־בית. זי האָט, אָבער, זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן פֿון דערציילן איר שכנה פֿון דער צווייטער זײַט.

„הערסטו, טײַערינקע, וואָס מע זאָגט? איך וויל ניט דערמאָנען קיין נאָמען. עס איז, אָבער, פֿאַראַן אַ הון וואָס איז גרייט זיך אירע פֿעדערן אויסצורײַסן אַבי שענער צו ווערן. וואָלט איך געווען אַ האָן, וואָלט איך פֿײַנט געהאַט אַזאַ ווי יענע".

אויבן איבער די הינער האָט געוווינט אַ מוטער סאָווע מיט איר מאַן און זייערע קינדערלעך, קליינע סאָוועלעך. דאָס איז געווען אַ פֿאַמיליע מיט שאַרפֿע אויערן. זיי פֿלעגן דערהערן יעדעס וואָרט וואָס זייערע שכנים, די הינער, פֿלעגן אַרויסרעדן. זיי האָבן אַ דריי געטאָן מיט די אויגן און די מאַמע סאָווע האָט געפֿאַטשט מיט די פֿליגלען. „מאַכט זיך ניט וויסנדיק, אָבער איר'ט געמוזט הערן וואָס זי האָט געזאָגט. וואָס קען נאָך ערגער זײַן? איך האָב אַליין געהערט מיט מײַנע אייגענע אויערן. איר מעגט מיר גלייבן אויף מײַן וואָרט. איינע פֿון די הינער האָט אין גאַנצן פֿאַרלוירן איר געפֿיל פֿון הינערישער לײַטישקייט, אַז זי האָט זיצנדיק אויסגעפֿליקט פֿון זיך אַלע אירע פֿעדערן און האָט געלאָזט דעם האָן דאָס צוזען".

„וועגט האָבן אויערן", האָט דער טאַטע סאָווע געזאָגט. „דאָס זאָלן קיין קינדער ניט הערן".

איך וועל נאָר דערציילן די סאָווע פֿון אַריבערן וועג, האָט זיך באַטראַכט די מאַמע סאָווע. זי איז אַזאַ ווילע און פֿײַנע, אַז עס איז אַ פֿאַרגעניגן מיט איר צו רעדן. און זי איז אַוועקגעפֿלויגן. „צווי, צווי", האָבן די מאַמע סאָווע און איר פֿרײַנד איבערדערציילט די מעשׂה צו די טײַבעלעך, וואָס האָבן זיך צוגעטוליעט איינע צו דער

אַנדערער אַרום זייער נעסט. „האָט איר שוין געהערט? האָט איר שוין געהערט? איי, איי, איי! עס איז פֿאַראַן אַ הון וואָס האָט פֿון זיך אַלע פֿעדערן אויסגעריסן, כּדי אַ האָן צו געפֿעלן. זי וועט פֿאַרפֿרוירן ווערן צום טויט, אויב זי לעבט נאָך. איי, איי, איי!"

„אווו? אווו?" זײַנען נײַגעריק געווען די טײַבעלעך.

„אינעם דערבײַיִקן הויף!"

„עס איז אַזוי ווי איך וואָלט עס אַליין געזען. עס איז כּמעט ניט פּאַסיק צו דערציילן. עס איז, אָבער, זיכער אמת. גלייבט אונדז אויפֿן וואָרט".

„אמת, אמת", האָבן די טײַבעלעך געזאָגט און זײַנען אַוועקגעפֿלויגן אויף אַ דערבײַיִקן הינערהויף, ווו זיי האָבן איבערדערציילט די מעשׂה. „עס געפֿינט זיך אַ הון – אַנדערע זאָגן גאָר צוויי הינער – וואָס האָבן אויסגעריסן אַלע זייערע פֿעדערן, אויסצוזען אַנדערש ווי די אַנדערע הינער, כּדי דער האָן זאָל אויף זיי וואַרפֿן אַן אויג. עס איז אַ געפֿערלעכע שפּיל. מע קען, חלילה, זיך פֿאַרקילן און שטאַרבן פֿון פֿיבער. און מ'האָט זיי טאַקע ביידע געפֿונען טויטע".

„קוקעריקו! קוקעריקו! שטייט אויף! שטייט אויף!" האָט דער האָן געקרייט און איז אַרויפֿגעפֿלויגן אויפֿן פּלויט. דער שלאָף איז אים נאָך געווען אין די אויגן, אָבער געקרייט האָט ער סײַ ווי סײַ. „עס געפֿינען זיך דרײַ טויטע הינער: געשטאָרבן פֿון אומגליקלעכער ליבע צום האָן. זיי האָבן פֿון זיך אַלע פֿעדערן אויסגעריסן. עס איז אַ מיאוסע מעשׂה. איך וויל עס, אָבער, ניט באַהאַלטן. מיר'ן אַלעמען דערציילן".

„מיר'ן דערציילן, מיר'ן דערציילן", האָבן געבעבעט די פֿלעדערמײַז, דער האָן האָט געקרייט, די הינער האָבן געקראַקעט: „מיר'ן דערציילן, מיר'ן דערציילן". און אַזוי איז די מעשׂה געגאַנגען פֿון הינערשטאַל צו הינערשטאַל, ביז זי איז דערגאַנגען צוריק צום אָרט פֿון וואַנען זי איז אַרויסגעקומען.

„פֿינף הינער, הייסט עס, האָבן פֿון זיך אויסגעריסן זייערע פֿעדערן כּדי צו ווײַזן ווער פֿון זיי איז געוואָרן מאָגערער פֿון ליבע צום האָן, און זיי האָבן געפּיקט זיך איינס דאָס אַנדערע ביז בלוט, און זיי זײַנען אַלע געשטאָרבן! אַ חרפּה און אַ שפּאָט פֿאַר דער משפּחה, און אַ שאָדן פֿאַר זייערע באַלעבאַטים".

און דאָס הינדעלע וואָס האָט פֿאַרלוירן איר קליין פֿעדערל האָט אַוודאי איר אייגענע מעשׂה ניט דערקענט, און ווײַל זי איז געווען אַ שטאַרק אָנגעזעענע הון האָט זי געזאָגט: „איך האָב פֿײַנט אַזעלכע הינער. אַזעלכע זאַכן טאָר מען ניט פֿאַרשווײַגן. איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך קען, אַז די דאָזיקע מעשׂה זאָל אָנקומען אין די צײַטונגען, דאָס גאַנצע לאַנד זאָל עס וויסן; זאָלן די הינער און זייערע פֿאַמיליעס וויסן".

די מעשׂה איז אָנגעקומען צו די צײַטונגען, און זי איז אָפּגעדרוקט געוואָרן. און דאָס איז טאַקע אמת: איין קליין פֿעדערל איז געוואָרן גאַנצע פֿינף הינער.

# 22

# פֿינף אַרבעס אין איין שויט

עס זײַנען אַ מאָל געווען פֿינף אַרבעס אין איין שויט. זיי זײַנען געווען גרין, די שויט איז געווען גרין, האָבן זיי געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט איז גרין. דאָס איז געווען ניט מער ווי ריכטיק. די שויט איז געוואַקסן און די אַרבעסלעך זײַנען געוואַקסן. זיי האָבן זיך אײַנגעלעבט אין זייער וווינונג. איינס לעבן דעם צווייטן אין אַ גלײַכער שורה האָבן זיי זיך אויסגעזעצט. די זון האָט געשײַנט אויפֿן שויט און אים געוואַרעמט. דער רעגן האָט אים קלאָר און דורכזיכטיק געמאַכט. עס איז זיי וואַרעם און היימלעך געווען אינעווייניק; ליכטיק בײַ טאָג און פֿינצטער בײַ נאַכט, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן. די אַרבעסלעך זײַנען געוואַקסן און זייער שׂכל איז אויך געוואַקסן און זיי האָבן מער געטראַכט, ווײַל זיי האָבן דאָך עפּעס געדאַרפֿט טאָן.

„וועלן מיר דאָ אַזוי אייביק זיצן?״ האָט איין אַרבעסל געפֿרעגט. „וועלן מיר ניט פֿאַרהאַרטעוועט ווערן זיצנדיק דאָ אַזוי לאַנג? עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז עפּעס דאָ אין דרויסן. יאָ, פֿון דעם בין איך זיכער״.

וואָכן זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען, די אַרבעסלעך זײַנען געל געוואָרן און די שויט איז אויך געל געוואָרן.

„די גאַנצע וועלט געלט זיך אויס״, האָבן אַלע פֿינף אַרבעס געזאָגט. און אפֿשר זײַנען זיי געווען גערעכט.

אַזוי זײַנען זיי אויסגעוואַקסן און פֿאַרטיק געוואָרן צו קלײַבן.

מיט אַ מאָל האָבן זיי געפֿילט, אַז מענטשלעכע הענט רײַסן זייער שויט אַראָפּ פֿון שטענגל. זייער שויט האָט מען אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ קעשענע ווו עס געפֿינען זיך אַ סך אַנדערע אַזעלכע שויטן.

„באַלד וועט אונדזער שויט ווערן געעפֿנט", האָט איין אַרבעס געזאָגט.

דאָס האָבן אַלע געוואָלט.

„איצט וואָלט איך געוואָלט וויסן", האָט דאָס קלענסטע אַרבעסל געזאָגט, „ווער פֿון אונדז וועט וואַנדערן דאָס ווײַטסטע? יאָ, נו, באַלד וועלן מיר זען".

„זאָל זײַן וואָס ס'וועט זײַן!" האָט דער גרעסטער אַרבעס געזאָגט.

מיט איין קראַך האָט די שויט אויפֿגעפּלאַצט און אַלע פֿינף אַרבעס האָבן זיך אַרויסגעקײַקלט אויף דער ליכטיקער זון. זיי האָבן זיך געפֿונען ליגן אין אַ ייִנגלס האַנט. דאָס ייִנגל האָט געזאָגט, אַז זיי זײַנען די פּאַסיקסטע אַרבעס פֿאַר זײַן אַרבעס־שיסער און ער האָט שנעל אַרײַנגעטאָן אַן אַרבעס אין אים און אים גלײַך אַרויסגעשאָסן.

„איך פֿלי איצט אַוועק אין דער ווײַטער וועלט! כאַפּט מיך אויב איר קענט!". און מיט די רייד איז ער פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

„איך", האָט דער צווייטער געזאָגט, „פֿלי גלײַך צו דער זון. זי איז דער בעסטער שויט פֿאַר מיר". אַוועקגעפֿלויגן איז ער אויך.

„מיר וועלן גוט שלאָפֿן אַוווּ מיר זאָלן ניט אָנקומען", האָבן געזאָגט די אַנדערע צוויי. „מיר וועלן זיך קײַקלען. קײַקלען זיך איז אַזוי גוט ווי פֿליִען. מיר וועלן גיין פֿאָרויס". און אַזוי איז טאַקע געווען. זיי זײַנען אַרויסגעפֿאַלן פֿונעם ייִנגלס הענטל און האָבן זיך געקײַקלט אויפֿן דיל איידער מ'האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין שרויטביקסל. אין ביקסל זײַנען זיי אַרײַן סײַ ווי סײַ. „מיר וועלן נאָך האָבן גרויס הצלחה", האָבן זיי געזאָגט.

„וואָס ס'וועט זײַן וועט זײַן", האָט אויסגערופֿן דער לעצטער ווען ער איז אַרויסגעשאָסן געוואָרן אין דער לופֿטן. דער אַרבעס איז אַרויפֿגעפֿלויגן אויף אַן אַלטן ברעט אונטערן פֿענצטער פֿון אַ דאַכקאַמער און איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ שפּאַלט פֿון ברעטל וואָס איז געווען אָנגעפֿילט מיט מאָך און בלאָטע. דער מאָך האָט אים פֿאַרדעקט און אַזוי איז ער געלעגן פֿאַרגעסן פֿון דער וועלט, אָבער ניט פֿון דעם אייבערשטן.

„וואָס ס'וועט זײַן וועט זײַן", האָט ער איבערגעחזרט.

אין אַ קליינעם דאַכקאַמער האָט געוווינט אַן אָרעמע פֿרוי וואָס פֿלעגט פֿאַרדינען איר ברויט פֿון שײַערן אויוונס, האַקן האָלץ און טאָן אַנדערע שווערע אַרבעט. זי איז געווען שטאַרק און פֿלײַסיק, אָבער אָרעם איז זי סײַ ווי סײַ אַלע מאָל געווען. דאָרט בײַ איר אין דער היים אינעם קליינעם צימער איז געלעגן איר איין־און־איינציק טעכטערל. זי איז געווען קראַנק: שוואַך און אויסגעמאָרעט. אַ יאָר איז אַריבער און זי איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט און עס האָט אויסגעזען ווי זי וועט שוין קיין מאָל מער ניט געזונט ווערן.

„זי וועט גיין צו איר שוועסטערל", האָט די פֿרוי געקרעכצט. „איך האָב צוויי קינדער געהאַט. עס איז מיר, אָבער, שווער געווען זיי ביידע מפֿרנס צו זײַן. האָט דער אייבערשטער, דער האַר פֿון דער וועלט, זיך געטיילט מיט מיר און האָט איינס פֿון מיר צוגענומען. איך וואָלט געוועון זייער צופֿרידן ווען איך קען אויסהאַלטן די איינע וואָס ער האָט מיר איבערגעלאָזט. אָבער ווי עס זעט אויס איז זײַן ווילן, אַז זיי זאָלן איינס פֿון ס'אַנדערע ניט אָפּגעשיידט זײַן. נו, וועט זי מסתּמא גיין צו איר שוועסטער".

דאָס קראַנקע קינד האָט זיך, אָבער, געהאַלטן. שטיל און געדולדיק איז זי געלעגן גאַנצע טעג ווען איר מוטער איז אַרויסגעגאַנגען עפּעס פֿאַרדינען.

עס איז געווען פֿרילינג. איין פֿרימאָרגן, ווען די מוטער איז נאָך וואָס אַרויס צו דער אַרבעט, האָט די זון ליכטיק געשײַנט דורכן פֿענצטער אויפֿן דיל. דאָס קראַנקע קינד האָט אַרויסגעקוקט דורך דער נידעריקער שויב פֿון פֿענצטער און גערופֿן צו דער מאַמען: „מאַמע, וואָס קען די גרינע זאַך פֿון יענער זײַט פֿענצטער זײַן? דאָס וואָס ס'שאָקלט זיך פֿון ווינט".

איר מוטער איז צו צום פֿענצטער און האָט אים אַ קליין ביסל געעפֿנט. „נו, וואָס זאָגסט ניט דערצו?" האָט זי אויסגערופֿן. „דאָס איז אַ קליינע אַרבעספּלאַנץ. אָבער ווי אַזוי איז זי אָנגעקומען אַהער אין דעם שפּאַלט? איצט האָסט זיך אַ קליין גערטנדל אויף וועלכן צו קוקן".

זי האָט צוגערוקט דעם קראַנקן קינדס בעטעלע נענטער צום פֿענצטער כּדי זי זאָל קענען זען ווי אַזוי די אַרבעסלעך וואַקסן, און די מוטער איז אַוועק אויף דער אַרבעט.

„מאַמע, איך גלייב, אַז איך בעסער זיך", האָט דאָס קינד געזאָגט אין אָוונט. „די זון האָט אַ גאַנצן טאָג אַזוי וואַרעם אַרײַנגעשײַנט אין אונדזער צימער. דאָס קליינע אַרבעסל האַלט אין איין בעסער און גרעסער ווערן. איך וועל אויך בעסער ווערן, און איך וועל זיך קענען אויפֿשטעלן און אַרויסגיין אויף דער זון".

„איך האָף, אַז ס'וועט טאַקע אַזוי זײַן", האָט די מוטער געזאָגט. זי האָט, אָבער, צו פֿיל בטחון ניט געהאַט. פֿונדעסטוועגן האָט זי דאָס גרינע געוויקס, וואָס האָט איר קינד אַזוי פֿיל פֿרייד פֿאַרשאַפֿן, צוגעבונדן צו אַ שטעקל, כּדי דער ווינט זאָל עס ניט צעברעכן.

זי האָט געצויגן אַ שטריקל פֿונעם פֿענצטערברעטל אַרויף צום אייבערשטן לאַסטל פֿון פֿענצטער, אַזוי אַז די אַרבעספּלאַנץ זאָל זיך האָבן אויף וואָס צו האַלטן און זאָל קענען וואַקסן העכער און העכער. און אַזוי האָט זי טאַקע געטאָן. מען האָט עס געקענט זען וואַקסן פֿון טאָג צו טאָג.

„זע נאָר, זי הייבט אָן צו בליִען", האָט די מוטער איין פֿרימאָרגן געזאָגט. און איצט האָט זי אויך אָנגעהויבן צו גלייבן און האָפֿן, אַז איר קראַנק קינד וועט נאָך אַ מאָל געזונט ווערן. זי האָט באַמערקט, אַז די לעצטע צײַט רעדט איר קינד עפּעס פֿריילעכער. די לעצטע עטלעכע פֿרימאָרגנס פֿלעגט דאָס קינד זיך אויפֿזעצן אין בעט און קוקן מיט פֿינקלדיקע אייגעלעך אויף איר קליינעם אַרבעס־גערטנדל, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון אַן איין־און־איינציק אַרבעסל.

די קומעדיקע וואָך האָט מען דאָס קינד דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעלאָזט פֿון בעטל אויף אַ גאַנצער שעה. באַלויכטן מיט פֿרייד איז דאָס קינד געזעסן אין דער וואַרעמער זונענשײַן. דער פֿענצטער איז אָפֿן געווען און דאָס קינד האָט גוט געקענט זען ווי אין דרויסן איז אַ ווײַס און ראָזע אַרבעס־בלימל אויפֿגעגאַנגען. דאָס קינד האָט איר קעפּעלע אַראָפּגעבויגן און איידל געקושט די קרוינבלעטעלעך. דאָס איז געווען אַ טאָג פֿון גרויס פֿרייד פֿאַר איר.

„דער אייבערשטער אַליין האָט עס פֿאַרפֿלאַנצט, עס זאָל דיר און מיר געבן האָפֿענונג און פֿרייד, מײַן טײַער קינד", האָט די גליקלעכע מוטער געזאָגט און האָט געשמייכלט צו דער בלום ווי צו אַ גוטן מלאך פֿון דעם אייבערשטן.

אָבער וואָס איז געוואָרן מיט די אַנדערע אַרבעס? דער וואָס איז אַוועק אין דער ווײַטער וועלט, דער „כאַפּט מיך אויב איר קענט" חבֿרה־מאַן, איז אַרײַנגעפֿלויגן אין אַ רינשטאָק און אַ טײַבל האָט אים אַראָפּגעשלונגען.

אַזוי האָט זיך זײַן לעבן געענדיקט, אַזוי ווי יונה אינעם בויך פֿון וואַלפֿיש. די צוויי פֿוילע אַרבעסלעך האָבן געהאַט דעם זעלבן מזל. אויך זיי האָבן טײַבעלעך אײַנגעשלונגען. דער פֿערטער, אָבער, וואָס עס האָט זיך אים פֿאַרוואָלט פֿליִען אין דער זון אַרײַן, האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט אין אַ רינשטאָק און דאָרט האָט ער זיך געווייקט אין

שמוציק וואַסער וואָכן לאַנג ביז ער איז זייער, זייער אָנגעשוואָלן געוואָרן.

„איך ווער ווייך ווי פּוטער", האָט דער אַרבעס געזאָגט. „קיין איינער פֿון די גרינע אַרבעס האָט ניט באַוויזן דאָס וואָס איך. איך בין דער מערקווערדיקסטער פֿון אַלע פֿינף אין אונדזער שויט". דער רינשטאָק האָט מיט אים איינגעשטימט.

אָבער בײַם פֿענצטער פֿונעם דאַכקאַמער איז געשטאַנען אַ קליין מיידל מיט פֿינקלדיקע אייגעלעך און מיט רויטע בעקעלעך, וואָס האָט באַשיצט דעם אַרבעסקווייט מיט אירע צאַרטע הענטעלעך און געדאַנקט דעם אייבערשטן דערפֿאַר.

„איך האַלט נאָך אַלץ פֿון מײַן אַרבעס!" האָט דער רינשטאָק געזאָגט.

# 23

# האַנס פויערקאָפּ

רגעץ אַרויס אויפֿן לאַנד איז געשטאַנען אַן אַלט הויז און אין אָט דעם הויז האָט געוווינט אַן אַלטער פּריץ. דער פּריץ האָט געהאַט צוויי זין וועלכע זײַנען געווען אַזוי קלוג, אַז זיי האָבן בײַ זיך אָפּגעמאַכט צו שדכנען זיך צו דעם קייסערס טאָכטער, און זיי האָבן עס טאַקע געפּרוּווט טאָן, ווײַל זי האָט באַוווּסט געמאַכט, אַז זי וועט נעמען פֿאַר אַ מאַן נאָר דעם וואָס וועט מער ווי אַלע אַנדערע ווײַזן וואָס ער האָט וועגן זיך צו זאָגן.

די דאָזיקע צוויי ברידער האָבן גענומען אַ וואָך צײַט זיך צוצוגרייטן. מער קיין צײַט האָבן זיי ניט געהאַט. און דאָס איז זיי געווען גענוג, ווײַל זיי האָבן שוין געוווּסט וואָס זיי ווילן זאָגן וועגן זיך. איינער האָט דעם גאַנצן לאַטײַנישן ווערטערבוך געקענט אויף אויסנווייניק, און צו דעם האָט ער אויך געקענט דרײַ יאָרגענג פֿון דער שטאָטישער צײַטונג. ביידע זאַכן האָט ער געדענקט פֿון אָנהייב ביזן סוף, פֿון איין טאָוול ביזן אַנדערן. דער צווייטער איז געווען באַקאַנט מיט אַלע לאַנדגעזעצן וואָס נאָר אַ ראַטמאַן מוז וויסן. און ער האָט געהאַלטן, אַז ער קען רעדן וועגן מלוכישע ענינים. דערצו האָט ער נאָך אויך געקענט אויסנייען שלייקעס מיט רויזן און אַנדערע בלומען און פֿאַרשיידענע אוזערס, ווײַל ער האָט געקענט טאָן שיינע אַרבעט מיט די הענט.

„איך וועל באַקומען דעם קייסערס טאָכטער”, האָט יעדערער געזאָגט, און זייער פֿאָטער האָט יעדערן געגעבן אַ שיין פֿערד. דער וואָס האָט געקענט דעם ווערטערבוך און די צײַטונגען פֿון אויסנווייניק

האָט באַקומען אַ קויל שוואַרץ פֿערד, און דער וואָס האָט געוווּסט די געזעצן ווי אַ ראַטמאַן און געקענט אויסנייען רויזן אויף שלייקעס האָט באַקומען אַ מילך ווײַס פֿערד. זיי האָבן אויסגעשמירט די ווינקלען פֿון די מײַלער מיט פֿישטראָן כּדי זיי זאָלן זײַן בייגעוודיקער און זיי זאָלן בעסער קענען רעדן. אַלע באַדינער זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען צו זען ווי די ברידער זעצן זיך אויף די פֿערד. פּונקט אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען דער דריטער ברודער, ווײַל עס זײַנען טאַקע געווען דרײַ ברידער, נאָר מ׳האָט זיך אויף דעם דריטן ניט אומגעקוקט, ווײַל ער איז ניט געווען אַזוי געלערנט ווי די אַנדערע צוויי, און אים האָבן זיי גערופֿן האַנס פּויערקאָפּ.

„וווּהין פֿאָרט איר אַזוי אויסגעפּוצט?״ האָט ער געפֿרעגט.

„אין הויף, דורכצורעדן זיך מיט דער פּרינצעסין. האָסט גאָר ניט געהערט וואָס עס טומלט זיך איבערן גאַנצן לאַנד?״ און זיי האָבן עס אים דערציילט.

„אויב אַזוי, פֿאָר איך אויך!״ האָט האַנס פּויערקאָפּ געזאָגט. די ברידער האָבן זיך אויסגעלאַכט און זײַנען אַוועקגעריטן.

„פֿאָטער, גיב מיר אַ פֿערד״, האָט האַנס זיך אָפּגערופֿן. „איך האָב אויך חשק חתונה צו האָבן. נעמט זי מיך, נעמט זי מיך; נעמט זי מיך ניט, נעם איך זי סײַ ווי סײַ!״

„ס׳איז נאָר געפּלוידערט״, האָט דער פֿאָטער געזאָגט. „איך גיב דיר ניט קיין פֿערד. דו האָסט גאָרניט צו זאָגן פֿאַר זיך! ניין, די ברידער דײַנע זײַנען אַנדערש. זיי זײַנען איידעלע בחורים״.

„אויב איך קריג ניט קיין פֿערד״, האָט האַנס פּויערקאָפּ געזאָגט, „נעם איך דעם באָק. ער איז מײַנער, און איך קען אויף אים גאַנץ גוט רײַטן״. און ער האָט זיך אַרויפֿגעזעצט רײַטן אויף דעם באָק. ער האָט אַרײַנגעגראָבן די פּיס אין זײַנע זײַטן און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. וויאָ! איז דאָס געגאַנגען. „אָט קום איך״, האָט האַנס פּויערקאָפּ

געשריגן, און ער האָט געזונגען אַזוי הויך, אַז עס האָט אָפּגעקלונגען אין דער לופֿטן.

די ברידער, אָבער, זײַנען געריטן שטיל און האָבן ניט גערעדט קיין איין וואָרט איינער צום צווייטן, ווײַל זיי האָבן געמוזט טראַכטן פֿון די גוטע אײַנפֿאַלן וואָס זיי וועלן דאַרפֿן פֿאָרברענגען, ווײַל דאָס מוז ווערן גוט פֿאָרויסגעטראַכט.

„הערט נאָר, הערט!" האָט האַנס פּויערקאָפּ געשריגן. „אָט קום איך. זעט נאָר וואָס איך האָב געפֿונען אויפֿן וועג!" און ער האָט זיי געוויזן אַ טויטע וואָראָנע, וואָס ער האָט געפֿונען.

„פּויערקאָפּ, וואָס וועסטו טאָן מיט איר?" האָבן זיי געזאָגט.

„כ'וועל זי געבן אַ מתּנה דעם קייסערס טאָכטער".

„טו טאַקע אַזוי", האָבן זיי געזאָגט, און לאַכנדיק זײַנען זיי אַוועקגעריטן.

„הערט נאָר, הערט, אָט קום איך! זעט נאָר וואָס איך האָב איצט געפֿונען. דאָס געפֿינט מען ניט יעדן טאָג אויפֿן וועג!" די ברידער האָבן זיך אומגעקערט צו זען וואָס דאָס איז.

„פּויערקאָפּ", האָבן זיי געזאָגט, „דאָס איז דאָך אַן אַלטע קלומפּע און פֿון אויבן אָפּגעבראָכן! וועט דאָס אויך דעם קייסערס טאָכטער קריגן?"

„טאַקע, דאָס אויך!" האָט האַנס פּויערקאָפּ געזאָגט, און די ברידער זײַנען אַוועקגעריטן מיט אַ געלעכטער.

„הערט נאָר, וואַרט, אָט בין איך". האָט האַנס פּויערקאָפּ געשריגן. „ניין, איצט האָב איך עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס געפֿונען".

„וואָס האָסטו געפֿונען?" האָבן די ברידער געפֿרעגט.

„אָ!" האָט האַנס פּויערקאָפּ געזאָגט. „מע קען עס גאָר ניט איבערגעבן

„אוי, וועט דעם קייסערס טאָכטער זײַן מיט דעם צופֿרידן!"

„וואָס?" האָבן די ברידער געזאָגט, „דאָס איז דאָך זאַמד גענומען פֿון אַ גראָבן!"

„יאָ, דאָס איז עס טאַקע! און פֿונעם בעסטן סאָרט. מע קען עס ניט אײַנהאַלטן אין די הענט". און ער האָט עס אַרײַנגעשאָטן אין די קעשענעס.

די ברידער זײַנען אַוועקגעריטן אַזוי גיך ווי זיי האָבן נאָר געקענט און זײַנען אָנגעקומען צום טויער פֿון שטאָט מיט אַ גאַנצער שעה פֿריִער. דאָרטן האָבן די חתנים באַקומען נומערן אין ריי לויט דער צײַט פֿון זייער אָנקומען. מ'האָט זיי אַלעמען אויסגעשטעלט אין רייען, צו זעקס אין אַ ריי, אַזוי ענג, אַז זיי האָבן ניט געקענט רירן זייערע אָרעמס. דאָס איז נאָך געווען אַ גליק. אַנדערש וואָלט איינער פֿון דעם צווייטן אָפּגעריסן זײַנע קליידער, מחמת איינער איז געשטאַנען פֿאָרנט פֿאַרן צווייטן.

אַלע אַנדערע אײַנוווינער פֿון שטאָט זײַנען געשטאַנען אַרום דעם פּאַלאַץ און אַרײַנגעשנאַפּט דורך די פֿענצטער, כּדי צו זען ווי אַזוי די פּרינצעסין נעמט אויף די חתן־בחורים, און ווי אַזוי יעדערער פֿאַרלירט דאָס לשון ווי נאָר ער קומט אַרײַן אין אויפֿנעם־צימער.

„דו טויגסט ניט", האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „גיי אַוועק!"

איצט איז אַרײַנגעקומען דער ברודער וואָס האָט געקענט דעם גאַנצן ווערטערבוך. ער האָט, אָבער, אַלץ אין גאַנצן פֿאַרגעסן שטייענדיק אין דער ריי. די דילן האָבן געסקריפּעט און די סטעליע איז געווען פֿון שפּיגלגלאָז געמאַכט, אַזוי אַז ער האָט זיך געזען ווי ער וואָלט געשטאַנען אויפֿן קאָפּ. בײַ יעדן פֿענצטער זײַנען געשטאַנען דרײַ שרײַבערס און אַ ראַטמאַן. אַלץ איז פֿאַרשריבן געוואָרן און מע האָט די באַשרײַבונגען באַלד פֿאַרקויפֿט אויפֿן ראָג פֿון גאָס פֿאַר צוויי גראָשן אַ שטיק. ס'איז דאָרט געווען שרעקלעך. דערצו האָט מען נאָך אָנגעהייצט דעם קאַכל־אויוון און אים איז געווען אַזוי הייס, אַז ער איז אַזש רויט געוואָרן.

„ס'איז דאָ שרעקלעך הייס", האָט געזאָגט דער חתן־בחור.

„דאָס איז ווײַל מײַן פֿאָטער האָט הײַנט געבראָטן יונגע הינדלעך", האָט די פּרינצעסין געזאָגט.

„באַ!‟ און ער איז געבליבן שטיין. אויף אַזאַ שמועס האָט ער זיך ניט געריכט. קיין איין וואָרט האָט ער ניט געקענט אויסרעדן, גראָד בעת ער האָט געוואָלט זײַן שאַרף און וויציק.

„טויג ניט!‟ האָט די פּרינצעסין געזאָגט. „גיי אַוועק!‟ און ער האָט געמוזט אַוועקגיין.

איצט איז אַרײַנגעקומען דער אַנדערער ברודער. „ס'איז דאָ שרעקלעך הייס!‟ האָט ער געזאָגט.

„יאָ, מיר האָבן הײַנט געבראָטן יונגע הינדלעך‟.

„וואָס געטאָן? וואָס?‟ האָט ער געפֿרעגט. און אַלע שרײַבערס האָבן פֿאַרשריבן: „וואָס געטאָן? וואָס?‟

„טויג ניט!‟ האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „גיי אַוועק!‟

דערנאָך איז אַרײַנגעקומען האַנס פֿויערקאָפּ. ער איז אַרײַנגעריטן אויפֿן באָק גלײַך אין שטוב אַרײַן. „סאַראַ גליִענדיקע היץ דאָ איז‟, האָט ער געזאָגט.

„דאָס איז ווײַל איך האָב געבראָטן יונגע הינדלעך,‟ האָט די פּרינצעסין געזאָגט.

„דאָס איז אויסגעצייכנט‟, האָט האַנס פֿויערקאָפּ געזאָגט. „אויב אַזוי וועל איך מסתּמא קענען מײַן וואָראָנע אויך אָפּבראָטן?‟

„דו קענסט עס טאַקע טאָן‟, האָט די פּרינצעסין געזאָגט. „האָסטו, אָבער, אין וואָס זי צו בראָטן, ווײַל איך האָב ניט קיין טאָפּ און ניט קיין בראָטפֿאַנען‟.

„דאָס האָב איך טאַקע‟, האָט האַנס פֿויערקאָפּ געזאָגט. „אָט האָב איך אַ קאָכטעפּל‟. און ער האָט אַרויסגענומען די אַלטע קלומפּע און האָט די וואָראָנע אין דעם אַרײַנגעטאָן.

„דו האָסט דאָך דאָ אַ גאַנצן מאָלצײַט‟, האָט געזאָגט די פּרינצעסין, „אָבער אַווו קענען מיר קריגן עפּעס צו באַטעמען דעם דאָזיקן מאכל?‟

„דאָס האָב איך בײַ זיך אין דער קעשענע", האָט האַנס פויערקאָפּ געענטפֿערט. און ער האָט אויסגעשאָטן אַ ביסל זאַמד פֿון זײַן קעשענע.

„דאָס געפֿעלט מיר זייער", האָט די פּרינצעסין געזאָגט. „דו קענסט ענטפֿערן, און דו קענסט פֿרעגן. דיך וויל איך האָבן פֿאַר אַ מאַן! ווייסטו, אָבער, אַז יעדעס וואָרט וואָס מיר האָבן גערעדט אָדער געזאָגט איז פֿאַרשריבן געוואָרן, און מאָרגן וועט אַלץ שטיין אין דער צײַטונג? בײַ יעדן פֿענצטער שטייען דרײַ שרײַבערס און אַן אַלטער ראַטמאַן. דער ראַטמאַן איז דער ערגסטער, ווײַל ער פֿאַרשטייט גאָרניט". זי האָט עס געזאָגט כּדי אים אָפּצושרעקן. אַלע שרײַבערס האָבן זיך אַזוי צעלאַכט, אַז זיי האָבן געמאַכט טינטפֿלעקן אויפֿן דיל.

„אָט דאָס זײַנען די פֿײַנע באַלעבאַטים?" האָט האַנס פויערקאָפּ געזאָגט, „וועל איך דעם ראַטמאַן מכבד זײַן מיט דעם בעסטן וואָס איך האָב". ער האָט אויסגעקערט זײַנע קעשענעס און אַרײַנגעשאָטן דעם זאַמד אים אין פּנים אַרײַן.

„דאָס איז קלוג געטאָן", האָט געזאָגט די פּרינצעסין. „איך וואָלט עס ניט געקענט טאָן. איך וועל עס זיך ,אָבער, אויסלערנען".

און האַנס פויערקאָפּ איז געוואָרן קייסער. ער האָט באַקומען אַ ווײַב, אַ קרוין און איז געזעסן אויפֿן טראָן. מיר האָבן עס אָט אַזוי (ווי עס שטייט און גייט) אַרויסגענומען פֿון דעם ראַטמאַנס צײַטונג. אָבער צו פֿיל קען מען זיך אויף דעם ניט פֿאַרלאָזן.

# 24

# דאָס פֿלאַשהעלדזל

ניט ווײַט פֿון ראָג גאַס, צווישן אַנדערע אָרעמע הײַזער, איז געשטאַנען אַ הײַזקע זײַער שמאָל און הויך. פֿון אַלטקייט איז זי געווען אַרומגעריסן און אַרומגעביסן פֿון אַלע זײַטן. אין דעם דאָזיקן הויז האָבן געוווינט אָרעמע מענטשן. די גרעסטע אָרעמקייט, אָבער, האָט מען געליטן אויבן אין בוידעמשטיבל.

פֿון אַ קליין פֿענצטערל אַנטקעגן דער זון איז געהאָנגען אַן אַלט, צעבויגן פֿויגלשטײַגל, וואָס האָט צו מאָל ניט געהאַט קיין גלאָז פֿאַר וואַסער. אַנשטאָט דעם האָט זיך דאָרט געפֿונען אַן איבערגעקערט העלדזל פֿון אַ פֿלאַש, מיטן קאָריק פֿון אונטן, אַז דאָס ביסעלע וואַסער וואָס איז דאָרטן געווען זאָל ניט אויסרינען. אַן עלטער מיידל איז געשטאַנען בײַם אָפֿענעם פֿענצטער און האָט אַרויסגעהאָנגען פֿויגלגראָז איבערן שטײַגל ווו אַ קליין פֿייגעלע איז געשפּרונגען פֿון שטעקל צו שטעקל און זיך פֿריילעך צעזונגען און צעקלונגען.

יאָ, דו קענסט זיך טאַקע רויִק צעזינגען, האָט דאָס העלדזל געזאָגט. עס האָט אין דער אמתן ניט געזאָגט אַזוי ווי מיר וואָלטן עס געווען אַרויסגערעדט, ווײַל אַ העלדזל פֿון אַ פֿלעשל קען ניט רעדן. עס האָט, אָבער, אַזוי געטראַכט צו זיך אַליין, אַזוי ווי מענטשן רעדן אַ מאָל אין זיך אַליין.

יאָ, דו קענסט טאַקע רויִק זינגען, דו וואָס פֿאַרמאָגסט אַלע דײַנע גלידער. דו וואָלטסט געדאַרפֿט פּרובירן זײַן אָן דעם אונטערשטן טייל פֿון קערפּער אַזוי ווי איך און האָבן בלויז אַ האַלדז און אַ מויל

פֿאַרשטאָפּט מיט אַ קאָריק, וואָלטסט אויך, אַזוי ווי איך, ניט געזונגען. נאָר נאָך אַלעמען איז גאָר ניט אַזוי שלעכט ווען עס געפֿינט זיך עמעצער וואָס האָט אַ ביסל פֿאַרגעניגן. איך, אָבער, האָב ניט פֿאַר וואָס צו זינגען, און איך קען עס אויך ניט טאָן! דעמאָלט, ווען איך בין געווען אַ גאַנצע פֿלאַש און עמעצער האָט מיך אַ רײַב געטאָן מיט אַ קאָריק, דעמאָלט האָב איך זיך גוט צעזונגען, און מע האָט מיך גערופֿן טרילערל. איך בין אַרויס מיט דעם קירזשנער אין וואַלד ווען זײַן טאָכטער איז געוואָרן פֿאַרקנסט. איך געדענק עס ווי עס וואָלט נעכטן געווען. אוי, ווען איך באַטראַכט וואָס איך האָב שוין דורכגעלעבט... איך בין שוין דורכגעגאַנגען פֿײַער און וואַסער, געלעגן טיף אין דער ערד און שוין געווען העכער ווי דו קענסט זיך פֿאָרשטעלן. און איצט געפֿין איך זיך אין אַ פֿויגלנעסט און וויג זיך דאָ אין דרויסן אין דער לופֿט און אין זונענשײַן! עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט אויסצוהערן מײַן געשיכטע. איך דערצייל זי, אָבער, ניט אין דער הייך, ווײַל איך קען ניט.

דעמאָלט האָט דאָס העלדזל אָנגעהויבן דערציילן צו זיך אַליין, אָדער טראַכטן אין זיך, די אייגענע מערקווערדיקע געשיכטע, און דער קליינער פֿויגל האָט פֿריילעך געזונגען זײַן ליד. און אונטן אין גאַס האָט זיך געטאָן און געטומלט. יעדערער האָט געטראַכט פֿון זיך אַליין אָדער פֿון גאָרניט געטראַכט. אָבער דאָס פֿלעשל־העלדזל האָט יאָ געטראַכט טיפֿע געדאַנקען.

זי געדענקט דעם פֿלאַמענדיקן שמעלצאויוון אין פֿאַבריק וווּ מ׳האָט אין איר דאָס לעבן אַרײַנגעבלאָזן, ווי הייס עס איז דאָרט געווען ווען מע האָט איר אַרײַנגעשטעלט אינעם הייסן אויוון, וואָס איז דעמאָלט געווען איר היים. זי געדענקט אויך, אַז זי האָט געהאַט אַ גרויסן באַגער אַרויסצושפּרינגען פֿון דאָרט. אָבער שפּעטער איז קילער געוואָרן, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו פֿילן אַ ביסל בעסער. זי איז

געשטאַנען אין אַ ריי מיט אַ גאַנצן רעגימענט ברידער און שוועסטער, אַלע פֿון זעלבן שמעלצאויוון. פֿון טייל פֿון זיי האָט מען געמאַכט שאַמפּאַניער־פֿלעשער און פֿון אַנדערע פּראָסטע בירפֿלעשער. דאָס איז, אָבער, אַ קליינער חילוק. אין לעבן קען פּאַסירן, אַז אַ פּשוטע בירפֿלאַש זאָל האַלטן אין זיך דעם טײַערסטן ווײַן, און אַ שאַמפּאַניער־פֿלאַש זאָל זײַן פֿול מיט שוואַרצער טינט. עס ווענדט זיך, אָבער, ווי אַזוי איינער איז געבוירן געוואָרן. דער פּריץ בלײַבט אַ פּריץ און אַ שאַמפּאַניער־פֿלאַש בלײַבט אַ שאַמפּאַניער־פֿלאַש, אַפֿילו ווען זי האָט שוואַרצע טינט אינעווייניק.

די פֿלעשער זײַנען אײַנגעפּאַקט געוואָרן, און אונדזער פֿלאַש מיט זיי. זי האָט גאָר ווינציק וואָס געטראַכט וועגן איר סוף, אַז איר דאָליע וועט זײַן צו דינען ווי אַ קאָרעטע מיט איר האַלדז אין אַ פֿויגלנעסט. דאָס איז, נאָך אַלעמען, אַ בכּבֿודיק אָרט, ווײַל עס האָט דאָך עפּעס אַ נוץ אין דער וועלט! די פֿלאַש האָט ווידער דערזען די ליכטיקע שײַן פֿון טאָג, ווען מע האָט זי און אירע חבֿרים צוריק אויסגעפּאַקט אין קעלער פֿונעם ווײַנהענדלער. מע האָט זיי גלײַך אַרומגעוואַשן און אויסגעלייגט ליידיקע, ניט קיין פֿאַרפּראָפּטע. זי האָט זיך עפּעס מאָדנע געפֿילט. עס האָט זיך איר געוואָלט עפּעס, עפּעס וואָס אַפֿילו זי אַליין האָט ניט געוווּסט וואָס. סוף־כּל־סוף האָט מען זי אָנגעפֿילט מיט גוטן, טײַערן ווײַן, שטאַרק פֿאַרקאָרקעוועט און פֿאַרזיגלט מיט אַ צעטל: „ערשטע קוואַליטעט“, ווי זי וואָלט געהאַט באַקומען אַ פּרעמיע נאָך אַן עקזאַמען.

דער ווײַן איז טאַקע געווען אַ גוטער און די פֿלאַש איז אויך געווען גוט. ווען מע איז יונג איז מען ליריש, זינגט מען און קלינגט מען. אין דער פֿלאַש זײַנען געווען קלאַנגען פֿון לידער וועגן זאַכן וואָס זי האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין: פֿון די גרינע, זוניקע בערג, ווו די ווײַנשטאָקן וואַקסן, ווו פֿריילעכע מיידלעך און לוסטיקע יונגען

לאַכן און קושן זיך. אַך, וואָסער שיין לעבן דאָס איז! און אַלץ אין פֿלאַש האָט געזונגען און געקלונגען, אַזוי ווי בײַ יונגע פּאָעטן וואָס ווייסן אַליין ניט דעם באַטײַט פֿון וואָס זיי שרײַבן.

אין איינעם אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָט מען דאָס פֿלעשל געקויפֿט. מע האָט געהייסן דעם קירזשנערס לערן־ייִנגל מיטברענגען אַ פֿלאַש פֿון דעם בעסטן ווײַן. מע האָט זי אַרײַנגעלייגט אין קאָרב צוזאַמען מיט אַנדערע מאכלים: פֿלייש, קעז און ווורשט. די פֿרישסטע פּוטער און דאָס פֿײַנסטע ברויט האָט דער קירזשנערס טאָכטער אַליין אײַנגעפּאַקט. זי איז געווען יונג און שיין. אירע ברוינע אויגן האָבן געלאַכט און איר מויל האָט געשמייכלט, און דער שמייכל האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין אירע אויגן. זי האָט געהאַט פֿײַנע, ווייכע הענט, וואָס זײַנען געווען צאַרט ווײַס. אָבער נאָך צאַרטער און ווײַסער איז געווען איר האַלדז, איר ברוסט. מע האָט גלײַך געקענט באַמערקן, אַז זי איז איינע פֿון די שענסטע מיידלעך פֿון שטאָט. און דאָך איז זי נאָך ניט געווען פֿאַרקנסט.

דעם קאָרב מיטן עסנוואַרג האָט זי געהאַלטן בײַ זיך אויפֿן שויס. די משפּחה איז אַרויסגעפֿאָרן אין וואַלד אַרײַן. דאָס העלדזל פֿון פֿלאַש, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פֿון די פֿאַלדן פֿון דער ווײַסער סערוויעטקע, איז געווען מיט רויטן לאַק באַגאָסן.

די פֿלאַש איז געלעגן אין איר שויס און האָט געקוקט דאָס יונגע מיידל גלײַך אין פּנים אַרײַן און האָט אויך געקוקט אינעם פּנים פֿונעם יונגן מאַטראָס, וואָס איז געזעסן לעבן איר. ער איז געווען אַ יונגער פֿרײַנד, דער זון פֿון אַ פּאָרטרעט־מאָלער. ער האָט נאָר וואָס געהאַט דורכגעמאַכט דעם פֿלאָט־עקזאַמען און האָט זיך אויסגעצייכנט פֿאַר אַ העכערן ראַנג, און אין דער פֿרי האָט זײַן שיף שנעל געדאַרפֿט אָפּפֿאָרן אין אַ פֿרעמד לאַנד. מע האָט אַ סך גערעדט וועגן דעם בײַם אײַנפּאַקן דעם קאָרב, און דורך דעם שמועס האָבן די אויגן און מויל

פֿון דעם קירזשנערס יונגער, שיינער טאָכטער קיין צו פֿיל פֿרייד ניט אויסגעדריקט.

די צוויי יונגע מענטשן זײַנען אַוועק טיף אין גרינעם וואַלד. זיי האָבן געערדט צוזאַמען. וואָס זיי האָבן געערדט – דאָס האָט די פֿלאַש, בלײַבנדיק אין קאָרב, ניט געהערט. די פֿלאַש איז דאָרט געשטאַנען אַ רעכטע ווײַלע, ביז מ׳האָט זי אַרויסגענומען. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי עפּעס אָנגענעמס איז פֿאָרגעקומען. אַלע האָבן געלאַכט. דעם קירזשנערס טאָכטער האָט אויך געלאַכט. זי האָט, אָבער, גאָרניט געערדט, נאָר אירע באַקן האָבן געפֿלאַמט אַזוי ווי צוויי רויטע רויזן.

איר פֿאָטער האָט גענומען די פֿלאַש מיטן פּראָפּן־ציִער אין זײַנע הענט. וואָס פֿאַר אַ מאָדנע געפֿיל עס איז צום ערשטן מאָל געעפֿנט צו ווערן. דאָס פֿלעשל־העלדזל האָט קיין מאָל ניט געקענט פֿאַרגעסן יענעם רירנדיקן מאָמענט ווען עס האָט זיך אין איר אָנגעהויבן צו הודזשען און דער קאָריק איז אַרויסגעשפּרונגען און קלוק־קלוק האָט דער ווײַן געשטראָמט אין די גלעזער.

„צו געזונט די פֿאַרקנסטע”, האָט דער פֿאָטער געזאָגט, און יעדער גלאָז איז געוואָרן אויסגעליידיקט ביזן דעק, און דער יונגער מאַטראָס האָט געקושט זײַן שיינע כּלה.

„מיט מזל און ברכות”, האָבן די אַלטע, די עלטערן, זיי צוגעווונטשן. און דער יונגער־מאַן האָט דערווײַל אָנגעגאָסן די גלעזער. „אַהיים אין אַ מזלדיקער שעה, און אַ חתונה איבער אַ יאָר פֿון הײַנט”, האָט ער אויסגערופֿן. ווען די גלעזער זײַנען אויסגעליידיקט געוואָרן האָט דער יונגער מאַטראָס אויפֿגעהויבן די פֿלאַש אין דער לופֿטן. „דו ביסט געווען מיט מיר אין דעם גליקלעכסטן טאָג פֿון מײַן לעבן, און קיין אַנדערער זאָל זיך מיט דיר קיין מאָל ניט באַנוצן”. און ער האָט זי אַ וואָרף געטאָן אין דער לופֿטן.

דעם קירזשנערס טאָכטער האָט זיכער געמיינט, אַז זי וועט די פֿלאַש שוין קיין מאָל מער ניט אָנקוקן. עס איז, אָבער, געווען אַ טעות. די פֿלאַש איז אַרײַנגעפֿאַלן צווישן די געדיכטע קאַמישן אויפֿן ברעג פֿון אַ קליינער וואַלד־אָזערע. דאָס פֿלעשל־העלדזל האָט גוט געדענקט ווי לאַנג זי איז דאָרט געלעגן אומבאַמערקט און האָט צו זיך געטראַכט: איך האָב זיי געגעבן ווײַן, און זיי האָבן מיר צוריקגעגעבן זומפּוואַסער. נו, אַבי זיי האָבן גוטס געמיינט דערמיט. זי האָט מער ניט געקענט זען דאָס פֿאַרקנסטע פּאַרל, אויך ניט די גליקלעכע עלטערן. אָבער אַ לאַנגע צײַט האָט זי נאָך געקענט הערן זייער פֿריילעך זינגען.

שפּעטער זײַנען צוגעקומען צוויי קליינע פּויערישע ייִנגלעך, און זוכנדיק צווישן די קאַמישן האָבן זיי דערזען די פֿלאַש. זיי האָבן זי אויפֿגעהויבן און זײַנען אַוועקגעגאַנגען מיט דער פֿלאַש. איצט איז איר ווידער געווען גוט.

אין דער היים, אין דעם הילצערנעם שטיבל וווּ זיי האָבן געוווינט, האָבן זיי געהאַט אַן עלטערן ברודער אַ מאַטראָס, וואָס האָט זיך שוין געהאַט מיט זיי אָפּגעזעגנט און זיך געקליבן אויף אַ לאַנגער רײַזע. זײַן מוטער איז געשטאַנען ניט־ווײַט און האָט אײַנגעפּאַקט פֿאַרשיידענע זאַכן פֿאַר אים. אין אָוונט האָט דער פֿאָטער געזאָלט גיין אין שטאָט אַרײַן מיטן פּעקל און זיך נאָך אַ מאָל זען מיט זײַן זון פֿאַר זײַן אָפּפֿאָרן און אים איבערגעבן נאָך אַ „זײַ־געזונט" פֿון זײַן מוטער. אַ קליין פֿלעשל מיט בשׂמים צוזאַמענגעמישט מיט בראָנפֿן איז שוין געווען אײַנגעפּאַקט. איצט זײַנען די ייִנגלעך געקומען מיט אַ גרעסערער און שטאַרקערער פֿלאַש, די וואָס זיי האָבן געפֿונען דאָרט האָט געקענט האַלטן פֿיל מער ווי די קלענערע, און דער דאָזיקער שנאַפּס איז דאָך אַזאַ גוטע רפֿואה פֿאַר בויכווייטיק, איבער הויפּט ווען ער איז צוזאַמענגעמישט מיט די רפֿואהדיקע בשׂמים. דאָס איבערגעגאָסענע געטראַנק איז נישט געווען ווי דער רויטער

ווײַן וואָס איז אין איר פֿריִער געווען. עס האָט פֿאַרמאָגט אין זיך ביטערע טראָפּנס. עס איז, אָבער, זייער גוט פֿאַר בויכווייטיק. און די גרויסע פֿלאַש און ניט די קליינע האָט מען מיטגענומען. אַזוי האָט די פֿלאַש ווידער זיך אַרויסגעלאָזט וואַנדערן. זי איז אַרויף אויף דער שיף מיט פּיטער דזשענסאָנען, איינער פֿון דער שיפֿס מאַנשאַפֿט. און די שיף איז טאַקע געווען די זעלבע אויף וועלכער דער חתן פֿון דעם קירזשנערס טאָכטער איז געפֿאָרן. ער האָט, אָבער, די פֿלאַש ניט געזען, און אויב ער וואָלט זי יאָ געזען וואָלט ער זי ניט דערקענט און אַוודאי ניט געטראַכט, אַז זי איז יענע פֿלאַש פֿון וועלכער מע האָט געטרונקען לחיימס אויף זײַן קנס־מאָל און זיך צוגעווונטשן צוריק אַהיים צו קומען בשלום.

אמת, אין דער פֿלאַש האָט זיך מער ניט געפֿונען קיין ווײַן. ס'איז, אָבער, דאָרט געווען עפּעס פּונקט אַזוי גוט. פּיטער דזשענסאָן און זײַנע חבֿרים האָבן עס גערופֿן „די אַפּטייק", ווײַל זי האָט אַרויסגעגעבן גוטע מעדיצין ווי אַ רפֿואה פֿאַרן מאָגן. ער איז ניט געווען קאַרג מיט דעם און האָט זיי אַלע געהאָלפֿן ביז צום לעצטן טראָפּן. עס איז געווען אַ פֿריילעכע צײַט, און די פֿלאַש האָט געזונגען ווען מע האָט זי אַ רײַב געטאָן מיטן קאָריק. די מאַטראָסן האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „דאָס גרויסע טרילערל" און „פּיטער דזשענסאָנס טרילערל".

אַ לאַנגע צײַט איז פֿאַרבײַ און די פֿלאַש איז געשטאַנען אַ ליידיקע אין אַ ווינקל. דעמאָלט איז עפּעס פֿאָרגעקומען. צי דאָס איז געווען בײַם אַוועקפֿאָרן אָדער בײַם צוריקפֿאָרן אַהיים האָט די פֿלאַש ניט געוווּסט, ווײַל זי איז קיין מאָל ניט געווען אויף דער יבשה. אַ שטורעם האָט זיך אָפּגעריסן. גרויסע כוואַליעס, שוואַרצע און שווערע, האָבן זיך געשלײַדערט און די שיף געוואָרפֿן הין און קריק. דער מאַסט האָט זיך אײַנגעבראָכן. אַ כוואַליע האָט דורכגעשלאָגן אַ לאָך אינעם דעק פֿון שיף. דאָס אַרויספּאָמפּען וואַסער האָט מער ניט געהאָלפֿן.

עס איז געווען אַ שטאָק פֿינצטערע נאַכט. די שיף האָט גענומען אונטערגיין. אין דער לעצטער מינוט האָט דער יונגער מאַטראָס (דער חתן) אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר: „עס איז דעם אייבערשטנס ווילן. מיר גייען אונטער". ער האָט אָנגעשריבן זײַן כּלהס נאָמען, זײַנעם, און דער שיפֿס. ער האָט אַרײַנגעשטעקט דעם צעטל אין דער פֿלאַש וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, האָט זי שטאַרק פֿאַרפּראָפּט און אַרײַנגעוואָרפֿן אינעם שטורעמדיקן ים. ער האָט ניט געוווּסט, אַז דאָס איז געווען יענע פֿלאַש פֿון וועלכער מע האָט געטרונקען אַ לחיים פֿון גליק און האָפֿענונג פֿאַר אים און זײַן כּלה. איצט האָט זיך די פֿלאַש געוויגט אויף די כוואַליעס פֿון ים, טראַגנדיק מיט זיך דעם לעצטן גרוס פֿונעם אומגעקומענעם.

די שיף איז געזונקען און די מאַנשאַפֿט מיט איר, אָבער די פֿלאַש איז געפֿלויגן אַזוי ווי אַ פֿויגל און האָט געטראָגן אין זיך אַ ליבעבריוו פֿון אַ האַרץ פֿול מיט ליבשאַפֿט. די זון איז אויפֿגעגאַנגען, די זון איז אונטערגעגאַנגען, און די פֿלאַש האָט זיך געפֿילט ווי זי וואָלט געווען אין דעם הייסן, גלײַענדיקן אויוון אין דער צײַט ווען מע האָט זי ערשט געמאַכט, דעמאָלט ווען זי האָט באַקומען אַ באַגער אַוועקצופֿלײַען. זי האָט איבערגעלעבט די שטורמישע און רויִקע ימען. זי האָט זיך ניט אָנגעשטויסן אין קיין שטיינערנע בערג און די הײַפֿישן האָבן זי ניט אײַנגעשלונגען. איבער אַ יאָר צײַט איז זי אַזוי געשוווּמען אויפֿן וואַסער: אָט אויף צפֿון און אָט אויף דרום ווו דער שטראָם האָט זי נאָר געטראָגן. צום מערסטן איז זי געווען איר אייגענע באַלעבאָסטע. אָבער דאָס איז איר אויך נימאס געוואָרן. דער אָנגעשריבענער צעטל, דער לעצטער „זײַ־געזונט" פֿונעם חתן צו זײַן כּלה, וואָלט נאָר געבראַכט צער און ווייטיק ווען ער זאָל אַרײַנפֿאַלן אין די ריכטיקע הענט. ווו, אָבער, האָבן זיך געפֿונען יענע ווײַסע, צאַרטע הענט וועלכע האָבן אויסגעשפּרייט דעם טישטעך אויפֿן פֿרישן גראָז אינעם גרינעם וואַלד

אין דעם טאָג ווען זיי זײַנען געוואָרן פֿאַרקנסט? און ווו האָט זיך דעם קירזשנערס טאָכטער געפֿונען? און ווו איז דאָס לאַנד, דאָס נענטסטע לאַנד צו איר היים?

דאָס האָט די פֿלאַש ניט געוווּסט. זי האָט זיך געלאָזט טראָגן און טראָגן. צום סוף איז איר דאָס אַרומשווימען נימאס געוואָרן, ווײַל ניט דאָס איז געווען איר ציל, אָבער ווײַטער שווימען האָט זי געמוזט. ענדלעך האָט זי זיך אָנגעשלאָגן אין אַ יבשה. עס איז, אָבער, געווען אַ פֿרעמד לאַנד. זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען קיין איין וואָרט וואָס מע האָט דאָרט גערעדט. עס איז ניט געווען דאָס לשון וואָס זי האָט אַ מאָל געהערט רעדן. עס איז געווען אַ גרויסער שאָד ניט צו פֿאַרשטיין וואָס מע האָט צו איר געזאָגט.

מע האָט אַרויסגענומען די פֿלאַש פֿון וואַסער און זי באַטראַכט פֿון אַלע זײַטן. מע האָט באַמערקט דעם צעטל אינעווייניק, אים אַרויסגענומען און אים געדרייט פֿון אַלע זײַטן. מע האָט, אָבער, גאָרניט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָרט איז געווען אָנגעשריבן. מע האָט, אָבער, גוט פֿאַרשטאַנען, אַז די פֿלאַש האָט מען געהאַט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון אַ זינקענדיקער שיף און אַז עפּעס וועגן דעם שטייט געשריבן אויף דעם פּאַפּירל. אָבער וואָס? דאָס האָט מען ניט געוווּסט. האָט מען דעם צעטל צוריק אין פֿלאַש אַרײַנגעשטעקט און מע האָט זי אַוועקגעשטעלט אין אַ גרויסער שאַפֿע אין אַ צימער פֿון אַן אָנגעזעענעם הויז.

יעדעס מאָל ווען נאָר פֿרעמדע זײַנען אָנגעקומען פֿלעגט מען אַרויסנעמען דעם צעטל און אים דורכקוקן, אַזוי אַז דאָס געשריבֿטס, וואָס איז געווען געשריבן מיט אַ בלײַפֿעדער, איז געוואָרן אַלץ מער און מער אומלייענעוודיק, ביז עס איז שוין אין גאַנצן שווער געווען צו דערקענען די אותיות. די פֿלאַש איז אַזוי געשטאַנען אין דער שאַפֿע כמעט אַ יאָר, ביז מע האָט זי אַרויפֿגענומען אויפֿן בוידעם, ווו זי איז געוואָרן באַדעקט מיט שטויב און שפּינוועבס. ווי אָפֿט האָט זי

דעמאָלט געטראַכט וועגן בעסערע צײַטן, ווען זי האָט אויסגעשענקט רויטן ווײַן אין דעם פֿרישן, גרינעם וואַלד. דערנאָך האָט זי זיך געוויגט אויף די כוואַליעס פֿון ים און האָט געטראָגן אין זיך אַ סוד – דעם לעצטן אָפּשיידזיפֿץ.

און די פֿלאַש שטייט שוין צוואַנציק יאָר אויפֿן בוידעם. וואָלט מען ניט געדאַרפֿט איבערבויען דאָס הויז, וואָלט זי דאָרט געקענט שטיין לענגער. ווען מע האָט אַראָפּגעריסן דעם דאַך, האָט מען זי געפֿונען.

מע האָט וועגן איר גערעדט, אָבער זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען דאָס לשון, ווײַל מע קען זיך ניט אויסלערנען קיין שפּראַך ווען מע געפֿינט זיך אויף אַ בוידעם, אַפֿילו אין צוואַנציק יאָר. וואָלט איך זיך געפֿונען אונטן אין שטוב, וואָלט איך זיך געהאַט אויסגעלערנט, האָט די פֿלאַש געטראַכט.

מע האָט זי אויסגעוואַשן און אויסגעשווענקט ווי עס געהער צו זײַן. זי איז געוואָרן ריין און דורכזיכטיק און האָט זיך דערפֿילט ווידער יונג אויף דער עלטער. דער צעטל, אָבער, וואָס זי האָט געהאַט אין זיך און האָט אַזוי געטרײַ אַרומגעטראָגן, איז צעגאַנגען אינעם וואַשן.

די פֿלאַש איז איצט אָנגעפֿילט געוואָרן מיט קערנדלעך, מיט אַזעלכע וואָס זי האָט אַליין ניט געוווּסט וואָס דאָס איז. מע האָט זי גוט באַוואָרנט אַזוי, אַז אַפֿילו די ליכט פֿון אַ לאַמטערן האָט ניט געקענט דורכשײַנען, און אַוודאי האָט די ליכט פֿון דער זון און די שײַן פֿון דער לבֿנה צו איר ניט דערגרייכט. און דאָך האָט זי געזען, אַז מע גרייט זיך אַוועקצופֿאָרן. מע קלײַבט זיך אויף אַ רײַזע, האָט זי געטראַכט, און איך וועל גאָרניט קענען זען. דאָס וויכטיקסטע, אָבער, האָט זי געטאָן. זי איז געפֿאָרן און אָנגעקומען צו דעם אָרט ווו זי האָט געדאַרפֿט. מע האָט זי אויסגעפּאַקט.

„וויפֿל מי זיי האָבן דאָרט אין אויסלאַנד אויף דעם אָפּגעגעבן", האָט מען געזאָגט בײַם אויספּאַקן. „מע האָט די פֿלאַש זיכער צעבראָכן". אָבער גראָד דאָס ניט. די פֿלאַש האָט פֿאַרשטאַנען יעדעס וואָרט וואָס מע האָט גערעדט. דאָס איז געווען דאָס זעלבע לשון וואָס זי האָט געהערט אין שמעלצאויוון, בײַם ווײַנהענדלער, אין וואַלד און אויף דער שיף. עס איז געווען די איינציקע, ריכטיקע, אַלטע, גוטע שפּראַך. זי האָט אַלץ געקענט פֿאַרשטיין. זי איז סוף־כּל־סוף געקומען צוריק אַהיים אין איר אייגן לאַנד. די שפּראַך איז געווען איר בעסטער ברוך־הבא. זי האָט זיך געפֿילט אַזוי גליקלעך, אַז זי איז געווען גרייט אַרויסצושפּרינגען פֿון די הענט וואָס האָבן זי געהאַלטן. זי האָט קוים באַמערקט, אַז מע האָט אַרויסגענומען פֿון איר דעם קאָריק, זי אויסגעליידיקט און אַראָפּגעטראָגן אין אַ קעלער און אין איר אין גאַנצן פֿאַרגעסן. אַ היים איז גוט אַפֿילו אין אַ קעלער! עס איז איר קיין מאָל ניט אײַנגעפֿאַלן צו טראַכטן ווי לאַנג זי וועט אַזוי דאַרפֿן ליגן, ווײַל דאָס ליגן האָט איר הנאה געטאָן, און זי איז אַזוי אָפּגעווען אין קעלער לאַנגע יאָרן, ביז אין איינעם אַ שיינעם טאָג זײַנען מענטשן געקומען און האָבן די פֿלאַש מיט זיך מיטגענומען.

ערגעץ אין אַ גאָרטן איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסער יום־טובֿ. ליכטיקע לאָמפּן זײַנען געהאָנגען אַזוי ווי בלומענקרענץ. גרויסע שיינע פּאַפּירענע לאַמטערנס האָבן געשטראַלט ווי דורכזיכטיקע טולפּאַנען. עס איז געווען אַ פּראַכטיקער אָוונט. דער וועטער איז געווען שטיל און קלאָר און שטערן האָבן געפֿינקלט. עס איז געווען אָנהייב חודש. די לבֿנה האָט אויסגעזען אַ גאַנצע, אַ רונדע, ווי אַ בלוילעך־גרויער גלאָבוס מיט גאָלד אויפֿן ראַנד, וואָס האָט אַזוי שיין אויסגעזען פֿאַר די וואָס האָבן גוטע אויגן.

די באַלײַכטונגען האָבן זיך געצויגן ביז צו די סאַמע זײַטיקסטע שטעגן, אַפֿילו דאָרט ווו מע האָט פֿריִער ניט געקענט זען צוצוקומען.

בײַ די ברעגן פֿון די שטעגן זײַנען געווען אויסגעשטעלט פֿלעשער באַלויכטן מיט אַ ליכט. דאָרט האָט זיך אויך געפֿונען די פֿלאַש וואָס איז אונדז באַקאַנט, די וועמענס מזל עס וועט אַ מאָל זײַן צו בלײַבן נאָר אַ פֿלאַשהעלדזל און דינען אַ פֿויגל צום טרינקען וואַסער. אַלץ האָט פֿאַר איר אויסגעזען אַזוי שיין און פּראַכטיק. זי איז געווען צוריק אין גרינעם וואַלד, צוריק אין פֿרייד און אין שׂימחה. ווידער האָט זי געהערט מוזיק און געזאַנג און דעם זשום און טומל פֿון אַזוי פֿיל מענטשן, איבער הויפּט פֿון דעם אָרט ווו די ברענענדיקע לאָמפּן און די פּאַפּירענע לאַמטערנס האָבן צעוואָרפֿן זייערע בלענדיקע קאָלירן. די פֿלאַש איז געשטאַנען אין אַ זײַט. מע האָט זי, אָבער, געקענט גוט באַמערקן, און זי איז געווען באַלויכטן מיט אַ ליכט. ווידער איז זי געווען נוציק און האָט פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגעניגן. און דאָס איז די ריכטיקע צײַט צו פֿאַרגעסן, אַז מע איז צוואַנציק יאָר אָפּגעזעסן אויף אַ בוידעם. דאָס איז טאַקע גוט צו פֿאַרגעסן.

ניט ווײַט פֿון איר איז פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ פּאָרל, אָרעם אין אָרעם אַזוי ווי יענע חתן־כּלה אַ מאָל אין וואַלד: דער מאַטראָס און דעם קירזשנערס טאָכטער. פֿאַר דער פֿלאַש האָט עס אויסגעזען אַזוי ווי זיי וואָלטן ווידער געלעבט. אין גאָרטן האָבן איצט אַרומגעשפּאַצירט ניט נאָר געסט, נאָר אויך אַנדערע מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען אָנקוקן דעם פּראַכטיקן יום־טובֿ. צווישן זיי האָט אויך שפּאַצירט אַן עלטער מיידל, איינזאַם, אָבער ניט אין גאַנצן אָן פֿרײַנד. זי האָט געטראַכט פֿון דער זעלבער זאַך וואָס די פֿלאַש. זי האָט זיך פֿאַרטראַכט וועגן דעם גרינעם וואַלד און וועגן דעם יונגן פּאָרל וואָס האָט איר אַזוי פֿיל דערמאָנט אין זיך, ווען זי איז געווען אַ טייל פֿון דעם, ווען זי איז געווען איינע פֿון אַזאַ פּאָרל. דאָס איז געווען די גליקלעכסטע צײַט אין איר לעבן. און דאָס פֿאַרגעסט מען קיין מאָל ניט, אַלץ איינס ווי אַלט אַ מיידל זאָל ניט ווערן. זי האָט די פֿלאַש, אָבער, ניט דערקענט,

און די פֿלאַש האָט דאָס מיידל אויך ניט דערקענט, און אַזוינס קומט טאַקע אָפֿט פֿאָר אין דער וועלט. ווען מע טרעפֿט זיך צוזאַמען, דערקענט מען זיך ניט. אַזוי האָט זיך געטראָפֿן מיט די צוויי, כאָטש זיי שטאַמען פֿון איין שטאָט.

די פֿלאַש האָט מען אַוועקגענומען פֿון גאָרטן צום ווײַנהענדלער. מע האָט זי אָנגעגאָסן מיט ווײַן און פֿאַרקויפֿט אויפֿן פֿליפֿעלד. איבער אַכט טאָג זונטיק האָט זי געזאָלט אַרויפֿגיין מיט אַ באַלאָן. אַ גרויסער עולם האָט זיך אויפֿגעזאַמלט עס אָנצוקוקן. עס איז דאָרט געווען מיליטער־מוזיק און נאָך פֿאַרשיידענע צוגרייטונגען. די פֿלאַש האָט עס באַמערקט פֿון קאָרב, ווו זי און אַ לעבעדיק קראָליקל זײַנען געלעגן. דאָס קראָליקל איז געווען שטאַרק אויפֿגעהײַטערט, ווײַל עס האָט געוווסט, אַז עס וועט אַרויפֿגיין אין דער הייך און אַראָפּגיין מיט אַ פֿאַראַשוט. די פֿלאַש האָט נישט געוווסט פֿון „אַרויף" און „אַראָפּ". זי האָט נאָר געזען ווי דער לופֿטבאַלאָן איז געוואָרן גרעסער און גרעסער, אַזוי ביז ער האָט שוין גרעסער ניט געקענט ווערן. דעמאָלט האָט ער זיך גענומען אויפֿהייבן פֿון אָרט, העכער און העכער, ביז ער איז געוואָרן אומרויִק. די שטריק וואָס האָבן אים פֿאַרהאַלטן האָט מען איבערגעשניטן און דער לופֿטבאַלאָן מיט אַ קאָרב אין וועלכן עס האָבן זיך געפֿונען אַ קראָליקל און די פֿלאַש האָט זיך אויפֿגעהויבן. מוזיק האָט געשפּילט און אַלע מענטשן האָבן אויסגעשריגן „הוראַ!"

דאָס איז אַ ווונדערלעכע רײַזע, אַזוי אַרויפֿצוגיין אין דער לופֿטן, האָט די פֿלאַש געטראַכט. דאָס איז אַ נײַער אופֿן צו זעגלען. אַזוי וועט מען זיך אין קיין זאַך ניט אָנשלאָגן.

טויזנטער מענטשן האָבן געהאַלטן זייערע אויגן אויפֿן באַלאָן, און דאָס עלטערע מיידל האָט אויך אַרויסגעקוקט אויף דעם. זי איז געשטאַנען בײַם אָפֿענעם פֿענצטער פֿון איר בוידעמשטיבל פֿון וואַנען די שטײַג מיט דעם קליינעם פֿויגל איז אַרויסגעהאָנגען. דאָס איז דער

פֿויגל וואָס האָט נאָך ניט פֿאַרמאָגט קיין וואַסערגלאָז און האָט זיך באַנוצט מיט אַן אַלט טעפּעלע. אין פֿענצטער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ מירטבײמל אין אַ טאָפּ. זי האָט עס אָפּגערוקט אויף אַ זײַט כּדי זי זאָל זיך ניט אין דעם אָנשטויסן, ווען זי וועט זיך אַראָפּבייגן אַרויסצוקוקן, און זי האָט דײַטלעך געזען אין באַלאָן דעם לופֿטבאַלאָן־פּילאָט, ווי אַזוי ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס קראָליקל מיט אַ פּאַראַשוט. דערנאָך האָט ער געטרונקען אַ לחיים צו אַלע צוקוקערס און געוואָרפֿן די פֿלאַש הויך אין דער לופֿטן. ווי ווינציק זי האָט עס געטראַכט, אַז זי האָט געזען די זעלביקע פֿלאַש אין דער הייך דעם גליקלעכסטן טאָג פֿון איר און איר פֿרײַנדס לעבנס, דעמאָלט אין דעם גרינעם וואַלד, ווען זיי זײַנען געווען יונג.

די פֿלאַש האָט קיין צײַט ניט געהאַט דאָס איבערצוטראַכטן. עס איז געקומען אַזוי אומגעריכט. זי האָט דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט אין איר לעבן. טורעמס און דעכער זײַנען געלעגן אין דער נידער, און מענטשן זײַנען געווען אַזוי קליין, אַז מע האָט זיי קוים געזען.

איצט איז זי אַראָפּגעפֿאַלן נאָך שנעלער ווי דאָס קראָליקל. די פֿלאַש האָט עטלעכע מאָל געמאַכט קאָזשלקעס אין דער לופֿטן און איז לײַכט, יונג און פֿיפֿיק אַראָפּגעפֿאַלן. זי האָט פֿון אָנהייב נאָך געהאַט אין זיך אַ ביסל ווײַן, אָבער ניט אויף לאַנג. אָט דאָס איז געווען אַ רײַזע! די זון האָט געשײַנט אויף דער פֿלאַש. אַלע האָבן איר נאָכגעקוקט. דער באַלאָן איז שוין געווען ווײַט אַוועק. באַלד איז די פֿלאַש אויך געווען ווײַט, ווײַט. זי איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף אַ דאַך און האָט זיך צעבראָכן אויף שטיקלעך. דאָס איז, אָבער, פֿאָרגעקומען מיט אַזאַ גיכקייט, אַז די שטיקלעך האָבן זיך ניט געקענט באַרויִקן. זיי האָבן זיך געקײַקלט און געשפּרונגען ביז זיי זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן אין הויף אַרײַן און זיך צעבראָכן אויף נאָך קלענערע שטיקלעך. בלויז דאָס העלדזל פֿון דער פֿלאַש איז פֿאַרבליבן גאַנץ, אַזוי ווי מע וואָלט עס מיט אַ דימענט אָפּגעשניטן.

„דאָס וואָלט געווען גוט פֿאַר אַ פֿויגלגלאָז", האָט אַ מענטש פֿון קעלער באַמערקט. ער האָט, אָבער, אַליין ניט פֿאַרמאָגט קיין פֿויגל און אויך קיין שטײַג ניט. און ער וואָלט זיך דאָס אויך ניט אײַנגעשאַפֿט, בלויז צוליב דעם וואָס דאָס פֿלאַשהעלדזל איז צו אים אַרײַנגעפֿאַלן. דאָס אַלטע מיידל פֿון בוידעמשטיבל האָט עס, אָבער, יאָ געקענט ניצן. זי האָט געהאַט אַ פֿויגל. דאָס העלדזל איז געווען פֿאַרזאָרגט מיט אַ קאָריק, און מ'האָט עס געקענט ניצן איבערגעקערטערהייט ווי עס טרעפֿט זיך אָפֿט אין לעבן. דער אייבערשטער טייל איז גענוצט געוואָרן פֿון אונטן און אָנגעפֿילט געוואָרן מיט פֿריש וואַסער און אויפֿגעהאָנגען געוואָרן אינעם שטײַגל פֿונעם קליינעם פֿויגל. דער פֿויגל האָט זיך צעזונגען און צעקלונגען.

יאָ, דו קענסט טאַקע רויִק זינגען, האָט געזאָגט דאָס פֿלאַשהעלדזל. מע האָט זי געהאַלטן פֿאַר אַ מערקווערדיקער זאַך, ווײַל זי איז געווען אין דער לופֿטן אינעם באַלאָן. מער האָט מען וועגן איר געשיכטע ניט געוווּסט. איצט איז זי געווען אַ פֿויגלגלאָז. זי האָט פֿאַרנומען דעם טומל און גערויש פֿון מענטשן אויף דער גאַס און געהערט דעם שמועס צווישן דעם אַלטן מיידל מיט אירער אַן אַלטער פֿרײַנדינע, וועלכע איז געקומען צו איר צו גאַסט. ניט וועגן דעם פֿלאַשהעלדזל האָבן זיי גערעדט, נאָר וועגן דעם מירטביימל אין פֿענצטער.

„דו דאַרפֿסט ניט אויסגעבן קיין צוויי דאָלאַר אויף בלומענקרענץ פֿאַר דער טאָכטערס חתונה", האָט געזאָגט דאָס עלטערע מיידל. „קענסט בײַ מיר קריגן אַ בוקעט פֿון די שענסטע בלומען. דו זעסט ווי שיין דאָס מירטביימל איז אויסגעוואַקסן. דאָס איז אַרויסגעקומען פֿון דעם קליינעם אָפּשפּראָץ וואָס דו האָסט מיר געגעבן דעם טאָג נאָך מײַן קנס־מאָל. איך האָב פֿון אים געוואָלט מאַכן אַ מירטבוקעט פֿאַר זיך אַליין צו מײַן חתונה. דער טאָג איז, אָבער, קיין מאָל ניט געקומען. די אויגן וועלכע עס האָבן מיר געזאָלט ברענגען ליכט, פֿרייד און

פֿאַרגעניגן האָבן זיך פֿאַרמאַכט אויף אייביק. אויפֿן דעק פֿונעם ים האָט מײַן זיסער מלאך געפֿונען זײַן רו. דאָסביימל איז אַן אַלטער בוים געוואָרן, און איך נאָך עלטער. און איידער דאָס ביימל האָט גענומען וועלקן האָב איך גענומען דאָס קלענסטע פֿרישע צווײַגל און עס פֿאַרפֿלאַנצט אין דער ערד. און פֿון דעם צווײַגל איז איצט געוואָרן אָט דער דאָזיקער גרויסער בוים, און זײַנע בלומען וועלן סוף־כּל־סוף באַשיינען די חתונה און ווערן אַ בוקעט פֿאַר דײַן טאָכטער".

טרערן זײַנען געשטאַנען אין די אויגן פֿונעם עלטערן מיידל. זי האָט דערציילט וועגן איר יוגנטפֿרײַנד, וועגן זייער פֿאַרקנסן זיך אין וואַלד. זי האָט זיך דערמאָנט ווי מע האָט געטרונקען לחיים און פֿון איר ערשטן קוש. זי האָט, אָבער, וועגן דעם ניט גערעדט, ווײַל זי איז שוין געוועזן אַן אַלטע מויד. זי האָט געטראַכט וועגן אַ סך זאַכן. זי האָט זיך, אָבער, ניט דערמאָנט, אַז אונטער איר פֿענצטער געפֿינט זיך אַן איבערבלײַב פֿון יענער צײַט. דאָס איז דאָס העלדזל פֿון דער פֿלאַש, וואָס האָט אַרויסגעשאָסן איר קאָריק מיט אַ קנאַק צום לחיים אויף איר קנס־מאָל. אָבער דאָס העלדזל פֿון פֿלאַש האָט דאָס מיידל ניט דערקענט, ווײַל זי האָט זיך ניט צוגעהערט צו דעם וואָס דאָס מיידל האָט דערציילט, אפֿשר טאַקע צוליב דעם וואָס זי איז געוועזן צו פֿיל פֿאַרטראַכט אין זיך אַליין.

# 25
# דאָס מיידל וואָס האָט אַרויפֿגעטראָטן אויף אַ ברויט


יר האָט מסתּמא געהערט וועגן דעם מיידל וואָס האָט אַרויפֿגעטראָטן אויף אַ ברויט, כּדי ניט שמוציק צו מאַכן אירע שיך און ווי ביטער זי האָט דערפֿאַר באַצאָלט. די געשיכטע האָט מען פֿאַרשריבן און אָפּגעדרוקט.

זי איז געווען אַן אָרעם קינד, שטאָלץ און גאווהדיק. און ווי מען האָט דערציילט, איז זי געווען אַ שלעכטס פֿון דער נאַטור. בעת זי איז נאָך גאָר געווען קליין, איז געווען בײַ איר אַ פֿאַרגעניגן אָנצוכאַפּן אַ פֿליג, אַרויסרײַסן די פֿליגעלעך פֿון איר און זי מאַכן פֿאַר אַ קריכנדיק באַשעפֿעניש. זי פֿלעגט נעמען מײַפֿליגן און כרושטשעס און אַרײַנשטעכן אין יעדערן אַ נאָדל און אַוועקלייגן אַ גרין בלעטל אָדער אַ שטיקל פּאַפּיר בײַ זייערע פֿיסלעך. דאָס אָרעמע באַשעפֿעניש פֿלעגט זיך דרייען און קערן, כּדי פּטור צו ווערן פֿון דער נאָדל.

„איצט לייענט די מײַפֿליג", האָט קליינע אינגער געזאָגט, „זעסט ווי זי קערט איבער דאָס בלאַט!" און זי האָט זיך ווילד צעלאַכט.

ווען זי איז אונטערגעוואַקסן איז זי געוואָרן ערגער און ערגער. זי איז, אָבער, געווען שיין, און דאָס איז געווען איר אומגליק. צי וואָלט מען זי אפֿשר אַ מאָל אָנגעשלאָגן וואָלט זי געווען אַנדערש, אָבער דאָס האָט מען גראָד ניט געטאָן.

„מ'האָט דיך געדאַרפֿט גוט צעהאַקן דעם קאָפּ", האָט איר מוטער געזאָגט. „דו האָסט קינדווײַז מיר צעריסן מײַן פֿאַרטעך און איך האָב מורא, אַז גרויסערהייט וועסטו צערײַסן מײַן האַרץ".

און זי האָט עס טאַקע געטאָן.

זי האָט געפֿונען אַן אַרבעט דינען אויסערן שטאָט בײַ אָנגעזעענע באַלעבאַטים. זיי זײַנען געווען צו איר ווי צו אַן אייגן קינד. און אויך ווי אַן אייגענע איז זי געווען אויסגעקליידט. שיין האָט זי אויסגעזען איז זי שטאָלצער און פֿאַרריסענער געוואָרן.

ווען איר ערשט יאָר איז געווען אַריבער, האָבן אירע באַלעבאַטים צו איר געזאָגט: „דו וואָלטסט געדאַרפֿט גיין זען דײַנע עלטערן, קליינע אינגער".

איז זי טאַקע געגאַנגען, אָבער נאָר זיך צו באַווײַזן, מע זאָל זען ווי גרויסאַרטיק זי איז געוואָרן. ווען זי האָט זיך דערנענטערט צום טויער פֿון שטאָט האָט זי געזען בחורים און מיידלעך פֿאַרברענגען און פּלוידערן צוזאַמען. איר מוטער איז גראָד ניט ווײַט געווען. זי איז געזעסן אויף אַ שטיין און זיך אָפּגערוט. לעבן איר איז געלעגן אַ בינטל האָלץ וואָס זי האָט צונויפֿגעקליבן אין וואַלד. אינגער, דערזעענדיק איר מוטער, האָט זיך אומגעקערט. זי האָט זיך מיט איר מוטער געשעמט. זי, וואָס איז אַזוי פֿײַן אויסגעקליידט, זאָל האָבן אַזאַ אָפּגעריסענע מוטער וואָס קלײַבט אויף שפּענער. זי האָט אויף דער מוטער קיין רחמונות ניט געהאַט. זי איז נאָר געווען אין כּעס אויף איר.

אַ האַלב יאָר איז ווידער פֿאַרבײַ.

„דו מוזסט דאָך אַ מאָל גיין זען דײַנע אַלטע עלטערן, אינגער", האָט איר באַלעבאָסטע געזאָגט. „אָט האָסטו דיר אַ ווייצענעם ברויט. נעם עס מיט פֿאַר זיי. זיי וועלן זײַן צופֿרידן דיך צו זען".

און אינגער האָט אָנגעטאָן אירע בעסטע קליידער און אירע נײַע שיך. זי האָט אונטערגעהאַלטן דאָס קלייד און איז געגאַנגען זייער פֿאָרזיכטיק, כּדי אירע פֿיס זאָלן בלײַבן ריין און שיין. פֿאַר דעם האָט זי קיינער ניט געקענט באַשולדיקן. נאָר ווען זי איז צוגעקומען צום שטעג וואָס שנײַדט דורך אַ זומפּ און אַ גרויסע שטיק וועג איז געווען, האָט זי אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס ברויט אין זומפּ אַרײַן כּדי אים אַריבערצוגיין טרוקן. אָבער ווי נאָר זי האָט איין פֿוס אַרויפֿגעשטעלט אויפֿן ברויט און האָט אויפֿגעהויבן דעם אַנדערן, איז דאָס ברויט מיט איר צוזאַמען געזונקען טיפֿער און טיפֿער אַרײַן אין זומפּ ביז זי איז אין גאַנצן פֿאַרשוווּנדן געוואָרן און מ׳האָט נאָר געקענט זען אַ שוואַרץ, בלעזלדיק טײַכל.

אַזוי דערציילט מען די מעשׂה, אָבער ווּהין איז דאָס מיידל אַהינגעקומען?

זי איז אַראָפּגעזונקען טיף, דאָרט ווו לילית האָט אַ ברויז. לילית איז אַ מומע פֿון די יונגע עלפֿנמיידלעך. זיי זײַנען אַלעמען גוט באַקאַנט דורך לידער וואָס מ׳האָט געשריבן וועגן זיי און פֿון מאַלערײַען. פֿון ליליתן ווייסט מען נאָר, ווען די לאַנקעס ווערן זומערצײַט באַצויגן מיט אַ כמאַרע, ברײַט זי דעמאָלט אין איר ברויז. און טאַקע דאָרט, אין דער דאָזיקער ברויז, איז אינגער אַראָפּגעזונקען. צו לאַנג קען דאָרט קיינער ניט אויסהאַלטן. אַ מיסטקאַסטן איז אַ פֿאַרגעניגנדיק אָרט אין פֿאַרגלײַך מיט ליליתעס ברויז. פֿון יעדער פֿעסל האָט אַזוי געשטונקען, אַז אַ מענטש וואָלט דאָרט געפֿאַלן אין חלשות. דערצו זײַנען זיי נאָך געווען זייער נאָענט איינס צום אַנדערן, און אויב עס האָט זיך אַפֿילו געפֿונען ווו אַן אָפֿענער שפּאַלט דורכצוקריכן, האָט מען עס דאָך ניט געקענט טאָן, ווײַל נאַסע, גליטשיקע זשאַבעס און דיקע שלאַנגען זײַנען דאָרטן געקראָכן און האָבן זיך דאָרטן געגליטשט. דאָ איז אינגער אַראָפּגעזונקען, און די גאַנצע מיאוסע מאַסע איז געווען

אַזוי אײַז קאַלט, אַז עס האָט איר דורכגענומען אַלע גלידער. און זי איז געוואָרן שטײַף און פֿאַרגליווערט. דאָס ברויט האָט זיך צו איר צוגעקלעפּט ווי אַ דרעטל צו אַ מאַגנעט.

לילית איז דעמאָלט געווען אין דער היים, ווײַל אין ברויז זײַנען דעם טאָג געווען געסט: דער טײַוול און זײַן עלטער־באָבע זײַנען געקומען צו גאַסט. זי איז אַן אַלטע און אַ גיפֿטיקע פֿרויענצימער. זי גייט קיין מאָל ניט אַרום ליידיק. תּמיד נעמט זי מיט זיך האַנטאַרבעט. זי נייט צוזאַמען שטיקלעך לעדער אַזוי, אַז ווען דאָס קומט אַרײַן אין שוך, מאַטערט עס דעם מענטשן אויס. זי שטריקט אויס ליגנס און העקלט צוזאַמען נאַרישע ווערטער, כּדי צו ברענגען שלעכטס און שאָדן אויף דער וועלט. די דאָזיקע אַלטע באָבע קען טאַקע נייען, שטריקן און העקלען.

אַז זי האָט דערזען אינגערן האָט זי אָנגעטאָן אירע ברילן און זי נאָך אַ מאָל אָנגעקוקט; „אָט דאָס איז אַ מיידל מיט טאַלאַנט", האָט זי געזאָגט. „איך וואָלט געוואָלט זי אָפּקריגן בײַ דיר, ווי אַן אָנדענק פֿון מײַן באַזוך אָט אַ דאָ. זי וואָלט געווען אַ פּאַסיקע סטאַטוע אין מײַן אוראייניקלס פֿירהויז". און מע האָט אינגערן איר אָפּגעגעבן.

אַזוי אַרום איז אינגער אַרײַן אין גיהנום. ניט אַלע גייען אַהין אַזוי אַרײַן. מע קען עס אויסמײַדן ווען מ'האָט טאַלאַנט דערצו.

דאָס איז געווען אַן אומענדלעך לאַנג פֿירהויז. ס'האָט געשווינדלט צו קוקן פֿון פֿאָרנט און ס'האָט געשווינדלט צו קוקן פֿון הינטן. און אַ גרויסע מאַסע אויסגעמוטשעטע מענטשן זײַנען געשטאַנען און האָבן געוואַרט, אַז מ'זאָל זיי די טיר פֿון רחמנות עפֿענען. זיי מוזן דאָרט וואַרטן אַ לאַנגע צײַט, ווײַל גרויסע, שרעקלעכע, מיאוסע שפּינען האָבן טויזנטער יאָרן געוועבט זייערע שפּינוועבס אַרום די פֿיס פֿון די וואַרטנדיקע מענטשן, און די דאָזיקע שפּינוועבס האָבן אַרומגעשנורעוועט זייערע פֿיס און זיי געהאַלטן ווי אין קופּערנע

קייטן; דערצו איז אין יעדערן געזעסן אַן אומרו, אַ פֿײַנלעכער אומרו אין יעדנס נשמה. דער קמצן איז דאָרט געשטאַנען. ער האָט זיך געקלאָגט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן דעם שליסל פֿון זײַן קאַסטן געלט. עס וואָלט גענומען צו לאַנג אָפּצומאָלן די פּײַן און פּלאָגעניש וואָס זיי האָבן דאָרט געהאַט אויסצושטיין. פֿאַר אינגערן איז עס געווען אַ מאַטערניש אַזוי צו שטייען ווי אַ סטאַטוע, צוגעשמידט צום לאַבן ברויט.

„אָט דאָס האָט מען, ווען מע וויל האַלטן ריין די פֿיס", האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין. „פֿאַר וואָס קוקן אַלע אויף מיר מיט אַזעלכע אויסגעגלאָצטע אויגן?". אַלע האָבן טאַקע אויף איר געקוקט, און בייזע פֿאַרלאַנגען האָבן אַרויסגעשײַנט פֿון זייערע אויגן און זיי האָבן דערציילט אָן קלאַנגען פֿון זייערע מײַלער זייערע אויסטערלישע געדאַנקען. ס'איז געווען שרעקלעך אָנצוקוקן.

„עס מוז זײַן אַ פֿאַרגעניגן מיך אָנצוקוקן!" האָט די קליינע אינגער צו זיך געזאָגט, „כ'האָב אַ שיין פּנים און פֿײַנע קליידער", און זי האָט געדרייט מיט די אויגן. איר נאַקן איז געווען צו שטײַף זי זאָל אים באַוועגן.

אוי, איז זי געוואָרן קויטיק אין ליליתעס ברויז. איצט האָט זי גאָר ניט געטראַכט פֿון דעם. אירע קליידער זײַנען אין גאַנצן געווען פֿאַרדעקט מיט אַ גליטשיקן שלײַם. אַ שלאַנג איז אַראָפּגעהאַנגען פֿון אירע האָר און זיך אומגעוואָרפֿן אויף איר רוקן. און אַ זשאַבע האָט אַרויסגעקוקט פֿון יעדן פֿאַלד פֿון איר קלייד און האָט געקוואַקעט אַזוי ווי אַ הייזעריק הינטל. אָבער די אַנדערע דאָ זעען אויך שרעקלעך אויס, האָט זי זיך צום סוף געטרייסט.

ערגער פֿון אַלץ איז געווען דער אומגעהײַערער הונגער וואָס זי האָט דערפֿילט. וואָלט זי כאָטש געקענט זיך אײַנבייגן און אָפּברעכן אַ שטיקל פֿונעם ברויט אויף וועלכן זי האָט אַרויפֿגעטראָטן, וואָלט

געוועזן גוט. אָבער ניין, איר רוקן איז געוועזן שטײַף. אירע אָרעמס און הענט זײַנען פֿאַרשטײַפֿט געוואָרן. איר גאַנצן קערפּער איז געוואָרן אַזוי ווי אַ שטיינערנער זײַל. נאָר מיט אירע אויגן האָט זי געקענט דרייען אַהין און אַהער. און וואָסערע שרעקלעכע סצענעס זי האָט געזען! און דערנאָך זײַנען געקומען די פֿליגן. זיי זײַנען געקראָכן אויף אירע אויגן. זי האָט געפּינטלט מיט די אויגן, אָבער די פֿליגן האָבן ניט געקענט פֿליִען; זיי האָבן ניט געהאַט קיין פֿליגל. זי האָט זיי די פֿליגל געהאַט אויסגעריסן, זײַנען זיי געוואָרן קריכנדיקע באַשעפֿענישן, און דאָס איז געווען נאָך אַ מאַטערניש צו דעם נאָגנדיקן הונגער. ענדלעך האָט זי זיך באַטראַכט, אַז אירע אינגעווייד זײַנען אויסגעריסן געוואָרן, און זי האָט זיך געפֿילט ליידיק, קרענקלעך ליידיק. זאָל עס אַזוי לענגער געדויערן, וועל איך עס ניט אויסהאַלטן, האָט זי געטראַכט. עס איז, אָבער, אַזוי אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צײַט און זי האָט געמוזט פֿון אַלץ אויסהאַלטן.

דעמאָלט איז אַ הייסע טרער געפֿאַלן אויף איר קאָפּ. זי האָט זיך געקײַקלט איבער איר פּנים און ברוסט ביז זי איז אַראָפּ צום ברויט. דערנאָך איז געפֿאַלן נאָך אַ טרער און נאָך אַ טרער, ביז אַ שטראָם טרערן האָט זיך געגאָסן איבער איר. ווער וויינט עס איבער דער קליינער אינגער? זי האָט דאָך נאָך אַ מאַמע אויף דער ערד. זיי זײַנען די אויסגעווייטיקטע טרערן פֿון אַ מוטער וואָס באַוויינט איר קינד. זיי לייזן זי, אָבער, ניט אויס. זיי ברענען, זיי ווייטיקן נאָך שטאַרקער דאָס קינד. און דער אומפֿאַרטראָגלעכער הונגער ענדיקט זיך ניט און אינגער קען ניט דערגרייכן דאָס ברויט וואָס אויף איִם האָט זי געטראָטן מיט אירע אייגענע פֿיס. זי האָט דערפֿילט, אַז זי עסט זיך אַליין אויף, און אַז זי ווערט אַזוי דין ווי אַ הוילע רער וואָס פֿאַרנעמט יעדן קלאַנג אין זיך. זי האָט קלאָר געהערט אַלץ וואָס מ׳האָט אויף דער ערד וועגן איר געזאָגט און זיי זײַנען נאָר האַרבע און שלעכטע ווערטער געווען.

איר מוטער האָט באמת געוויינט ביטער און טרויעריק. זי האָט, אָבער, געזאָגט: „נאָך גדלות קומט שפּלות, און דאָס איז געווען דײַן אומגליק, אינגער! אוי, האָסטו פֿאַרשאַפֿט דײַן מוטער עגמת־נפֿש!"

איר מוטער און אַלע אויף דער ערד האָבן געוווּסט וועגן איר זינד, ווי זי האָט אַרויפֿגעטראָטן אויף דעם ברויט און איז אײַנגעזונקען אין זומפּ און פֿאַרשווונדן געוואָרן. דער פֿאַסטעך פֿון די קי האָט דערציילט, אַז ער האָט עס געזען ווען ער איז געשטאַנען אויפֿן בערגל.

„דו האָסט פֿאַרשאַפֿט דײַן מוטער עגמת־נפֿש, אינגער", האָט די אָרעמע פֿרוי געזאָגט. „יאָ, כ'האָב זיך עס געריכט פֿון דיר". און אינגער האָט אַלץ געהערט.

הלוואַי וואָלט איך בעסער ניט געבוירן געוואָרן! האָט אינגער געטראַכט. ס'וואָלט מיר אַ סך בעסער געווען. מײַן מוטערס קלאָגן קען מיר דאָ איצט גאָר ניט העלפֿן.

זי האָט געהערט ווי די גוטע באַלעבאַטים בײַ וועמען זי האָט געאַרבעט, וואָס זײַנען צו איר געווען ווי אייגענע עלטערן, האָבן גערעדט פֿון איר: „זי איז געווען אַ זינדיק קינד", האָבן זיי געזאָגט. „זי האָט ניט אָפּגעשאַצט דעם אייבערשטנס גאָב. זי האָט אויפֿן ברויט געטראָטן מיט די פֿיס. ס'וועט איר זײַן שווער צו עפֿענען די טיר פֿון רחמים".

מ'האָט מיך בעסער געדאַרפֿט דערציִען, האָט אינגער געטראַכט, אַרויסהאַקן דאָס משוגעת פֿון מיר.

זי האָט געהערט, אַז מ'האָט געמאַכט פֿון איר אַ ליד: „דאָס גאווהדיקע מיידל, וואָס האָט אויף אַ ברויט געטראָטן, כּדי אירע שיינע שיכעלעך זאָלן בלײַבן שיין". און מע האָט עס געזונגען איבערן גאַנצן לאַנד.

פֿאַר וואָס זאָל איך אַזוי פֿיל הערן פֿון דעם און אַזוי פֿיל לײַדן פֿאַר דעם? האָט אינגער געטראַכט. אַנדערע דאַרפֿן טאַקע אויך באַשטראָפֿט ווערן פֿאַר זייערע זינד. און עס וואָלט געווען גענוג צו באַשטראָפֿן!

אוי, ווער איך געפּײַניקט!

און איר געדאַנק איז געוואָרן האַרטער ווי איר הויט.

און איר האַרץ איז געווען פֿול מיט שׂינאה און צאָרן אויף אַלע מענטשן. איצט האָבן זיי עפּעס צו רעדן דאָרט אויבן! אוי, די פּײַניקונג! און זי האָט דעהערט ווי מע דערציילט איר געשיכטע פֿאַר קליינע קינדער, און דאָס קליינוואַרג רופֿט זי די שלעכטע אינגער. „זי איז געווען אַזוי שלעכט, אַזוי פֿאַרדאָרבן", האָבן זיי געזאָגט, „עס קומט איר באַשטראָפֿט צו ווערן". דאָס זײַנען געווען האַרבע ווערטער פֿון קינדערשע מײַלער וועגן איר.

נאָר איין טאָג, ווען פֿון פּײַן און הונגער האָט גענאָגט איר אויסגעטריקנט הויט, האָט זי דערהערט אָנרופֿן איר נאָמען און איר געשיכטע דערציילט פֿאַר אַן אומשולדיק קינד, אַ קליין מיידעלע. דאָס קינד האָט עס באַנומען און האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין פֿון דער געשיכטע וועגן דער נאַרישער און גאַוודיקער אינגער.

„וועט זי קיין מאָל מער ניט צוריק אַרויפֿקומען?" האָט דאָס קליינע מיידעלע געפֿרעגט. דער ענטפֿער איז געווען: „זי וועט שוין קיין מאָל ניט קומען צוריק!"

„און אויב זי וועט בעטן מחילה און קיין מאָל מער ניט טאָן קיין שלעכטס?"

„זי וועט, אָבער, ניט בעטן קיין מחילה", האָט מען געזאָגט.

„איך וויל אַזוי גערן, זי זאָל עס טאָן", האָט דאָס מיידעלע געזאָגט און זיך ניט געלאָזט טרייסטן. „כ'וועל איר אָפּגעבן מײַן ליאַלקע־שטיבל אויב זי וועט צוריק אַרויפֿגיין. ס'איז דאָך אַזוי שווידערלעך פֿאַר דער אינגער, נעבעך".

און די דאָזיקע ווערטער האָבן דערגרייכט אינגערס האַרץ, און עס האָט איר אַ סך געהאָלפֿן, מחמת ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס עמעצער זאָל זאָגן „אינגער נעבעך" און ניט עפּעס צוגעבן וועגן איר

שלעכטער טווּנג. אַ קליין אומשולדיק קינד האָט געוויינט און האָט געבעטן פֿאַר איר. זי האָט זיך מאָדנע געפֿילט און האָט אַליין געוואָלט וויינען. אָבער וויינען האָט זי ניט געקענט, און דאָס אַליין איז געווען אַ פּײַניקונג.

און אויבן זײַנען יאָרן פֿאַרלאָפֿן. אַזוי אויך אונטן, אָן קיין ענדערונג. עס האָט איר זעלטן דערגרייכט אַ קלאַנג פֿון אויבן. מ׳האָט גאָר ווייניק גערעדט פֿון איר. אָבער איין מאָל האָט זי געהערט אַ קרעכץ: „אינגער! אינגער! האָסטו מיך געערגערט!" דאָס איז געווען איר מוטער. זי האָט געהאַלטן בײַם שטאַרבן. אינגער האָט אויך אָפֿט מאָל געהערט איר נאָמען דערמאָנט ווערן פֿון אירע אַלטע באַלעבאַטים. דאָס זײַנען געווען די מילדסטע ווערטער וואָס איר באַלעבאָסטע האָט ווען עס איז געזאָגט: „ווען מיר דיך קיין מאָל מער ניט זען, אינגער? קיינער ווייסט ניט ווּהין מע וועט גיין".

אינגער, אָבער, האָט געוווּסט, אַז איר גוטע באַלעבאָסטע וועט קיין מאָל ניט אָנקומען דאָרט ווּ זי געפֿינט זיך.

דערווײַל איז ווידער אַ צײַט פֿאַרלאָפֿן, אַ לאַנגע און אַ ביטערע צײַט.

און אינגער האָט נאָך אַ מאָל געהערט רופֿן איר נאָמען און האָט דערזען ווי צוויי קלאָרע שטערן שײַנען איבער איר. דאָס זײַנען געווען צוויי מילדע אויגן וואָס האָבן זיך צוגעמאַכט אויף דער ערד. אַזוי פֿיל יאָרן זײַנען פֿאַרבײַ זינט דאָס קליינע מיידעלע האָט אַזוי ביטער אומטרייסטלעך געוויינט איבער דער „אינגער, נעבעך". דאָס קינד איז איצט אַן אַלטע פֿרוי געווען און זײַן ליבער נאָמען רופֿט זי צוריק צו זיך. און אין דער לעצטער שעה, ווען מע מאַכט אַ סך־הכּל פֿון די געדאַנקען און אויפֿטוען פֿונעם גאַנצן לעבן, האָט זי אויך געדענקט ווי זי, זײַנענדיק אַ קינד, האָט ביטער געוויינט ווען זי האָט געהערט וואָס מיט אינגערן האָט פּאַסירט. בעת אירע לעצטע מינוטן איז דער

אײַנדרוק געשטאַנען ווי לעבעדיק פֿאַר דער אַלטער פֿרויס אויגן. און זי האָט הויך אויסגעשריגן: „מײַן האַר, האָב איך דען ניט ווי אינגער אַ מאָל געטראָטן אויף דײַן געבענטשן גאָב און ניט געטראַכט דערפֿון? בין איך דען ניט אַ מאָל געווען גאווהדיק אין האַרצן? אָבער דו אין דײַן גוטסקייט האָסט מיך ניט געלאָזט זינקען. נאָר דו האָסט מיך דערהויבן! פֿאַרלאָז מיך ניט אין מײַן לעצטער שעה!"

און די אַלטע אויגן האָבן זיך פֿאַרמאַכט. אָבער די אויגן פֿון איר נשמה האָבן זיך געעפֿנט און ערשט געזען די פֿאַרבאָרגענע זאַכן. און ווײַל אינגער איז אַזוי פֿיל געווען אין אירע געדאַנקען איידער זי איז געשטאָרבן, האָט זי איצט דערזען ווי טיף אינגער האָט געזונקען, און די אַלטע פֿרוי האָט זיך שטאַרק צעוויינט. דערנאָך האָט זי זיך געשטעלט פֿאַרן מלכות־השמים און האָט ווי אַ קינד געקלאָגט פֿאַר דער אָרעמער אינגערס וועגן. אירע טרערן און געבעטן האָבן אָפּגעקלונגען אין דעם הוילן, ליידיקן סקעלעט, וואָס האָט אַרומגערינגלט איר געפֿאַנגענע און געפּײַניקטע נשמה. איר נשמה איז שטאַרקער געוואָרן פֿון דער פּלוצלינגדיקער ליבע פֿון אויבן. אַ מלאך אין הימל האָט געוויינט איבער איר! וואָס קומט עס איר אַזוי? די געפּײַניקטע אינגער האָט אין איר זכּרון צונויפֿגעזאַמלט אַלץ וואָס זי האָט אויבן אין איר לעבן געטאָן, און דערנאָך איז זי זיך צעגאַנגען אין אַ געוויין, אַזעלכעס ווי זי האָט קיין מאָל אין איר לעבן ניט געהאַט געוויינט.

אַ רחמנות אויף זיך אַליין האָט זי אָנגענומען: ס'האָט אויסגעזען ווי דער טויער פֿון רחמים וועט פֿאַר איר קיין מאָל ניט געעפֿנט ווערן. און זי האָט עס באַנומען מיט אַ צעבראָכן געמיט, און אַ העלער שטראַל האָט זיך צעבלענדט אין שטראָם פֿון אָפּגרונט. דער שטראַל איז געקומען מיט אַזאַ קראַפֿט, שטאַרקער ווי דער זונענשטראַל וואָס צעלאָזט דעם פֿעטער שנייער וואָס קינדער האָבן אויפֿגעשטעלט אין גאָרטן און שנעלער ווי עס צעלאָזט זיך אַ שנייעלע אויפֿן וואַרעמען

צינגל פֿון אַ קינד. אַזוי איז דאָס געשטאַלט פֿון דער פֿאַרשטיינערטער אינגער אויסגעלייזט געוואָרן. זי איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קליין פֿייגעלע וואָס האָט צעשפּרייט אירע פֿליגל און איז אין זיגזאַג ווי אַ בליץ אַרויף צו דער מענטשלעכער וועלט.

אָבער מורא און שרעק איז געווען אַרום איר. זי האָט זיך געשעמט פֿאַר זיך אַליין און פֿאַר אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן און געזוכט זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַ פֿינצטערן ווינקל פֿון אַן איינגעפֿאַלענער וואַנט. דאָרט איז זי געזעסן אין אַ לאָך פֿון אַן אַלטן מויער און איר גאַנצן קערפּער האָט געציטערט. קיין קלאַנג האָט זי ניט געקענט אַרויסלאָזן, ווײַל זי האָט ניט געהאַט קיין קול. זי איז דאָרט געזעסן אַ לענגערע צײַט, ביז זי האָט געקענט באַנעמען דעם גאַנצן פּראַכט אַרום. ס'איז באמת געווען אויסערגעוויינטלעך שיין: די לופֿט איז געווען פֿריש און מילד. די לבֿנה האָט קלאָר געשײַנט. די ביימער און קוסטן האָבן גוט געשמעקט, און ס'איז איר געווען באַקוועם צו זיצן. אירע פֿעדערן זײַנען געווען ריין און שיין. די גאַנצע נאַטור האָט געררעדט פֿון שיינקייט און ליבע און אַלע געפֿילן וואָס האָבן געריירט איר ברוסט האָט זי געוואָלט אַרויסזינגען. דער פֿויגל האָט עס, אָבער, ניט געקענט טאָן. זי וואָלט גערן געזונגען ווי עס זינגט דער קוקאַווקע און די נאַכטיגאַל אין פֿרילינג. דער אייבערשטער, וואָס הערט דאָס קלאַנגלאָזע לויבגעזאַנג פֿון אַ וואָרעם, פֿאַרנעמט אויך דאָס לויבליד וואָס קוואַלט אַרויס פֿון דער ברוסט פֿון אַ פֿויגל ווי דער ניגון פֿון תּהילים פֿון דוד־המלכס ברוסט, איידער ס'איז באַקליידט געוואָרן מיט ווערטער.

און די דאָזיקע קלאַנגלאָזע לידער זײַנען נאָך טעג און וואָכן געוואַקסן און געקוואָלן, זיי וועלן מוזן קומען צום אויסדרוק. אויב ניט מיט ווערטער, זאָל זײַן דורך מעשׂים־טובֿים, דורך העלפֿן אַנדערע. אַזוינס קען דאָך פּאַסירן!

דערווײַל איז אָנגעלאָפֿן דער ווינטער. אַ פֿויער האָט צוגעשלאָגן

אַ שטאַנג צו דער וואַנט און צוגעבונדן אַ בינטל ניט־אויסגעדראָשן האָבער כּדי די פֿייגל זאָלן אויך האָבן וואָס צו עסן.

די זון האָט ליכטיק באַשײַנט דעם גאַרב האָבער, און אַלע פֿייגל זײַנען צווּיטשערנדיק געפֿלויגן צום שטאַנג נאָך אַ מאָלצײַט, און פֿון דער וואַנט האָט אָפּגעקלונגען „פּי, פּי!“ און די אויפֿגעוועקטע געדאַנקען פֿון פֿויגל האָבן געפֿונען אַ קלאַנג. דאָס שוואַכע פּיפּטשען איז געוואָרן איר לויבגעזאַנג. דער געדאַנק פֿון מעשׂים־טובֿים האָט זיך דערוואַכט. און דער פֿויגל איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון איר באַהאַלטעניש. אין הימל האָט מען געוווּסט ווער דער פֿויגל איז אַ מאָל געווען.

ס'איז געווען אַ שווערער ווינטער. אַלע וואַסערן זײַנען טיף מיט אײַז אײַנגעפֿרוירן געווען. פֿייגל און חיות איז אָנגעקומען שווער צו געפֿינען שפּײַז. די קליינע פֿייגעלעך זײַנען געפֿלויגן אויף די טראַקטן, און דאָ און דאָרט האָבן זיי געפֿונען אַ פֿאַרלוירענעם קערנדל פֿון די שליטנס. אין די באַדפֿלעצער האָבן זיי אויפֿגעקליבן ברעקלעך ברויט. זיי האָבן פֿון דעם נאָר אַ גרײַפּל געגעסן. זיי האָבן זיך געטיילט מיט די פֿאַרהונגערטע שפּאַרבערס, וועלכע האָבן ניט געקענט געפֿינען קיין שפּײַז. דערנאָך זײַנען זיי געפֿלויגן אין שטאָט אַרײַן און אַרומגעזוכט ווו ליבע הענט האָבן בײַ די פֿענצטער צעוואָרפֿן ברויט פֿאַר זיי. דאָרט אויך האָבן זיי אַ קליין ביסל געגעסן און האָבן אַלץ אָפּגעגעבן פֿאַר אַנדערע.

דורכן פֿאַרלויף פֿון ווינטער האָבן די פֿייגל אויפֿגעזאַמלט און צעטיילט אַזוי פֿיל ברעקלעך ברויט, אַז אַלע צוזאַמען האָבן געוויגן ווי אַ גאַנצן לעבן ברויט, אַזוי ווי דער וואָס קליינער אינגער האָט אויף אים געהאַט אַרויפֿגעטראָטן כּדי ניט שמוציק צו מאַכן אירע שיך, און בעת דאָס לעצטע ברעקל ברויט איז צעטיילט געוואָרן פֿאַר אַנדערע, זײַנען דעם פֿייגלס גראָע פֿליגל געוואָרן ווײַס און האָבן זיך צעשפּרייט.

„ס'פֿליט דאָרט אַ ים־פֿויגל איבערן ים!" האָבן די קינדער געזאָגט, ווען זיי האָבן געזען דאָס ווײַסע פֿייגעלע. אָט האָט זי זיך אַרונטערגעטונקט אין ים, און אָט האָט זי זיך אויפֿגעהויבן אין בלענד פֿון דער זון וואָס האָט געשײַנט. ס'איז אוממעגלעך געווען צו זען וואָס פֿון איר איז געוואָרן. מע זאָגט, אַז זי איז אַרײַנגעפֿלויגן גלײַך אין דער זון אַרײַן.

# 26

# דאָס זומער־פֿייגעלע

דעם זומער־פֿייגעלע האָט זיך פֿאַרוואָלט אַ געליבטע. פֿאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך געוואָלט אויסקלײַבן די שענסטע פֿון די בלומען. ער האָט זיי אַלע גוט איבערגעקוקט. יעדע איז געזעסן שטיל און פֿאַרטראַכט אויף איר שטענגל, אַזוי ווי אַ יונג מיידל דאַרף זיצן איידער זי ווערט פֿאַרקנסט. עס זײַנען, אָבער, געווען צו פֿיל דורכצוקלײַבן. און דאָס איז טאַקע געווען שווער. דאָס זומער־פֿייגעלע האָט עס ניט געקענט פֿאַרטראָגן, איז ער אַוועקגעפֿלויגן צו דער ראַמונקע. די פֿראַנצויזן רופֿן זי מאַרגעריטקע. זיי ווייסן אַלע, אַז זי איז אַ טרעפֿערין און דאָס טוט זי נאָך דעם וואָס מע רײַסט אַראָפּ פֿון איר די קרוינבלעטלעך איינס נאָכן אַנדערן פֿרעגנדיק וועגן אַ געליבטער: „האָט זי (אָדער ער) מיך ליב? שטאַרק ליב? לײַדנשאַפֿטלעך? אַ קליין ביסל? צי אין גאַנצן ניט?״ און דאָס גלײַכן. יעדער פֿרעגט אויף זײַן אייגענער שפּראַך. דאָס זומער־פֿייגעלע איז אויך געקומען צו איר זיך אָנפֿרעגן. ער האָט, אָבער, די בלעטלעך פֿון איר ניט אַראָפּגעריסן. ער האָט זיי אַרומגענומען און געקושט יעדעס באַזונדער, ווײַל פֿרײַנדלעכקייט איז דאָס בעסטע מיטל ווען מע וויל עפּעס אויספֿירן.

„מײַן טײַערע מאַרגעריטקע״, האָט ער איר געזאָגט, „דו ביסט דאָך די קליגסטע פֿרוי פֿון אַלע בלומען. דו קענסט דאָך נבֿיאות זאָגן. טאָ זאָג מיר, וועל איך קריגן די צי יענע? וועלכע איז עס? אַזוי גיך ווי איך ווייס וועלכע זי איז, פֿלי איך גלײַך אָפּ צו איר פֿאַרקנסט צו ווערן״.

די מאַרגעריטקע האָט אים ניט געוואָלט ענטפֿערן. זי האָט ניט געקענט ליידן וואָס ער האָט זי גערופֿן „פֿרוי" ווען זי איז נאָר אַ מיידל. צווישן אַ מיידל און אַ פֿרוי איז דאָ אַ גרויסער חילוק. ער האָט צו איר גערעדט אַ צווייט מאָל און דערנאָך אַ דריט מאָל. זי האָט אים, אָבער, מיט קיין איין וואָרט ניט געענטפֿערט. מער האָט ער זי ניט געפֿרעגט און איז אַוועקגעפֿלויגן ווייטער זוכן שידוכים.

עס איז געווען פֿרילינג. די שנייגלעקלעך און די זאַפֿראַנבלומען האָבן באַדעקט די ערד. „זיי זײַנען זייער שיין", האָט געזאָגט דאָס זומער־פֿייגעלע. „ליבלעכע, קליינע דעביוטאַנטקעס. איך מיין, אַז איך בין ניט זייער באַגײַסטערט".

איז ער קודם, אַזוי ווי אַלע יונגע־מאַנטשיקלעך, געגאַנגען צו די עלטערע מיידלעך.

דערווײַל איז ער אַוועקגעפֿלויגן צו די ווינטערייזעלעך. זיי זײַנען געווען צו ביטערלעך פֿאַר זײַן געשמאַק, די פֿיאַלקעס צו סענטימענטאַל און די טוליפּאַנקעס צו באַרימעריש, די ליליעס צו קליין־בירגערלעך, די לינדנבלומען צו קליין און דערצו האָבן זיי נאָך צו גרויסע משפּחות.

די עפּלקווייטן וואָלטן געווען די פּאַסיקסטע. אויפֿן קוק זעען זיי אויס ווי רויזן. איז, אָבער, הײַנט האַלטן זיי זיך און מאָרגן פֿאַלן זיי אַראָפּ ווי נאָר דער ערשטער ווינט גיט אַ בלאָז. און דאָס מיינט אַ קורץ צוזאַמענלעבן. האָט ער זיך באַטראַכט: דאָס אַרבעסקווייטל איז די סאַמע פּאַסיקסטע כּלה פֿאַר אים. זי איז רויט און ווײַס! זי איז ליבלעך און פֿײַן, אַזוי ווי זי וואָלט געווען איינע פֿון די היימישע מיידלעך. זיי זעען גוט אויס און זײַנען גוטע באַלעבאָסטעס. ער איז גרייט געווען צו איר זיך שדכנען. ניט ווײַט ,אָבער, האָט ער דערזען אַ שויט מיט אַ פֿאַרוויאַנעט בלימל וואָס הענגט אַראָפּ.

„ווער איז דאָס?" האָט ער געפֿרעגט.

„דאָס איז מײַן שוועסטער", האָט דאָס אַרבעסקווייטל געענטפֿערט.

אָט אַזוי וועט זי דאָך אויך אויסזען שפּעטער, האָט ער געטראַכט.
האָט זיך דאָס זומער־פֿייגעלע דערשראָקן און איז אַוועקגעפֿלויגן.

די ציגנבלעטער זײַנען געהאָנגען איבער דער פֿאַרצוימונג. עס זײַנען געוועזן אַ סך פֿון די דאָזיקע מיידלעך מיט לאַנגע פּנימער און אַ געלן אויסזען. אָט דער דאָזיקער טיפּ איז אים אויך ניט געפֿעלן. וועלכע בלום איז אים, אָבער, יאָ געפֿעלן? גייט פֿרעגט אים!

דער פֿרילינג איז אַריבער און דער זומער איז אַריבער. דער האַרבסט איז געקומען און אַלץ איז געוועזן ווי פֿריִער. דאָס זומער־פֿייגעלע האָט נאָך אַלץ ניט געקענט באַשליסן וועער ס'וועט זײַן זײַן כּלה. די בלומען האָבן זיך באַוויזן אין זייער פֿולער פּראַכט. וואָס האָט עס, אָבער, געהאָלפֿן, אַז זיי האָבן אין זיך ניט פֿאַרמאָגט יענע פֿרישע יונגט־ריחות, אָט יענע פֿרישע ריחות נאָך וועלכע דאָס האַרץ בענקט ווען די עלטער רוקט זיך אָן. און עס איז איבער הויפּט שווער צו געפֿינען ריחות אין די דאַליעס און כריזאַנטעמעס.

איז דאָס זומער־פֿייגעלע אַוועקגעפֿלויגן צו דער מענטע. זי האָט ניט קיין בליִעכץ, אָבער זי גיט אָפּ זייער אַ זיסן ריח פֿון אויבן ביז אַראָפּ און האָט בלומענדופֿט אין יעדן בלעטל. „אָט די דאָזיקע נעם איך".

צום סוף האָט דאָס זומער־פֿייגעלע איר פֿאָרגעלייגט, אַז זי זאָל זײַן כּלה ווערן. די מענטע איז, אָבער, געבליבן שטיל און שטײַף. נאָך אַ שטיקל צײַט האָט זי אַרויסגעזאָגט, „פֿרײַנדשאַפֿט – אָבער ניט מער! איך בין אַלט און דו ביסט אַלט. מיר וואָלטן נאָך געקענט גאַנץ פֿײַן צוזאַמענלעבן, אָבער חתונה האָבן – ניין: דאָס ניט! פֿאַר וואָס זאָלן מיר זיך מאַכן צום נאַר אויף די עלטערע יאָרן?"

און אַזוי האָט דאָס זומער־פֿייגעלע גאָרניט באַקומען. ער האָט צו לאַנג געקליבן, און דאָס טאָר מען ניט טאָן. דאָס זומער־פֿייגעלע איז געבליבן אַ „פֿאַרזעסענער", ווי מע זאָגט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין האַרבסט, נאָס און רעגנדיק. אַ קאַלטער ווינט האָט אַזוי געבלאָזן איבער די אײַנגעבויגענע צווײַגן פֿון די אַלטע ווערבעס, אַז זיי האָבן זיך שיִער ניט צעשפּאָלטן. עס איז ניט געווען קיין פּאַסיקער וועטער אַרויסצופֿליִען אין זומערדיקע קליידער. מע קען נאָך, חלילה, שלעכט אָפּשנײַדן, ווי מע זאָגט.

דאָס זומער־פֿייגעלע איז ,אָבער, אין דרויסן ניט אַרומגעפֿלויגן. צופֿעליק איז ער אַרײַן דורך אַן אָפֿענער טיר אין אַ צימער ווו אַ פֿײַער האָט געברענט אין אויוון און אַרויסגעגעבן אַן אמתע זומערדיקע וואַרעמקייט. דאָ האָט ער כאָטש געקענט זיך דערהאַלטן בײַם לעבן. „עס איז, אָבער, ניט גענוג נאָר צו דערהאַלטן די נשמה", האָט ער געזאָגט. „צום לעבן דאַרף מען זונענשײַן, פֿרײַהייט און אַ בלימל ליב צו האָבן".

איז ער צוגעפֿלויגן צום פֿענצטער. מ'האָט אים באַמערקט און באַוווּנדערט און אים אַרויפֿגעזעצט אויף אַ שפּילקע און אים אַרײַנגעלייגט אין אַן אַנטיק־קעסטל. מער האָט מען שוין פֿאַר אים ניט געקענט טאָן.

איצט זיץ איך אויך אויף אַ שטעקל אַזוי ווי די בלומען, האָט דאָס זומער־פֿייגעלע געזאָגט צו זיך אַליין. קיין גרויס הנאה איז דאָס ניט. עס מוז זײַן, גלייב איך, אַזוי ווי דאָס חתונה־לעבן. מע איז שטאַרק פֿאַרבונדן. און אַזוי האָט ער זיך געטרייסט.

„עס איז זייער אַ שלעכטער סך־הכּל", האָט דער בלומענטאָפּ פֿון צימער געזאָגט.

אָבער בלומענטעפּ קען מען צו שטאַרק ניט גלייבן, האָט דאָס זומער־פֿייגעלע געטראַכט. זיי האָבן צו פֿיל צו טאָן מיט מענטשן.

# 27

# אַ מיסט־באַבלקע

דעם קייסערס פֿערד טראָגט גילדענע פּאָטקעוועס, אַ גילדענע פּאָטקעווע אויף יעדן פֿוס.

פֿאַר וואָס טראָגט ער גילדענע פּאָטקעוועס?

ער איז די שענסטע בהמה; ער האָט שלאַנקע פֿיס און קלוגע אויגן, און אַ גריווע וואָס הענגט אַראָפּ איבער זײַן האַלדז, אַזוי ווי אַ זײַדענער שלייער. ער האָט געפֿירט זײַן האַר דורך פֿײַער און רויך, דורך אַ רעגן קוילן אין שלאַכט. ער האָט געהערט האַרמאַטן רוישן און פֿײַפֿן. ער האָט געבריקעט און געטופּעט, זיך געשלאָגן מיט דעם שׂונא, ווען יענער איז געקומען צו נאָענט, און צום סוף איז ער מיט דעם קייסער אַריבערגעשפּרונגען איבער דעם געפֿאַלענעם שׂונאס פֿערד. מיט דעם האָט ער געראַטעוועט ניט נאָר דעם קייסערס רויט־גילדענע קרוין, נאָר אויך דעם קייסער אַליין, וואָס איז נאָך טײַערער אַפֿילו פֿון רויט גאָלד. דעריבער האָט דעם קייסערס פֿערד באַקומען גילדענע פּאָטקעוועס, אַ גילדענע פּאָטקעווע אויף יעדן פֿוס.

נו, איז די מיסט־באַבלקע אַרויסגעקראָכן פֿון שטאַל און צוגעקראָכן צום שמיד, אַרויסגעשטעקט זײַן דין פֿיסל און געזאָגט צום שמיד: „צום ערשטנס די גרויסע, דערנאָך די קלענערע".

„ביסט משוגע?" האָט אויסגעשריגן דער שמיד. „צו וואָס דאַרפֿסטו האָבן גילדענע שיך?"

„יאָ, יאָ, גילדענע שיך וויל איך. איך בין פּונקט אַזוי גוט ווי דאָס גרויסע פֿערד דאָרטן, וואָס האָט באַדינער אים צו קעמען און

וואַשן און דערלאַנגען עסן און טרינקען. געהער איך אויך ניט צום קייסערלעכן שטאַל?"

„אָבער פֿאַר וואָס קומט דעם פֿערד גילדענע פּאָטקעוועס?" האָט געפֿרעגט דער שמיד. „פֿאַרשטייסטו דען ניט?"

„פֿאַרשטיין? איך פֿאַרשטיי דאָס איז מיר אָפּצוטאָן", האָט געזאָגט די מיסט־באַבלקע. „און דאָס פֿאַרדריסט מיר זייער. איך גיי דעריבער אין דער ווײַטער וועלט אַוועק".

„אַרויס", האָט געשריגן דער שמיד.

„ביסט אַ גראָבער־יונג", האָט געזאָגט די מיסט־באַבלקע און איז אַרויס.

אָפּגעפֿלויגן אַ שטיקל וועג, האָט ער זיך געפֿונען אין אַ שיינעם בלומען־גערטל. דאָס גערטל איז געווען שטאַרק שמעקעדיק מיט די ריחות פֿון רויזן און לאַוועַנדל־בלומען.

„איז דאָ ניט פּראַכטיק שיין און ליבלעך?" האָט איינס פֿון די משה־רבינוס קיִעלעך געזאָגט און איז אומגעפֿלויגן מיט זײַנע שיינע פֿליגלען באַדעקט מיט רויטע דעקלעך. „אַך, ווי שיין און זיס דאָ איז".

„איך בין צוגעוווינט צו בעסערס ווי דאָס", האָט געזאָגט די מיסט־באַבלקע. „דאָס הייסט בײַ דיר שיין? דאָ איז צו מאָל קיין מיסטבערגל ניט פֿאַראַן".

און ער איז אַוועק אין שאָטן פֿון אַ גרויסער סקירדע היי. דאָרטן איז אַרומגעקראָכן אַן אָפּפֿרעסער.

„נו, איז דאָס ניט אַ שיין וועלטל?" האָט געפֿרעגט דער אָפּפֿרעסער. „די זון איז אַזוי וואַרעם, און אַלץ איז אַ מחיה! און ווען איך וועל אַ מאָל אײַנשלאָפֿן און שטאַרבן, ווי מע זאָגט, כאַפּ איך זיך אויף און ווער אַ זומער־פֿייגעלע".

„רעד זיך ניט אײַן", האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט. „דו וועסט פֿליִען ווי אַ זומער־פֿייגעלע? האַ! איך קום איצט פֿון קייסערס שטאַל,

און קיינער דאָרט, אַפֿילו דעם קייסערס בעסטן פֿערד (דער וואָס טראָגט מײַנע גילדענע פּאָטקעוועס), איז נאָך קיין מאָל ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז ער וועט פֿליִען. פֿליִען, זאָגסטו? נו, יאָ. אָט פֿלי איך טאַקע". און די מיסט־באַבלקע איז אַוועקגעפֿלויגן. איך וויל צו זיך ניט צולאָזן קיין עגמת־נפֿש. און דאָך האָב איך עס יאָ געטאָן, האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט צו זיך אַליין.

דערווײַל איז די מיסט־באַבלקע אַראָפּגעפֿאַלן אויף אַ גרויסער לאָנקע. ער האָט זיך דאָרט צוגעלייגט און איז אײַנגעשלאָפֿן.

מיט אַ מאָל האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. באַהיט זאָל מען ווערן פֿון אַזאַ שלאַקסרעגן! די מיסט־באַבלקע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון דעם פּליוסקען, האָט ער שוין געוואָלט אַנטלויפֿן, אַרײַנקריכן ערגעץ אין דער ערד אַרײַן. אָבער אוממעגלעך. ער האָט זיך איבערגעקערט עטלעכע מאָל, געשווומען אויפֿן בויך, אויפֿן רוקן. פֿון פֿליִען האָט ער אַפֿילו ניט געקענט טראַכטן. ער האָט זיך נאָר געוואָלט אַרויסראַטעווען מיטן לעבן. נאָר זאָל שוין זײַן אַזוי. איז ער געבליבן ליגן.

ווען דער רעגן האָט אַ ביסל אָפּגעלאָזט האָט די מיסט־באַבלקע זיך אויסגעריבן דאָס וואַסער פֿון די אויגן. פּלוצלינג האָט אַ בלישטש געטאָן עפּעס ווײַס. דאָס איז געווען לײַוונט אויסגעשפּרייט צום בלייכן. ער האָט זיך דערנענטערט צו דעם און איז אַרײַנגעקראָכן אין אַ פֿאַלד פֿון דער נאַסער לײַוונט. עס איז ניט געווען אַזוי באַקוועם דאָרט צו ליגן ווי אין קייסערס שטאַל. עס איז, אָבער, קיין בעסערס דערווײַל ניט געווען, איז ער דאָרט פֿאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, און די גאַנצע צײַט האָט געדעגנט. דעם צווייטן טאָג אין דער פֿרי איז די מיסט־באַבלקע אַרויסגעקראָכן, האָט אים שטאַרק פֿאַרדראָסן דער שלעכטער וועטער.

אויף דער אויסגעשפּרייטער לײַוונט זײַנען געזעסן צוויי פֿרעש. זייערע קלאָרע אויגן האָבן געשטראַלט פֿון פֿאַרגעניגן. „אָט דאָס איז

אַ געבענטשטער וועטער", האָט איינער געזאָגט. „ס'איז פּשוט אַ מחיה צו זיצן אויף דער לײַוונט. זי האַלט אין זיך דאָס וואַסער אַזוי גוט, אַז מײַנע הינטערשטע פֿיסעלעך גליטשן זיך ווי איך וואָלט געשווומען".

„איך וואָלט גערן געוווּסט צו וויסן", האָט דער אַנדערער געזאָגט, „צי די שוואַלבן, וואָס פֿליִען אום הין און צוריק אויף זייער וועג אין די ווײַטע מקומות, האָבן געפֿונען אַ בעסערן קלימאַט ווי אונדזערער. אַזוי וווּנדערלעך איז דאָס פֿײַכטקייט. אַזוי ווי מע וואָלט געלעגן אין אַ נאַסן גרוב. ווער עס איז ניט צופֿרידן מיט דעם, דער האָט זיכער ניט ליב זײַן פֿאָטערלאַנד".

„זײַט איר אַ מאָל געווען אין קייסערס שטאַל?" האָט געפֿרעגט די מיסט־באַבלקע. „דאָרט איז טאַקע פֿײַכט און וואַרעם. צון אַזאַ קלימאַט בין איך צוגעוווינט. און די לופֿט! די צרה איז וואָס מע קען עס ניט מיטנעמען מיט זיך ווען מ'איז אין וועג. צי איז אין אָט דעם גאָרטן פֿאַראַן אַ בערגל מיסט, ווו עמעצער פֿון מײַן שטאַנד זאָל זיך קענען אַרײַנקלײַבן און זיך פֿילן אין דער היים?"

די פֿרעש, אָבער, האָבן אים ניט פֿאַרשטאַנען, צי זיי האָבן אים ניט געוואָלט פֿאַרשטיין.

„איך פֿרעג קיין מאָל ניט איבער קיין צווייט מאָל", האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט. „דאָ האָב איך שוין געפֿרעגט דרײַ מאָל און קיין ענטפֿער ניט באַקומען".

אַ שטיקל ווײַטער האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין אַ צעבראָכענעם טאָפּ, וואָס האָט זיך דאָרט ניט געדאַרפֿט געפֿינען, אָבער אַזוי ווי עס איז דאָרט געלעגן איז עס געוואָרן אַן אָפּדאַך פֿאַר עטלעכע משפּחות אויער־פֿליגעלעך. קיין צו גרויסע וווינונג האָבן זיי ניט געדאַרפֿט, אָבער עס איז זיי געפֿעלן צו וווינען געזעלשאַפֿטלעך. די פֿרויען האָבן איבער הויפּט געהאַט זייער אַ שטאַרקע מוטער־ליבע פֿאַר זייערע

קינדער, און יעדע מוטער האָט פֿאַררעכנט אירע קינדער פֿאַר די שענסטע און קליגסטע פֿון אַלע.

„אונדזער זון איז געוואָרן פֿאַרקנסט", האָט איין מוטער געזאָגט. „וואָסער טײַער אומשולדיק קינד דאָס איז. זײַן העכסטער ווונטש איז, אַז ער זאָל אַ מאָל אַרײַנקריכן אין אַ גלחס אַן אויער. ער איז דאָך אַזאַ ליבלעך קינד. און דאָס וואָס ער איז פֿאַרקנסט ווערט אים צוריקהאַלטן פֿון אַרומלויפֿן. דאָס איז דאָך אַן אמתער נחת פֿאַר אַ מאַמען".

„אונדזער זון", האָט די אַנדערע מוטער געזאָגט, „איז נאָר וואָס פֿון איי אַרויס, און ער לויפֿט שוין אַרום. ער שפּריצט מיט לעבן. ער קען נאָך פֿאַרלירן זײַנע הערנער. דאָס איז דאָך אַ גרויסע פֿרייד פֿאַר דער מאַמען. איִאָ, הער מיסט־באַבעלקע?" זי האָט דערקענט דעם פֿרעמדן פֿון זײַן געשטאַלט.

„איר זײַט ביידע גערעכט", האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט, און מע האָט אים פֿאַרבעטן אין שטוב אַרײַן, דאָס הייסט אונטער דעם צעבראָכענעם טאָפּ.

„איצט מעגט איר אויך אָנקוקן מײַן קליין אויער־פֿליגעלע", האָבן אַ דריטע און אַ פֿערטע מוטער געזאָגט. זיי זײַנען די ליבלעכסטע און די פֿריילעכסטע קינדער. זיי זײַנען קיין מאָל ניט אומרויִק, סײַדן ווען זיי פֿילן זיך ניט גוט אין געזונט, און דאָס טרעפֿט זיך אָפֿט אין זייער עלטער".

אַזוי האָט יעדע מוטער דערציילט וועגן אירע קינדער, און די קינדער האָבן גערעדט צווישן זיך און דערווײַל געצופּט דער מיסט־באַבלקעס בערדל מיט די פֿינצעטן פֿון זייערע עקן.

„שטענדיק זײַנען זיי מיט עפּעס פֿאַרנומען, אָט דאָס קליינוואַרג", האָט די מוטער געשטראַלט מיט מוטער־ליבע. דאָס אַלץ איז דער מיסט־באַבלקע געווען זייער לאַנגווײַליק, האָט ער דעריבער געפֿרעגט צי דאָ געפֿינט זיך ערגעץ ניט־ווײַט קיין בערגל מיסט.

„דאָס איז ווײַט, ווײַט אין דער וועלט אַרויס, אויף דער אַנדערער זײַט גרובן", האָט אַן אויער־פֿליגל געזאָגט. „איך האָף, אַז מײַנע קינדער וועלן קיין מאָל ניט דאַרפֿן אַוועקגיין אַזוי ווײַט, ווײַל דאָס וואָלט געווען מײַן טויט".

„אַזוי ווײַט וועל איך טאַקע פּרובירן גיין", האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט און איז אַרויס אָן אַ זײַ־געזונט. אַזוי האָט געפּאַסט.

בײַ דעם גרוב האָט ער געטראָפֿן אַ סך פֿון זײַן מין: באַבלקעס אַלע. „אָט אַ דאָ ווינען מיר", האָבן זיי געזאָגט. „אונדז איז דאָ גאַנץ באַקוועם. מעגן מיר אײַך פֿאַרבעטן צו אונדז אין דעם פֿעטן זומפּ? איר מוזט געוויס זײַן מיד פֿון דער נסיעה".

„זיכער", האָט די מיסט־באַבלקע געענטפֿערט. „עס האָט מיך געכאַפּט אַ רעגן, בין איך געלעגן אויף לײַוונט. ריינקייט, זאָג איך אײַך, דאָס קען איך אין גאַנצן ניט פֿאַרנעמען. איך האָב אויך אַ ווייטיק אין אַ פֿליגל. דאָס האָב איך פֿון שטיין אין אַ צוגווינט אונטער אַ צעבראָכענעם טאָפּ. עס איז טאַקע אַ מחיה צו קומען צווישן אייגענע".

„איר קומט געוויס פֿון אַ מיסטבערגל", האָט איינער פֿון די עלטערע געזאָגט.

„פֿון אַ העכער אָרט", האָט די מיסט־באַבלקע געענטפֿערט. „איך קום פֿון קייסערס שטאַל, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן מיט גילדענע פּאָטקעוועס אויף מײַנע פֿיס. איך פֿאָר אום אויף אַ בסודיקער שליחות. פֿרעגט מיך ניט וועגן דעם, ווײַל איך טאָר עס ניט אויסזאָגן".

דערווײַל איז די מיסט־באַבלקע אַרײַנגעטרעטן אין דער געדיכטער בלאָטע. דרײַ יונגע באַבלקעס, זיען, זײַנען דאָרט געזעסן און געקײַכט פֿון געלעכטער, ווײַל רעדן האָבן זיי ניט געוווּסט וואָס.

„זיי זײַנען אַלע אומפֿאַרקנסטע", האָט די מוטער באַמערקט. האָבן

זיי זיך נאָך מער צעקײַכט, ווײַל זיי האָבן זיך געשעמט.

„איך האָב נאָך קיין שענערע ניט געזען אין קייסערס שטאַל", האָט די אַרומפֿאָרנדיקע מיסט־באַבלקע באַמערקט.

„פֿיר ניט איבער מײַנע מיידלעך, און רעד ניט מיט זיי סײַדן דו מיינסט זיי אויף אַן אמתן. און אַז דו מיינסט זיי אויף אַן אמתן, דאָס בין איך זיכער. דעריבער גיב איך דיר מײַן ברכה".

„הוראַ!" האָבן אַלע אויסגערופֿן, און די באַבלקעס זײַנען געוואָרן פֿאַרקנסט. דער ערשטער טאָג איז צוגעגאַנגען זייער גוט. דער אַנדערער ניט שלעכט, אָבער דעם דריטן טאָג דאַרף מען שוין נעמען טראַכטן וועגן פּרנסה פֿאַרן ווײַב און אפֿשר אויך פֿאַר קינדער.

„מע האָט מיך אַרײַנגענאַרט", האָט ער זיך באַקלאָגט. „נו, וועל איך זיי אָפּגעבן".

און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. ער איז פֿאַרשוווּנדן. טעג און נעכט זײַנען אַוועק. און די יונגע פֿרוי איז געבליבן זיצן אַ לעבעדיקע עגונה. אַנדערע באַבלקעס האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז פּשוט אַן אַרומלויפֿער, וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין דער משפּחה. די פֿרוי איז דערווײַל געבליבן זיצן ווי אַ לאַסט.

„אויב אַזוי, קען זי קריק ווערן אַ מיידל", האָט די מוטער געזאָגט, „און זײַן צוזאַמען מיט די קינדער. פֿע, און אַ שאַנד אויף דעם אויסוואָרף וואָס האָט זי איבערגעלאָזט".

ער איז דערווײַל געגאַנגען ווײַטער און אַריבערגעשווומען דעם גרובן אויף אַ קרויטבלעטל. אין דער פֿרי זײַנען אָנגעקומען צוויי מענטשן און האָבן באַמערקט די מיסט־באַבלקע אויף זײַן נסיעה. זיי האָבן אים אויפֿגעהויבן און באַקוקט פֿון אַלע זײַטן. זיי זײַנען געווען סטודענטן, די צוויי יונגען: „דער אייבערשטער דערזעט די שוואַרצע באַבלקע אינעם שוואַרצן שטיין אין שוואַרצן פֿעלדז. שטייט ניט אַזוי געשריבן?" האָט איינער פֿון זיי געפֿרעגט.

ער האָט איבערגעזעצט דער באַבלקעס נאָמען אויף לאַטײַן און אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דער באַבלקעס טבֿע און דערקלערן פֿון וואַנען דאָס שטאַמט. ער האָט געזאָגט, אַז מע זאָל עס מיטנעמען אַהיים. „דאָס וואָלט געווען אַ גוטער עקזעמפּלאַר" האָט ער געזאָגט. דער אַנדערער האָט, אָבער, געטענהט, אַז זיי האָבן שוין אַ סך בעסערע און שענערע עקזעמפּלאַרן אין זייער קאָלעקציע.

עס איז געווען זייער ניט העפֿלעך אַזוי צו זאָגן, האָט געטראַכט די מיסט־באַבלקע. איז ער דעריבער אַרויסגעפֿלויגן פֿון דער האַנט וואָס האָט אים געהאַלטן.

ער איז אָפּגעפֿלויגן אַ רעכט שטיקל. זײַנע פֿליגלען זײַנען אים שוין געווען טרוקן, איז ער אָנגעקומען צו אַן אָראַנזשעריע, וואָס האָט געהאַט אַ סך באַקוועמלעכקייטן. אַ פֿענצטער איז געווען אָפֿן, איז ער אַהין אַרײַנגעפֿלויגן און האָט זיך אײַנגעגראָבן אין אַ קופּע וואַרעמע ערד. „דאָ איז גאַנץ ווויל", האָט ער געזאָגט.

ער איז אײַנגעשלאָפֿן און עס האָט זיך אים געחלומט, אַז דעם קייסערס פֿערד איז געפֿאַלן און אַז ער האָט באַקומען דעם פֿערדס גילדענע פּאָטקעוועס. עס איז געווען אַ פֿאַרגעניגן. די מיסט־באַבלקע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז אַרויסגעקראָכן און האָט זיך אַרומגעקוקט: סאַראַ פּראַכט דאָ איז אין אָראַנזשעריע! גרויסע פּאַלמעס צעשפּרייטן זיך אין דער הייך. די זון האָט זייערע דינע, גרינע בלעטלעך געמאַכט כּמעט דורכזיכטיק. און אונטער זיי איז געווען געדיכט גרין גראָז און שײַנענדיקע בלומען: בלומען רויט ווי פֿײַער, געל ווי בורשטין, ווײַס ווי פֿריש געפֿאַלענער שניי.

„אַך, סאַראַ שפֿע מיט פֿלאַנצן, און ווי געשמאַק זיי וועלן זײַן ווען זיי וועלן ווערן פֿאַרפֿוילט", האָט די מיסט־באַבלקע אויסגערופֿן. „דאָ געפֿינט זיך אַ גוטע שפּײַזקאַמער. דאָ וווינט געוויס עמעצער פֿון מײַן משפּחה. איך וועל אים אויפֿזוכן כּדי צו האָבן מיט וועמען אומצוגיין.

איך האָב מיט וואָס זיך איבערצונעמען. איך בין שטאָלץ מיט דעם וואָס איך בין".

איז ער אַרומגעגאַנגען און האָט געטראַכט פֿון דעם שיינעם חלום וואָס ער האָט געהאַט וועגן דעם טויטן פֿערד און וועגן די גילדענע פּאָטקעוועס וואָס ער האָט גע׳ירשנט.

פּלוצלינג האָט אַ האַנט אָנגענומען די מיסט־באַבלקע, אים צוגעדריקט און איבערגעקערט און באַקוקט פֿון אַלע זײַטן.

אין אָראַנזשעריע האָבן זיך געפֿונען דעם גערטנערס ייִנגל מיט זײַן חבֿר. זיי האָבן באַמערקט די מיסט־באַבלקע, און עס האָט זיך זיי פֿאַרוואָלט מיט איר שפּילן, האָבן זיי איר אײַנגעוויקלט אין אַ ווײַנבלאַט און איר אַרײַנגעלייגט אין קעשענע. ער האָט דאָרט געשקראַבעט און געגראַבלט. דאָס ייִנגל האָט איר געגעבן אַ דריק און איז אַוועקגעגאַנגען צו דער אָזערע בײַם ברעג גאָרטן און האָט די מיסט־באַבלקע אַרײַנגעזעצט אין אַן אַלטער, צעבראָכענער קלומפּע, און אַזוי ווי דער אייבערשטער טייל איז געווען צעשפּאָלטן, האָבן זיי דאָרטן אַרײַנגעהאַקט אַ שטיקל האָלץ ווי אַ מאַסטבוים, און די מיסט־באַבלקע האָבן זיי צוגעבונדן מיט אַ שטיקל וואָלענעם פֿאָדעם. איצט איז עס געוואָרן אַ שיף, וואָס איז געשוווּמען אויפֿן וואַסער, און ער איז געווען אַ מאַטראָס.

„דאָס מוז זײַן אַ גאָר גרויסע אָזערע", האָט געטראַכט די מיסט־באַבלקע. „דאָס קער זײַן אַ וועלטהאַוון". ער איז צעטומלט געוואָרן, איז געפֿאַלן אויפֿן רוקן און האָט אויסגעשפּרייט די פֿיסלעך.

דער הילצענער שוך איז געשווּמען. דאָס וואַסער האָט געשטראָמט, אָבער ווען דאָס שיפֿל איז אַ ביסל צו ווײַט אַוועק האָט דאָס ייִנגל גיך פֿאַרקאַטשעט די הויזן און עס צוריקגעבראַנגט. אָבער דאָ האָט מען דאָס ייִנגל אַ שטאַרקן רוף געטאָן, איז ער גיך אַוועק און האָט געלאָזט דאָס שיפֿל שווימען ווײַט פֿון ברעג. פֿאַר דער מיסט־באַבלקע איז דאָס

געוואָרן שרעקלעך. פֿליִען האָט ער ניט געקענט, ווײַל ער איז געווען צוגעבונדן צום מאַסטבוים. איז געקומען צון אים אַ פֿליג.

„אַ ליבלעכן וועטער האָבן מיר דאָ", האָט די פֿליג געזאָגט. „דאָ קען איך זיך אַ ביסל אָפּרוען! איך קען מיך דאָ אויסוואַרעמען אויף דער זון. סאַראַ פֿאַרגעניגן".

„דו רעדסט אַזוי ווי דו פֿאַרשטייסט גאָרניט. זעסטו ניט אַז איך בין דאָ אַ געפֿאַנגענער?"

„איך בין ניט קיין געפֿאַנגענע", האָט די פֿליג געזאָגט און איז אַוועקגעפֿלויגן.

„איצט פֿאַרשטיי איך שוין די וועלט", האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט. „עס איז אַ מיאוסע וועלט! איך בין דער איינציקער ערלעכער דאָ. צום ערשטן האָט מען מיך געקריוודעט מיט די גילדענע פּאָטקעוועס. מע האָט מיך געלאָזט ליגן אויף אַ נאַסער לײַוונט און דערנאָך האָב איך געמוזט שטיין אין אַ צוג, און נאָך אַלעמען האָט מען מיך פֿאַרבונדן מיט אַ ווײַב. איצט, אַז איך האָב געמאַכט אַ גיכן טריט אַרויס אין דער וועלט אויסצוגעפֿינען וואָס גייט דאָ אָן, איז געקומען אַ מענטשלעך קינד און האָט מיך צוגעבונדן צו אַ מאַסטבוים און געלאָזט שווימען אויף דעם ווילדן ים, בשעת דעם קייסערס פֿערד גייט אום מיט גילדענע פּאָטקעוועס. דאָס פֿאַרדריסט מיר מער פֿון אַלץ. אויף מיטלײַד, אָבער, קען מען פֿון דער דאָזיקער וועלט זיך ניט ריכטן. מײַן לעבן איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטס, אָבער וואָס טויג עס, אַז קיינער ווייסט ניט דערפֿון? און די וועלט האָט אויך ניט פֿאַרדינט עס צו וויסן. וואָלטן זיי מיר געגעבן די גילדענע פּאָטקעוועס אין קייסערס שטאַל, די ווען מע האָט דעם פֿערד אָנגעטאָן, ווען איך האָב מײַנע פֿיס אויסגעשטרעקט, וואָלט איך נאָר באַקומען די גילדענע פּאָטקעוועס, וואָלט איך געוואָרן אַ צירונג פֿאַר

דעם שטאַל. איצט האָט דער שטאַל מיך פֿאַרלוירן, און די וועלט האָט מיך פֿאַרלוירן. און אַלץ איז אויס״.

אָבער אַלץ איז ניט געווען אויס. ס׳איז צוגעשוווּמען אַ שיפֿל מיט צוויי יונגע מיידלעך.

„אָט שווימט אַ הילצערנער שוך״, האָט געזאָגט איינע.

„און אַ קליין באַשעפֿעניש איז דאָרט צוגעבונדן״, האָט די צווייטע געזאָגט.

זיי האָבן זיך דערנענטערט צום הילצערנעם שוך און אים אַרויסגענומען פֿון וואַסער. איינע פֿון די מיידלעך האָט אַרויסגענומען אַ קליין שערל, איבערגעשניטן דעם פֿאָדעם און אַפֿילו די מיסט־באַבלקע ניט אָנגערירט. זיי האָבן אים געבראַכט צום ברעג און אַרײַנגעלאָזט אין גראָז.

„קריך. קריך! פֿלי. פֿלי, אויב דו קענסט. פֿרײַהייט איז אַ טײַערע זאַך״.

און די מיסט־באַבלקע איז אַרײַנגעפֿלויגן גלײַך דורך דעם פֿענצטער פֿון אַ גרויסן בנין און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ מידער אין דער פֿײַנער, ווייכער און לאַנגער גריווע פֿונעם קייסערס פֿערד, וואָס איז שוין געווען אין שטאַל.

„אָט זיץ איך אויפֿן קייסערס פֿערד, זיץ אַזוי ווי אַ ריטער, זיץ אויף אים ווי דער קייסער אַליין״, האָט ער אויסגעשריגן. „וואָס זאָג איך? איצט איז מיר שוין קלאָר געוואָרן ווי גוט און גערעכט דער שמיד איז געווען ווען ער האָט מיך געפֿרעגט פֿאַר וואָס מע האָט דעם קייסערס פֿערד געמאַכט גילדערנע פּאָטקעוועס. איצט פֿאַרשטיי איך, אַז דאָס איז אַלץ פֿאַר מײַנעט וועגן״.

איצט איז די מיסט־באַבלקע געקומען צו זיך.

„אַז מע זעט די גאַנצע וועלט, ווערט מען קליגער״, האָט ער

געזאָגט. די זון האָט אַרײַנגעשטראַלט אין שטאַל און אַרויפֿגעשײַנט אויף אים, געשײַנט שיין און ליכטיק.

„די וועלט איז נאָך אַלעמען גאָר ניט אַזוי שלעכט", האָט די מיסט־באַבלקע געזאָגט. „מע דאַרף נאָר וויסן ווי זי צו פֿאַרשטיין".

די וועלט איז געווען גוט. דעם קייסערס פֿערד האָט מען געגעבן גילדענע פּאָטקעוועס כּדי די מיסט־באַבלקע זאָל קענען ווערן זײַן רײַטער.

# 28

# וואָס דער אַלטער זאָל ניט טאָן איז ער תּמיד גערעכט

יצט וויל איך אײַך דערציילן אַ מעשׂה וואָס איך האָב געהערט ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, און יעדעס מאָל וואָס איך טראַכט זיך אַרײַן אין איר זעט זי מיר אויס אַלץ שענער און שענער, ווײַל מיט מעשׂיות קומט פֿאָר דאָס אייגענע וואָס מיט טייל מענטשן: וואָס עלטער זיי ווערן, אַלץ שענער ווערן זיי, און דאָס איז אַ גרויסער נחת־רוח.

אויב אײַך איז אויסגעקומען אַ מאָל צו זײַן אויפֿן לאַנד, האָט איר זיכער געזען אַן אַלט פּויעריש שטיבל מיט אַ שטרויענעם דאַך באַוואָקסן מיט מאָך און גראָז. אַ בושלנעסט געפֿינט זיך אויפֿן שפּיץ דאַך. אָן די בושלען קען מען קוים אויסקומען. דאָס שטיבל האָט קרומע ווענט און נידעריקע פֿענצטער און נאָר איין פֿענצטער וואָס מע קען עפֿענען און אַ באַקאויוון וואָס שטעקט אַרויס פֿון אַ וואַנט, אַזוי ווי אַ קליין גראָב בײַכל. און די בוזינע־קוסטן הענגען אַריבער איבערן צוים. עס איז אויך דאָ אַ קליין טײַכל וואַסער, וווּ אַן ענטל מיט קליינע ענטעלעך שווימען אַרום אונטער דער סוקעוואַטער ווערבע. מע דאַרף נאָר דאָ דערמאָנען דעם הונט אויף דער קייט וואָס בילט אויף יעדן פֿאַרבײַגייער.

פּונקט אַזאַ שטוב האָט זיך געפֿונען אויפֿן לאַנד. און דאָרט האָט געוווינט אַ פּאָרפֿאָלק, אַ פּויער מיט זײַן ווײַב. ווי קליין זייער פֿאַרמעגן

איז ניט געווען, האָבן זיי זיך געקענט באַגיין אָן אַ סך זאַכן, אָבער אָן דעם פֿערד האָבן זיי זיך ניט געקענט באַגיין. דאָס פֿערר פֿלעגט אַרומגיין און זיך פֿיטערן בײַ דער זײַט וועג. דער אַלטער פֿלעגט אויף אים רײַטן אין שטאָט אַרײַן, און די שכנים האָבן אים אָפֿט מאָל געליגן בײַם פֿויער און דערפֿאַר אָפּגעצאָלט מיט אַרבעט. אָבער פֿאָרט, האָט דער אַלטער געמיינט, אַז עס וואָלט בעסער געווען ווען מע פֿאַרקויפֿט עס אָדער מע בײַט עס אויס אויף אַ נייטיקערער זאַך, וואָס זאָל זײַן מער נוציק. אָבער וואָס די מער נוציקע זאַך זאָל זײַן האָט ער אַליין ניט געוווּסט.

„דאָס וועסטו, מײַן אַלטער, שוין בעסער פֿאַרשטיין", האָט די אַלטע געזאָגט. „עס איז דאָ אַ יריד אין שטאָט. רײַט אַהין צו. נעם אָפּ פֿאַרן פֿערד געלט אָדער מאַך אַ גוטן אויסבײַט, ווײַל וואָס דו טוסט איז תּמיד צום גוטן. נו, גיי שוין!"

זי האָט אים פֿאַרבונדן דאָס האַלדזטיכל אויפֿן האַלדז מיט אַ טאָפּעלן שלייף. דאָס האָט זי דאָך געקענט בעסער פֿאַר אים. ער האָט מיט דעם אויסגעזען זייער גאַלאַנט. מיט איר הוילער האַנט האָט זי אָפּגעווישט זײַן קאַפּעליוש און אַ קוש געטאָן זײַן וואַרעמען מויל. און ער האָט זיך אַרויפֿגעזעצט אויפֿן פֿערד, וואָס ער האָט געדאַרפֿט פֿאַרקויפֿן אָדער אויסבײַטן. יאָ, אין אַזאַ זאַך קען מען זיך אויפֿן אַלטן פֿאַרלאָזן.

די זון האָט געברענט. קיין שום וואָלקן האָט זיך ניט געוויזן אין הימל. דער וועג איז געווען פֿול מיט שטויב פֿון אַזוי פֿיל מענטשן וואָס זײַנען אָדער געפֿאָרן, אָדער געריטן, אָדער געגאַנגען צו פֿוס אויפֿן יריד. עס איז געווען אַזאַ ברענענדיקע היץ, אַז עס איז שווער געווען צו געפֿינען אַ שטיקל שאָטן אין וועג.

דערווײַל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין איינעם וואָס האָט געפֿירט אַ קו אויפֿן יריד. דאָס איז געווען אַ שיינע בהמה, די שענסטע וואָס ער האָט ווען עס איז געזען.

אַזאַ קו וועט מסתּמא געבן טײַערע מילך, האָט דער פּויער צו זיך געטראַכט. דאָס וואָלט געווען אַ גוטער אויסבײַט פֿאַר מיר.

„ווייסטו וואָס? דו דאַרטן מיט דער קו", האָט ער געזאָגט. „וואָלט ניט געווען יושר, אַז מיר זאָלן ביידע זיך אַ ביסל דורכרעדן? זעסט דאָס פֿערד? גלייבט מיר, ס'איז זיכער אַז עס קאָסט מער ווי אַ קו. אָבער דאָס מאַכט מיר ניט אויס. מיר וועט מער צו ניץ קומען אַ קו. טאָ לאָמיר זיך בײַטן".

„יאָ, גוט!" האָט דער מענטש מיט דער קו געזאָגט. און זיי האָבן זיך געביטן. איצט, אַז דער בײַט איז געמאַכט געוואָרן האָט דאָך דער פּויער זיך געקענט אומקערן אַהיים. ער האָט דאָך שוין געהאַט אויפֿגעטאָן דאָס וואָס ער האָט געדאַרפֿט. נאָר אַז ער האָט געהאַט באַשלאָסן צו גיין אויפֿן יריד, האָט ער שוין אויך דאָרט געוואָלט אַ קוק טאָן. איז ער געגאַנגען מיט זײַן קו. ער איז געגאַנגען גיך איז אויך זײַן קו געגאַנגען גיך. האָט ער באַגעגנט אַ מענטש וואָס האָט געפֿירט אַ שעפּס. דאָס איז געווען אַ גוטער שעפּס. ער האָט אויסגעזען שיין און האָט געהאַט אַ טײַערע פֿעל אויף זיך.

אָט דאָס וואָלט איך טאַקע געוואָלט האָבן, האָט דער פּויער צו זיך געטראַכט. ער וואָלט געקענט געפֿינען גענוג פֿאַשע בײַ אונדז בײַ די גרובנס, און אין ווינטער וואָלט איך אים צו זיך אין שטוב אַרײַנגענומען. נאָך אַלעמען איז מיר נייטיקער צו האָבן אַ שעפּס ווי אַ קו. „נו, לאָמיר זיך בײַטן", האָט ער געזאָגט דעם מאַן מיטן שעפּס.

דער מאַן מיטן שעפּס האָט גלײַך מסכּים געווען, און מ'האָט געמאַכט אַ בײַט. און דער פּויער איז געגאַנגען און האָט געפֿירט דעם שעפּס אויפֿן וועג. דאָרט האָט ער באַמערקט אַ מאַן מיט אַ גרויסער גאַנדז אונטערן אָרעם.

„דאָס איז אַ שווערע גאַנדז בײַ דיר אונטערן אָרעם", האָט געזאָגט דער פּויער. „זי האָט שמאַלץ און פֿעדערן, און עס וואָלט אויסגעזען

גאָר גוט אויף אונדזער סטאַוו, און מײַן אַלטע וואָלט געהאַט פֿאַר וועמען צו קלײַבן ברעקעלעך עסן. זי פֿלעגט שטענדיק זאָגן: 'הלוואַי וואָלט איך נאָר געהאַט אַ גאַנדז!' איצט וועט זי טאַקע קענען האָבן אַ גאַנדז. ווילסטו אפֿשר אויסבײַטן? איך וועל דיר געבן אַ שעפּס פֿאַר דײַן גאַנדז און אַ דאַנק נאָך דערצו".

דער מאַן האָט צו דעם מסכּים געווען און זיי האָבן זיך אויסגעביטן. דער פּויער האָט באַקומען די גאַנדז. ער איז שוין געווען נאָענט צו דער שטאָט. דאָס געדראַנג אויפֿן וועג איז אַלץ ערגער געוואָרן. עס איז געוואָרן אַ שטופּעניש פֿון מענטשן און בהמות. זיי זײַנען געגאַנגען ניט נאָר אויפֿן וועג, נאָר אויך אינעם גראָבן און זײַנען אַרײַן אין דעם אָפּצאָל־נעמערס קאַרטאָפֿליעס. דאָרט איז זײַן הון געווען צוגעבונדן, כּדי זי זאָל זיך ניט איבערשרעקן און אַנטלויפֿן.

די הון האָט געהאַט אַ קורצן עק, האָט געפּינטלט מיט אַן אויג און האָט אויסגעזען גאָר שיין. „קלוק־קלוק", האָט זי געמאַכט. וואָס זי האָט מיט דעם געמיינט קען איך אײַך ניט זאָגן. אָבער וואָס דער פּויער האָט געטראַכט, דאָס האָב איך גלײַך געקענט זען. דאָס איז די שענסטע הון וואָס איך האָב ווען עס איז געזען. עס איז שענער ווי דעם גלחס אָנגעשטאָפּטע הון. אָט אַזאַ הון וואָלט איך געדאַרפֿט האָבן. אַ הון קען תּמיד געפֿינען קערנדלעך פֿאַר זיך, און זי קען זיך כּמעט אַליין פֿאַרזאָרגן, און דאָס וואָלט געווען אַ גוטער בײַט, גלייב איך, ווען איך זאָל באַקומען די הון.

„ווילסטו זיך בײַטן?" האָט ער אים געפֿרעגט. „יאָ, בײַטן", האָט דער צווייטער געענטפֿערט. „דאָס וואָלט גאָר ניט געווען אַזוי שלעכט". און עס איז געוואָרן אַ בײַט. דער אָפּצאָל־נעמער האָט באַקומען די גאַנדז און דער פּויער די הון.

ער האָט טאַקע אַ סך אויפֿגעטאָן אויף זײַן וועג אין שטאָט אַרײַן. הייס איז געווען, מיד איז ער אויך געווען, און דערצו נאָך הונגעריק

און דאָרשטיק. ער איז צוגעקומען צו אַ קרעטשמע ווו ער האָט זיך געלאָזט אַרײַנגיין. בײַ דער טיר, אָבער, האָט ער געטראָפֿן דעם משרת טראָגנדיק אַ זאַק אָנגעפּאַקט מיט עפּעס.

„וואָס האָסטו דאָרט?" האָט דער פּויער אים געפֿרעגט.

„פֿאַרפֿוילטע עפּל", האָט דער משרת געענטפֿערט, „אַ פֿולן זאַק פֿאַר די חזירים".

„האָסט דאָרט טאַקע אַ היפּש ביסל עפּל. איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז מײַן אַלטע זאָל דאָס אָנקוקן. פֿאַראַיאָרן האָבן מיר נאָר איין עפּל געהאַט פֿון אונדזער אַלטן בוים לעבן דעם האַלצשטעלכל. דעם דאָזיקן עפּל האָט מען שטאַרק אָפּגעהיט, און ער איז געלעגן אויפֿן קאַמאָד ביז ער האָט געפּלאַצט. ווי לאַנג געפֿינט זיך אין שטוב איז פֿאַראַן די מזל־ברכה, פֿלעגט די אַלטע זאָגן. איצט וואָלט זי געקענט זען וואָס מזל־ברכה מיינט. הלוואַי וואָלט זי דאָס נאָר געהאַט".

„נו, וואָס גיסטו מיר דערפֿאַר?" האָט דער משרת געפֿרעגט.

„געבן? איך גיב דיר מײַן הון דערפֿאַר". און ער האָט אָפּגעגעבן די הון פֿאַר די עפּל. ער איז מיט דעם אַרײַן אין קרעטשמע און איז גלײַך אַרײַן אין שענק. ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס זעקל עפּל בײַם אויוון, פֿאַרגעסנדיק אין גאַנצן אין אים און ניט האָבנדיק באַמערקט, אַז דער אויוון איז אָנגעגליט.

אין שענק האָבן זיך געפֿונען אַ סך פֿרעמדע מענטשן: פֿערדהענדלער, פֿיכהענדלער און אויך צוויי ענגלענדער – רײַכע מענטשן מיט קעשענעס אָנגעשטאָפּט מיט גאָלדענע מטבעות – און האָבן געהאַלטן אין איין וועטן זיך. איצט הערט זיך צו.

„סוס, סוס", וואָס הערט זיך דאָרט בײַם אויוון? די עפּל האָבן גענומען סמאַליען.

וואָס איז דאָרט? נו, דאָס וועלן זיי זיך באַלד דערוויסן; פֿונעם פֿערד וואָס איז אויסגעביטן געוואָרן אויף אַ קו ביז צו די פֿאַרפֿוילטע עפּל.

„אוי! וועסטו קריגן קלעפּ פֿון דער אַלטער ווען דו וועסט קומען אַהיים", האָבן די ענגלענדער געזאָגט. „די שטוב וועט זיך איבערקערן!"

„אַדרבא, זי וועט מיך קושן, ניט שלאָגן", האָט דער פּויער געזאָגט. זי וועט זאָגן: 'וואָס דער אַלטער זאָל ניט טאָן איז ער אַלע מאָל גערעכט'".

„ווילסט זיך וועטן אויף דעם?" האָבן זיי געפֿרעגט. „אויף אַ פֿעסל גאָלד? אַ הונדערט פֿונט גאָלדענע מטבעות צו דעם וואָס וועסט אײַנשטעלן".

„פֿאַר מיר איז גענוג צו וועטן אַ שעפֿל", האָט דער פּויער געזאָגט. „איך שטעל אײַן אַ שעפֿל עפּל און זיך און מײַן אַלטע אַ צוגאָב. און דאָס וועט זײַן מער ווי אַ גוטע מאָס. דאָס וועט זײַן אַן איבערמאָס".

„צוגעקלאַפּט", האָבן זיי געזאָגט, און דאָס געוועט איז געמאַכט געוואָרן.

דעם קרעטשמערס וואָגן איז אָנגעקומען. די ענגלענדער האָבן זיך אַרײַנגעזעצט. דער פּויער האָט זיך אַרײַנגעזעצט. די צוגעסמאַליעטע עפּל זײַנען דאָרט אויך געווען. און אַזוי זײַנען זיי אָנגעקומען צום פּויערס שטוב.

„אַ גוטן אָוונט, מײַן אַלטע!"

„אַ גוטן אָוונט, אַ גוט יאָר".

„נו, איך האָב געמאַכט אַ בײַט".

„אַוודאי. דאָס קענסטו דאָך", האָט זײַן ווײַב געזאָגט און אים אַרומגענומען, פֿאַרגעסנדיק אין די עפּל און אין די געסט.

„איך האָב אויסגעביטן דאָס פֿערד אויף אַ קו", האָט דער אַלטער געזאָגט.

„אַ דאַנק דעם אייבערשטן, מיר'ן טאַקע איצט האָבן גענוג מילכיקס, פּוטער און קעז פֿאַרן טיש. דאָס איז געווען אַ טײַערער בײַט".

„יאָ. אָבער די קו האָב איך אויסגעביטן אויף אַ שעפּס".

„דאָס איז נאָך בעסער", האָט די פֿרוי אויסגערופֿן. „דו האָסט שטענדיק גוטע אײַנפֿאַלן. פֿאַר אַ שאָף האָבן מיר טאַקע גענוג פֿאַשע. איצט וועלן מיר האָבן גענוג שעפּסענע מילך און שעפּסנקעז, וואָלענע זאָקן און אַפֿילו וואָלענע נאַכטהעמדער. דאָס אַלץ קען מען פֿון אַ קו ניט באַקומען. דו ביסט דאָך אַזאַ קלוגער".

„אָבער דעם שעפּס האָב איך אויסגעביטן אויף אַ גאַנדז".

„וועלן מיר טאַקע האָבן אַ סעודה פֿון גאַנדז דאָס הײַנטיקע יאָר. מײַן אַלטיטשקער, דו טראַכטסט נאָר ווי אַזוי מיך צופֿרידן צו שטעלן. דאָס איז געווען זייער אַ גוטער אײַנפֿאַל דײַנער. די גאַנדז וועט מען קענען לאָזן אַרומגיין צוגעבונדן בײַ אַ פֿוס, וועט זי נאָך ווערן פֿעטער ביז מע וועט זי קוילען".

„די גאַנדז, אָבער, האָב איך אויסגעביטן אויף אַ הון", האָט ער איר ווײַטער דערציילט.

„אַ הון!" האָט זי אויסגערופֿן מיט פֿרייד. „דאָס איז אַן אויסגעצייכנטער בײַט. אַ הון לייגט אייער, בריט אויס הינדעלעך. מיר'ן האָבן הינער און אַ גאַנצן הינערהויף. און דאָס האָב איך תּמיד געוואָלט האָבן".

„יאָ, נו! אָבער די הון האָב איך אויסגעביטן אויף אַ זאַק פֿאַרפֿוילטע עפּל".

„דערפֿאַר ביסטו טאַקע ווערט, איך זאָל דיך אויסקושן", האָט זי אויסגערופֿן. „אַ גרויסן דאַנק דיר, מײַן טײַערער מאַן. איצט מעג איך דיר עפּעס דערציילן. נאָך דעם וואָס דו ביסט אַוועקגעגאַנגען איז מיר אײַנגעפֿאַלן פֿאַר דיר צו מאַכן עפּעס אַ גוטן מאָלצײַט, אַ פֿײַנקוכן מיט גרינע ציבעלעס. אייער האָב איך געהאַט, נאָר ציבעלעס האָבן מיר אויסגעפֿעלט. בין איך אַריבער צו דעם לערערס ווײַב. עס פֿעלט איר חלילה ניט קיין ציבעלעס. ווייסט דאָך, אַז זי איז אַ קאַרגע. האָב איך זי געבעטן מיר צו לײַען אַ ציבעלע! 'לײַען?' האָט זי געפֿרעגט.

'עס וואַקסט דען עפּעס אין מײַן גאָרטן? אַפֿילו צו מאָל קיין פֿאַרפֿוילט עפּעלע קען איך דיר ניט לײַען'".

איצט וועל איך איר קענען לײַען צען עפּל. אַפֿילו אַ גאַנצן זאַק. איז עס ניט קיין גוטער שפּאַס?" און זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין מויל.

„אָט אַזוי דאַרף מען טאָן", האָבן די ענגלענדער געזאָגט. „אַפֿילו ווען מע גייט תּמיד באַרג־אַראָפּ איז מען שטענדיק צופֿרידן. אָט דאָס צו זען איז ווערט דאָס גאַנצע געלט".

דעמאָלט האָבן די ענגלענדער דעם פּויער אָפּגעצאָלט אַ הונדערט פֿונט גאָלדענע מטבעות, דערפֿאַר וואָס ער האָט באַקומען קושן פֿון זײַן ווײַב און ניט קיין קלעפּ.

און דאָס איז אַלע מאָל כּדאַי, אַז פּרויען זאָלן האַלטן, אַז דער מאַן איז אַלע מאָל אַ קלוגער, און וואָס ער זאָל ניט טאָן איז ער תּמיד גערעכט.

אָט האָט איר אַ געשיכטע וואָס איך האָב געהערט ווען איך בין געווען אַ קינד. און איצט האָט איר זי אַליין אויך געהערט, ווייסט איר שוין אַליין, אַז וואָס דער אַלטער זאָל ניט טאָן איז ער תּמיד גערעכט.

# 29
# דער פּעטער שנייער

„עס איז אַזאַ מחיהדיקע קעלט, אַז עס קנאַקט מיר אַזש מײַן גאַנצער קערפּער", האָט פּעטער שנייער געזאָגט. „דער ווינט בלאָזט טאַקע אַרײַן אַ נײַ לעבן אין אַ בריאה. און זע נאָר ווי זי לויכט און גלאַנצט, זי דאָרט אויבן". מיט דעם האָט ער געמיינט די זון, וואָס האָט געהאַלטן בײַ אונטערגיין. „זי וועט מיך ניט קענען מאַכן פינטלען מיט די אויגן. איך קען אײַנהאַלטן די שטיקלעך וואָס מע האָט אין מיר אַרײַנגעשטעקט".

די שטיקלעך זײַנען געווען צוויי גרויסע, דרײַקאַנטיקע שטיקלעך דאַכלקעס, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר אויגן. זײַן מויל איז געווען אַ טייל פֿון אַן אַלטער גראַבליע מיט ציין. ער איז געבוירן געוואָרן אונטער די הוראַ־געשרייען פֿון די ייִנגלעך, און איז באַגריסט געוואָרן מיטן קלינגען פֿון שליטנגלעקלעך און מיטן קנאַלן פֿון בײַטשן.

די זון איז פֿאַרגאַנגען און אין דער בלויער לופֿט האָט זיך גרויס און רונד, קלאָר און שיין, די לבֿנה באַוויזן.

„אָט קומט זי אַרויס פֿון דער צווייטער זײַט", האָט פּעטער שנייער געזאָגט. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז די זון, וואָס באַווײַזט זיך נאָך אַ מאָל. „איך האָב זי אָפּגעוווינט פֿון איר גלאָצעניש. נאָר אויב זי וויל קען זי דאָרט הענגען און אויפֿלײַכטן, כּדי איך זאָל זיך אַליין קענען זען. וואָלט איך זיך נאָר געקענט באַוועגן אַזוי ווי מענטשן, וואָלט איך עס גערן געטאָן. איך וואָלט זיך געגליטשט אויפֿן אײַז, ווי איך זע די ייִנגלעך טוען עס. אָבער איך קען אַפֿילו ניט לויפֿן".

„אַוועק! גוואַלד!“ האָט דער אַלטער הונט זיך צעבילט. ער איז געוועזן הייזעריקלעך. דאָס איז אים געקומען פֿון ליגן אונטערן אויוון ווען ער איז געווען אַ שטובהונט. „די זון וועט דיך נאָך אויסלערנען לויפֿן. דאָס האָט זיך געטראָפֿן מיט דעם פֿאַראַיאָריקן פֿעטער שנייער און אויך מיט דעם פֿריערדיקן. אַוועק! אַוועק! און זיי זײַנען אַלע טאַקע אַוועק מיטן שניי“.

„איך פֿאַרשטיי דיך ניט, מײַן פֿרײַנד“, האָט פֿעטער שנייער געזאָגט. „מיינסטו, אַז די זאַך דאָרט אויבן וועט מיך נאָך אויסלערנען לויפֿן?“ ער האָט מיט דעם געמיינט די לבֿנה. „זי איז נאָר וואָס געווען אַנטלאָפֿן ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איר. איצט האָט זי זיך באַוויזן פֿון אַן אַנדער זײַט“.

„דו ווייסט נאָך גאָרניט“, האָט דער הונט געזאָגט. „ווײַל דו ביסט ערשט ניט לאַנג צוריק צוזאַמענגעקלעפּט געוואָרן. די וואָס דו קוקסט איצט אויף איר רופֿט מען לבֿנה, און די וואָס איז אַוועקגעגאַנגען איז געווען די זון. זי קומט מאָרגן צוריק. זי וועט דיך נאָך לערנען צו לויפֿן, צום סטאַוו וועסטו לויפֿן. עס בײַט זיך באַלד דער וועטער. איך פֿיל שוין ווי עס נאָגט מיך מײַן לינקער הינטערשטער פֿוס. יאָ, עס בײַט זיך דער וועטער“.

„איך פֿאַרשטיי אים ניט“, האָט פֿעטער שנייער געזאָגט. „נאָר ס'האַרץ זאָגט מיר, אַז ער האָט עפּעס אומאָנגענעם געזאָגט. איך פֿיל, אַז יענער דאָרט, וואָס שײַנט אויף און פֿאַרגייט, וואָס ער רופֿט אָן זון, איז מיר ניט קיין פֿרײַנד“.

„אַוועק! אַוועק!“ האָט געבילט דער אַלטער הונט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט דרײַ מאָל און איז אַוועק צו זיך אין דער הינטאַרניע זיך לייגן שלאָפֿן.

דער וועטער האָט זיך טאַקע געביטן. אין דער פֿרי האָט אַ פֿײַכטקייט און אַ שווערער נעפּל פֿאַרצויגן דאָס לאַנד. פֿאַר נאַכט איז אַ קאַלטע

לופּט דורכגעגאַנגען. דער ווינט איז געוואָרן קעלטער און דער פֿראָסט שטאַרקער. אָבער וואָסער פּראַכטיק בילד האָט זיך באַוויזן, ווי נאָר די זון האָט אַרויסגעשײַנט! אַלע ביימער און קוסטן זײַנען געווען מיט אײַזליכטלעך באַצירט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ וואַלד פֿאַרצויגן מיט ווײַסן קאָראַל און ווי אויף אַלע צווײַגן וואָלטן ווײַסע, שטראַלנדיקע בלומען געוואַקסן. מיליאָנען קליינע צווײַגעלעך, וועלכע מע האָט זומערצײַט ניט געקענט אַרויסזען צוליב די גרויסע צאָל בלעטלעך, האָבן איצט אַרויסגעשײַנט ווי ווײַסע געהעקלטע שפּיצן, און שטראָמען ליכט האָבן געשטראַלט פֿון צווישן די צווײַגן. די שלאַנקע בערעזע האָט זיך געטרייסלט אין ווינט אַזוי לעבעדיק ווי די ביימער אין זומער. ס׳איז געווען אַ בילד פֿון אויסערגעוויינטלעכער שיינקייט. און דערנאָך, ווען די זון האָט אַרויסגעשײַנט. אָ! ווי ליכטיק און פֿינקלדיק, אַזוי ווי מע וואָלט גאַנצע שטיקער לאַנד באַשאָטן מיט דימענטן־שטויב, ווי גרויסע בריליאַנטן וואָלטן געלויכטן. אַלץ האָט אויסגעזען ווי טויזנטער קליינינקע ליכטעלעך וואָלטן אַרויסגעשטראַלט קלאָרער ווי דער קלאָרער שניי.

„דאָס איז דאָס שענסטע בילד וואָס איך האָב ווען עס איז געזען״, האָט געזאָגט אַ יונג מיידל. זי און אַ יונגער־מאַן זײַנען נאָר וואָס געווען אַרײַנגעקומען פֿון גאָרטן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם פּעטער שנייער און זיך פֿאַרקוקט אויף די פֿינקלדיקע ביימער.

„קיין שענערס קען מען אַפֿילו אין זומער ניט זען״, האָט זי אויסגערופֿן און אירע אויגן האָבן זיך צעשטראַלט.

„און אַזאַ בחור ווי דער דאָזיקער וועסטו אויך קיין מאָל ניט זען אין זומער״, האָט דער יונגער־מאַן געזאָגט און אָנגעוויזן אויפֿן פּעטער שנייער. „ער איז פּשוט אַ וווּנדער״.

דאָס מיידל האָט זיך צעלאַכט און אָפּנייגנדיק זיך צום פּעטער שנייער איז זי אַוועק מיט איר פֿרײַנד טאַנצנדיק איבערן שניי, וועלכער האָט געסקריפּעט אַזוי ווי קראָכמאַל.

„ווער זײַנען זיי געווען, אָט יענעביידע?" האָט פּעטער שנייער געפּרעגט בײַם הונט. „דו ביסט שוין דאָ אין הויף אַ לענגערע צײַט פֿון מיר. דו דאַרפֿסט זיי קענען".

„איך קען זיי גוט!" האָט דער הונט גענענטפֿערט. „זי גלעט מיך אַ מאָל און ער האָט מיר צוגעוואָרפֿן אַ ביין. זיי בײַס איך קיין מאָל ניט".

„אָבער וואָס טוען זיי דאָ?" האָט פּעטער שנייער געפּרעגט.

„זיי זײַנען פֿאַרליבטע. זיי וועלן זיך באַלד אַרײַנציִען אין אַן אייגן בײַדל און צוזאַמען גריזשען אַ ביין! אַוועק! אַוועק!"

„זײַנען זיי ביידע אַזוי וויכטיק ווי איך און דו?" האָט פּעטער שנייער געפּרעגט.

„זיי גייען דאָ צו די באַלעבאַטים", האָט דער הונט געענטפֿערט. „עס איז טאַקע צו באַוווּנדערן ווי ווינציק מענטשן ווייסן. ספּעציעל די וואָס זײַנען ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן. דאָס מערקט זיך אויף דיר! איך געפֿין זיך דאָ שוין לאַנג און ווייס אַלץ. איך קען יעדערן דאָ אין הויף. איך געדענק אַ צײַט ווען איך האָב ניט געדאַרפֿט שטיין אין דער קעלט אויף דער קייט. הוווּעק! הוווּעק!"

„די קעלט איז אַ מחיה", האָט פּעטער שנייער געזאָגט. „גיי שוין, גיי! דו קלינגסט מיט דער קייט. עס ווערט מיר ניט־גוט ווען דו טוסט אַזוי".

„הוווּעק! הוווּעק!" האָט דער הונט געבילט. „אַ פּודעלע בין איך אַ מאָל געווען. אַ שיין, קליין הינטעלע, אַזוי האָבן זיי מיך גערופֿן. יאָ! מיך געקושט אין נעזעלע. מײַנע פֿיסעלעך האָט מען אָפּגעווישט מיט אַ טײַער אויסגעהעפֿט נאָזטיכל. זיי האָבן מיך גערופֿן ‚קליינינקער, שיינינקער, קוצעניו־מוצעניו'. איך בין געזעסן אָדער אויף אַ סאַמעטענעם פֿאָטעל אָדער בײַ דער באַלעבאָסטע אויף דער שויס. אָבער ווען איך בין גרויס געוואָרן האָבן זיי מיך אָפּגעגעבן צום באַדינער און מיך אַראָפּגעפֿירט אין אונטערגאָרן. דו קענסט אַהין אַרײַנקוקן פֿון וואַנען

דו שטייסט. קוק נאָר אַראָפּ אין צימער ווו איך האָב געהערשעוועט. אונטן האָב איך געהערשעוועט איבערן באַדינער. איך ווייס, אַז דאָס איז אַ דערנידעריקונג געווען פֿאַר מיר. איך האָב זיך, אָבער, געפֿילט באַקוועם, געהאַט גוטע עסנס, אפֿשר אַפֿילו מער ווי פֿריִער. איך האָב געהאַט מײַן אייגן קישן און עס זײַנען ניט געווען קיין קינדער וואָס זאָלן מיך אַרומשלעפּן און אַרומיאָגן. דערצו האָט זיך דאָרט נאָך געפֿינען אַן אויוון, און בײַ דער איצטיקער צײַט איז דאָס די טײַערסטע זאַך אין דער וועלט. איך פֿלעג אַרונטערקריכן אונטער אים און זיך דאָרט באַהאַלטן. אָ! עס חלומט זיך מיר נאָך איצט וועגן דעם אויוון. הוווּעק! הוווּעק!"

„איז דער אויוון טאַקע אַזוי גוט?" האָט פּעטער שנייער געפֿרעגט.

„איז ער פונקט אַזוי ווי איך?"

„ער איז גאָר דער היפּוך פֿון דיר! ער איז קויל שוואַרץ, האָט אַ לאַנגן האַלדז מיט מעשענע רינגען. ער עסט האָלץ ביז פֿלאַמען רײַסן זיך אַרויס פֿון זײַן מויל. קענסט זיך אויפֿהאַלטן אַרום אים, אָדער שטיין נאָענט אָדער גאָר ליגן אונטערן אויוון. איך קען דיר גאָר ניט איבערגעבן דאָס ווונדערלעכע פֿאַרגעניגן פֿון דעם. דו קענסט אים זען דורכן פֿענצטער וואָס לעבן דעם שטייסטו".

פּעטער שנייער האָט אַ קוק געטאָן. ער האָט טאַקע געזען אַ שוואַרצע, גלאַנציקע, געשליַפֿטע זאַך מיט מעשענע רינגען. דער פֿײַער האָט אַרויסגעלויכטן פֿון אונטן. ער איז געוואָרן אין גאַנצן אַ פֿאַרענדערטער. ער האָט געהאַט אַזאַ געפֿיל וואָס ער האָט עס אַליין ניט געקענט דערקלערן.

עס איז אים עפּעס אַזוינס באַפֿאַלן, וואָס ער האָט עס קיין מאָל פֿריִער ניט געפֿילט. אַלע בשׂר־ודמס האָבן דאָס דורכגעמאַכט, ווײַל זיי זײַנען ניט געמאַכט פֿון שניי.

„און פֿאַר וואָס האָסטו זי איבערגעלאָזט?" האָט פּעטער שנייער געפֿרעגט. ער'ט געפֿילט, אַז אַזאַ זאַך מוז זײַן פֿון דעם ווײַבלעכן מין. „ווי אַזוי פֿאַרלאָזט מען אַזאַ גוט אָרט?"

„איך האָב עס געמוזט טאָן", האָט דער הונט געענטפֿערט. „זיי האָבן מיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון הויז און מיך אײַנגעצאַמט מיט אַ קייט, ווײַל איך האָב אַ ביס געטאָן דעם פּריצעס זינדל אין פֿוס, דערפֿאַר וואָס ער האָט אַוועקגעבריקעט דעם ביין וואָס איך האָב געהאַלטן אין מיטן גריזשען; אַ ביין פֿאַר אַ ביין, האָב איך זיך געטראַכט! אָבער די אין הויף האָבן דאָס אַנדערש באַנומען. פֿון דעמאָלט אָן מוז איך זײַן אַ געקייטלטער. איך האָב שוין פֿאַרלוירן מײַן קלאָרע שטים. הער ווי הייזעריק איך בין: הוּוועק! און דאָס איז דער סוף".

פּעטער שנייער האָט זיך מער ניט צו אים צוגעהערט. ער האָט נאָר בסוד געקוקט אינעם באַדינערס קעלערשטוב ווו דער אויוון אויף פֿיר אײַזערנע פֿיס איז געשטאַנען, אַ גרויסע זאַך וואָס האָט אויסגעזען כּמעט אַזוי גרויס ווי ער.

„עפּעס קנאַקט אַזוי מאָדנע אין מיר", האָט ער געזאָגט צו זיך. „וועל איך טאַקע קיין מאָל ניט אַראָפּגיין אַהין? עס איז אַן אומשולדיקער פֿאַרלאַנג, און אונדזערע אומשולדיקע פֿאַרלאַנגען דאַרפֿן דערפֿילט ווערן. דאָס איז מײַן העכסטער פֿאַרלאַנג און מײַן איינציקער פֿאַרלאַנג. עס וואָלט כּמעט געווען אַן אומרעכט ווען ער זאָל ניט מקוים ווערן. איך מוז אַרײַנגיין און מוז זיך אָנשפּאַרן אין איר, אַפֿילו אויב איך זאָל דאַרפֿן דורכברעכן דעם פֿענצטער".

„דו וועסט אַהין קיין מאָל ניט אַרײַנקומען", האָט דער הונט געזאָגט, „און אויב דו קומסט יאָ אַרײַן אַהין, איז מיט דיר אַן עק! אַן עק! עס וועט פֿון דיר נאָר וואַסער ווערן".

„עס איז מיט מיר אַזוי גוט ווי אַן עק", האָט פּעטער שנייער געזאָגט. „איך האָב מורא, אַז איך צעפֿאַל זיך".

אַ גאַנצן טאָג איז פֿעטער שנייער געשטאַנען און האָט געקוקט אין פֿענצטער אַרײַן. בין־השמשות איז די שטוב געוואָרן נאָך מער צוציִענדיק. דער אויוון האָט געלויכטן אַזוי מחיהדיק, בעסער ווי די זון און די לבֿנה. ווען נאָר ס'האָט זיך געעפֿנט דאָס טירל פֿון אויוון האָט אַרויסגעשלאָגן אַ פֿלאַם פֿײַער. ער האָט געהאַט אַזאַ געווײנטשאַפֿט. דעם פֿעטער שנייערס ווײַס פּנים פֿלעגט רויט ווערן פֿונעם פֿלאַם, און אַ רויטע ליכט פֿלעגט אויך באַגיסן זײַן ברוסט.

„מער האַלט איך ניט אויס", האָט ער געזאָגט. „ווי שיין זי זעט אויס ווען זי שטעקט אַרויס איר צונג".

די נאַכט איז געווען אַזאַ לאַנגע, אָבער ניט פֿאַר דעם פֿעטער שנייער. ער איז געשטאַנען פֿאַרטראַכט אין זײַנע שיינע און טיפֿע געדאַנקען. די נאַכט איז, אָבער, געווען אַזוי קאַלט, אַז דער פֿעטער שנייער האָט אַזש געקנאַקט!

אין דער פֿרי זײַנען די פֿענצטער פֿון דער קעלערשטוב געווען פֿאַרלאָפֿן מיט פֿראָסט וואָס האָט געמאַכט אַזוינע וווּנדערלעכע בלומען, ווי נאָר אַ פֿעטער שנייער האָט זיך געקענט ווינטשן. זיי האָבן, אָבער, פֿאַרשטעלט דעם אויוון. דער פֿראָסט אויף די שויבן האָט זיך ניט געוואָלט צעגיין, האָט ער גאָרניט געקענט זען. דער פֿראָסט האָט געקנאַקט און געקלאָגט. עס איז געווען אַזאַ וועטער פֿון וועלכן פֿעטער שנייער וואָלט געקענט גרויס הנאה האָבן. עס איז אים, אָבער, ניט אָנגעגאַנגען. ער וואָלט געקענט און געדאַרפֿט זיך פֿילן גאָר גליקלעך, אָבער גליקלעך איז ער ניט געווען. ער האָט געהאַט אויוון־נאָגעניש.

„עס איז אַ שלעכטע קרענק פֿאַר אַ פֿעטער שנייער", האָט דער הונט געזאָגט. „איך אַליין האָב אויך אַ מאָל געליטן פֿון דער דאָזיקער קרענק, אָבער איך בין דאָס שוין איבערגעקומען: הווּעק! הווּעק! איצט בײַט זיך דער וועטער".

און דער וועטער האָט זיך טאַקע געביטן. עס האָט אָנגעהויבן צעגיין דער שניי. און וואָס שטאַרקער עס האָט זיך צעלאָזט, אַלץ קלענער איז פֿעטער שנייער געוואָרן. ער האָט גאָרניט געזאָגט. ער האָט זיך ניט באַקלאָגט. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ זיכערער סימן.

אין איינעם אַ שיינעם פֿרימאָרגן איז ער אין גאַנצן איַינגעפֿאַלן. עפּעס אַ שטעקן פֿון אַ בעזעם איז געבליבן שטיין אויף זיַין אָרט. דאָס האָבן די ייִנגלעך געהאַט געניצט אים אויפֿצושטעלן.

„איצט פֿאַרשטיי איך שוין וואָס ס'איז אים אַזוי ניט־גוט געווען", האָט דער הונט געזאָגט. „ער האָט געהאַט אַראָפּגעשלונגען אַ קאָטשערע. דאָס האָט עס אַזוי אינעווייניק ביַי אים געאַרבעט. איצט איז ער עס שוין איבערגעקומען. הווועק! הווועק!"

און באַלד איז דער ווינטער אויך געווען אַריבער.

„הווועק! הווועק," האָט דער הונט געבילט, וויַיל די מיידעלעך פֿון הויף האָבן געזונגען:

„פֿריש פּנים, יאַסמיניקל אַרויס.
הענג ווערבע דיַין וואָלן קליידל אויס.
קומט קוקאַווקע, טרילעכל, קומט און זינגט.
ס'איז סוף פֿעברואַר. דער פֿרילינג קלינגט!
מיט דער קוקאַווקע זינג איך קלאָר און ריין.
קוק זשע, ליבע זון. באַוויַיז זיך שוין".

און קיינער האָט וועגן פֿעטער שנייערן מער ניט געטראַכט.

# 30

# דער שנעק און דער רויזנקוסט

אַרום דעם גאָרטן איז געווען אַ צוים פֿון קוסטן מיט האָזענע ניסלעך: פֿון דער אַנדערער זײַט זײַנען געווען פֿעלדער און לאָנקעס ווו קי און שעפּסן האָבן זיך געפּיטערט. אָבער אין דער מיט גאָרטן איז געשטאַנען אַ בליִענדיקער רויזנקוסט. אונטער אים האָט געוווינט אַ שנעק וואָס האָט געהאַט זייער אַ סך אין זײַן מושל: טאַקע זיך אַליין.

„וואַרט נאָר ביז מײַן צײַט וועט קומען", האָט ער געזאָגט. „איך וועל אויפֿטאָן עפּעס מער ווי אַרויסגעבן בלומען און ניסלעך, און מער ווי געבן מילך, ווי די ניסנקוסטן, די קי און די שאָף טוען".

„איך ריכט זיך אויף זייער אַ סך פֿון דיר", האָט דער רויזנקוסט אים געענטפֿערט. „מעג איך דיך פֿרעגן ווען דאָס וועט קומען?"

„איך האָב צײַט", האָט דער שנעק געזאָגט. „דו ביסט שטענדיק אין אײַלעניש. קענסט קיינעם ניט אויפֿהײַטערן אַזוי".

דאָס צווייטע יאָר האָט דער שנעק זיך געפֿונען כּמעט אויפֿן זעלביקן אָרט, אין זונענשײַן אונטער דעם רויזנקוסט. דער קוסט האָט אַרויסגעלאָזט קנאָפּסן וואָס האָבן זיך צעלאָזט אין רויזן, תּמיד פֿריש און תּמיד נײַ. דער שנעק איז אַרויסגעקראָכן אַ האַלבן וועג פֿון זײַן מושל, האָט אויסגעשטרעקט זײַנע הערנער און האָט זיי צוריק אַרײַנגעצויגן.

אַלץ זעט אויס פּונקט ווי פֿאַראַיאָרן! עס איז גאָר קיין פֿאַרבעסערונג ניט פֿאָרגעקומען. דער רויזנקוסט גיט אַרויס רויזן און גאָר, האָט דער שנעק געטראַכט.

דער זומער איז אַוועק. דער האַרבסט איז אַוועק. דער רויזנקוסט האָט אַרויסגעלאָזט קנאָפּסן און בלומען ביז אַ שניי איז געפֿאַלן, און דער וועטער איז געוואָרן רוי און נאַס. דעמאָלט האָט דער רויזנקוסט אַראָפּגעבויגן זײַן קאָפּ און דער שנעק איז אַרײַנגעקראָכן אין דער ערד.

אַ נײַ יאָר איז געקומען: די רויזן זײַנען אַרויס און דער שנעק איז אויך אַרויס.

„איצט ביסטו שוין אַן אַלטער רויזנקוסט", האָט דער שנעק געזאָגט. „דו מוזסט זיך אונטעראײַלן אויסצוגיין. דו האָסט שוין אָפּגעגעבן דער וועלט אַלץ וואָס דו האָסט געהאַט אין זיך. צי דאָס מיינט עפּעס איז אַ פֿראַגע וואָס וועגן איר האָב איך איצט ניט קיין צײַט צו טראַכטן, אָבער עס איז קלאָר און פּשוט, אַז דו האָסט גאָרניט געטאָן פֿאַר דײַן אייגענער פֿאַרבעסערונג. ווײַל ווען יאָ, וואָלטסטו עפּעס אַנדערש אַרויסגעגעבן. קענסטו זיך מיט עפּעס פֿאַרטיידיקן? עס ווערט דאָך שוין פֿון דיר אַ הוילער שטעקן. פֿאַרשטייסטו וואָס איך רעד צו דיר?"

„דו האָסט מיך איבערגעשראָקן", האָט דער רויזנקוסט אויסגערופֿן. „וועגן דעם האָב איך זיך קיין מאָל ניט פֿאַרטראַכט".

„דו האָסט זיך קיין מאָל ניט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון פֿאַר וואָס דו האָסט געבליט און ווי אַזוי עס גייט מיט דער בליִונג צו, און פֿאַר וואָס פּונקט אַזוי און ניט אַנדערש?"

„ניין", האָט דער רויזנקוסט געזאָגט. „איך בלי מיט פֿרייד, ווײַל איך קען אַנדערש ניט טאָן. די זון האָט געשײַנט און מיך געוואַרעמט און די לופֿט האָט מיך דערפֿרישט. איך האָב געטרונקען דעם קלאָרן טוי און דעם פֿאַרשטאַרקנדיקן רעגן. איך האָב געאָטעמט און געלעבט! איך האָב באַקומען כּוח פֿון דער ערד און כּוח פֿון אויבן, און עס האָט מיך אָנגענומען מיט נײַער לוסט און גרויסער פֿרייד: דערפֿאַר מוז איך תּמיד בליִען. דאָס איז געווען מײַן גאַנץ לעבן. אַנדערש האָב איך ניט געקענט טאָן".

„דו האָסט געפֿירט זייער אַ גרינג לעבן“, האָט דער שנעק געזאָגט.

„זיכער! אַלץ איז מיר געגעבן געוואָרן“, האָט דער רויזנקוסט געזאָגט, „אָבער דו האָסט באַקומען נאָך מער ווי דאָס! דו האָסט זייער אַ טיף דענקענדיקע נאַטור און אַזאַ טיפֿע אינטעליגענץ, וואָס די וועלט וועט באַוווּנדערן“.

„דאָס וויל איך בשום־אופֿן ניט“, האָט דער שנעק געזאָגט. „די וועלט גייט מיך אין גאַנצן ניט אָן. וואָס האָב איך מיט דער וועלט צו טאָן? איך בין גענוג פֿאַרנומען מיט זיך אַליין און נאָר מיט זיך אַליין“.

„אָבער זאָלן מיר ניט אַלע דאָ, אויף דער ערד, געבן דאָס בעסטע וואָס מיר פֿאַרמאָגן צו אַנדערע און אָפּגעבן וויפֿל מיר קענען נאָר? אמת, איך האָב געגעבן נאָר רויזן! אָבער דו? דו פֿאַרמאָגסט אַזוי פֿיל! וואָס האָסטו געגעבן דער וועלט? און וואָס טראַכטסטו צו געבן?“

„וואָס איך האָב געגעבן דער וועלט? און וואָס איך טראַכט צו געבן? איך שפּײַ אויף איר. זי איז בײַ מיר גאָרניט ווערט. זי גייט מיך גאָר ניט אָן. דו ברענגסט אַרויס דײַנע רויזן. דו קענסט בעסערס ווי דאָס ניט טאָן. לאָזן די ניסנקוסטן געבן ניסלעך, די קי און שאָף געבן מילך: זיי האָבן יעדערער זייער עולם. איך האָב מײַנעם – אין זיך אַליין, איך קריך אַרײַן אין זיך און דאָרט פֿאַרבלײַב איך. די וועלט גייט מיך אין גאַנצן ניט אָן“.

און אַזוי רעדנדיק איז דער שנעק פֿאַרקראָכן צו זיך אין שטוב און האָט זיך דאָרטן פֿאַרריגלט.

„דאָס פֿאַרדריסט מיר זייער“, האָט דער רויזנקוסט געזאָגט. „מיט מײַן בעסטן ווילן קען איך ניט אַרײַנקריכן אין זיך. איך מוז תּמיד אַרויסשפּרינגען אין רויזן. זייערע בלעטער ווערן פֿאַרדאַרט, פֿאַלן אַראָפּ און פֿליִען אַוועק מיטן ווינט. אָבער איין מאָל האָב איך געזען ווי מ'האָט איינע פֿון די רויזן אַרײַנגעלייגט אין אַ הימענבוך, און ווי מ'האָט אַן אַנדערע פֿאַרשפּיליעט אויפֿן האַרץ פֿון אַ שיין, יונג מיידל,

און אַן אַנדערע האָבן די ליפּעלעך פֿון אַ קליין קינד מיט לעבנסלוסט און פֿרייד געקושט. דאָס האָט מיר צוגעגעבן חיות. עס איז געווען אַן אמתע ברכה פֿאַר מיר. די זײַנען די זאַכן וואָס איך געדענק, מײַן לעבן".

און דער רויזנקוסט האָט גלײַכגילטיק געבליט, ווי אַלע מאָל, בעת דער שנעק האָט געפֿוילט בײַ זיך אין הויז. די וועלט איז אים ניט אָנגעגאַנגען.

יאָרן זײַנען פֿאַרבײַ.

דער שנעק איז געוואָרן ערד אין דער ערד, דער רויזנקוסט אויך. אַפֿילו די אָנדענקרויז אינעם הימענבוך איז פֿאַרוועלקט געוואָרן. אָבער אין גאָרטן בליִען נײַע רויזנקוסטן, און עס זײַנען דאָ נײַע שנעקן, וואָס קריכן אַרײַן אין זייערע הײַזער און שפּײַען אויף דער וועלט, ווײַל די וועלט גייט זיי ניט אָן.

זאָלן מיר די מעשׂה נאָך אַ מאָל איבערלייענען? זי וועט אַנדערש ניט זײַן.

# 31
# דער זילבערנער שילינג

ס איז געווען אַ מאָל אַ שילינג וואָס איז בלאַנקענדיק אַרויס פֿון מינץ מיט קלונג און שפּרונג. „הוראַ! איצט וועל איך זיך אַרויסלאָזן אין דער ברייטער וועלט”. און אַזוי האָט פּאַסירט.

אַ קינד האָט אים געהאַלטן פֿעסט אין זײַנע וואַרעמע הענטעלעך און דער קמצן אין זײַנע קאַלטע, פֿײַכטע הענט: דער עלטערער מענטש האָט אים איבערגעקערט און איבערגעדרייט, ווער ווייסט וויפֿל מאָל. דער יונגער־מאַן האָט אים שנעל אַרויסגעלאָזט פֿון די הענט. דער שילינג איז געווען פֿון זילבער און האָט פֿאַרמאָגט ווינציק קופּער אין זיך. ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ גאַנצן קנאַקער, ווײַל ער איז שוין אַ גאַנץ יאָר געווען אויף דער וועלט, דאָס הייסט אין דעם לאַנד וווּ מע האָט אים געמינצט. אָבער איצט האָט ער געהאַלטן בײַ אַרויסלאָזן זיך אויף אַ נסיעה מיט אַ רײַכן מאַן איבער פֿרעמדע לענדער. דאָס איז געווען די לעצטע מטבע פֿון זײַן מדינה, וואָס האָט זיך געהאַט פֿאַרוואַלגערט אין זײַן געלטבײַטל. דער פֿאָרנדיקער באַלעבאָס האָט אַליין ניט געוווּסט, אַז דער שילינג ליגט דאָרטן, ביז ער איז אים אומגעריכטערהייט אַרײַנגעפֿאַלן אין די פֿינגער.

„אָט האָב איך דאָך נאָך אַ היימישן שילינג, וואָס האָט געמאַכט מיט מיר אַ נסיעה”, האָט ער געזאָגט. און דער שילינג האָט זיך צעקלונגען און צעשפּרונגען פֿון פֿרייד ווען מע האָט אים צוריק אַרײַנגעלייגט אין בײַטל. דאָ האָט ער זיך געפֿונען מיט פֿרעמדע, וואָס זײַנען אַרײַן און אַרויס: איינער האָט געמאַכט אָרט פֿאַרן צווייטן, אָבער דער

היימישער שילינג איז געבליבן ליגן, אַ סימן פֿון אויסצייכענונג.

עטלעכע וואָכן זײַנען אַריבער און דער שילינג איז שוין געווען ווײַט אין דער וועלט, ניט וויסנדיק אַפֿילו ווו ער געפֿינט זיך. ער האָט געהערט פֿון אַנדערע מטבעות, אַז זיי זײַנען פֿראַנצייזישע און איטאַליענישע. איינע האָט געזאָגט, אַז זיי זײַנען אין דער שטאָט; די אַנדערע האָט געזאָגט, אַז זיי זײַנען אין אַן אַנדער שטאָט. דער שילינג, אָבער, האָט זיך דאָס גאָר ניט געקענט פֿאָרשטעלן. מע קען ניט זען די וועלט ווען מע ליגט תּמיד אין אַ בײַטל, און דאָרט האָט ער זיך טאַקע געפֿונען.

נאָר אַזוי ליגנדיק האָט ער אין איינעם אַ שיינעם טאָג באַמערקט, אַז דער געלטבײַטל איז ניט צוגעמאַכט, האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער עפֿענונג אַ ביסל אַרויסצוקוקן פֿון דאָרט. ער האָט עס ניט געדאַרפֿט טאָן. ער איז, אָבער, געווען נײַגעריק, און דערפֿאַר באַצאָלט מען טײַער. איצט האָט ער זיך אַרויסגעגליטשט און איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער הויזן־קעשענע. אין אָוונט האָט מען דעם בײַטל אַוועקגעלייגט אויף אַ זײַט, איז דער שילינג געבליבן דאָרט ווו ער איז אַרײַנגעפֿאַלן און מע האָט אים צוזאַמען מיט די קליידער אַוועקגענומען. פֿון דער קעשענע איז ער אַרויסגעפֿאַלן אויפֿן דיל. קיינער האָט עס ניט געהערט, קיינער האָט עס ניט געזען.

אין דער פֿרי האָט מען די קליידער צוריק אַרײַנגעבראַכט אין צימער. דער באַלעבאָס האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועקגעפֿאָרן. דער שילינג איז, אָבער, פֿאַרבליבן. מע האָט אים געפֿונען און זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט אים, און ער איז אַרויס מיט נאָך דרײַ אַנדערע מטבעות.

עס איז דאָך אַ פֿאַרגעניגן צו באַקוקן די וועלט, האָט דער שילינג געטראַכט. מע באַקענט זיך מיט אַנדערע מענטשן, מיט אַנדערע מנהגים.

„וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שילינג?" האָט מען געהאַלטן אין איין איבערחזרן. „דאָס איז ניט איינע פֿון אונדזערע מטבעות. זי טויג ניט. זי איז אַ פֿאַלשע".

איצט הייבט זיך אָן דעם שילינגס געשיכטע, דערציילט פֿון אים אַליין. „'פֿאַלשע מטבע! טויג ניט!' דאָס נעמט מיך דורך", האָט דער שילינג געזאָגט. „איך ווייס, אַז איך בין פֿון גוטן זילבער, האָב אַ גוטן קלונג און בין ריכטיק געמינצט. עס מוז זיכער זײַן אַ טעות. מיך קענען זיי דאָס זיכער ניט מיינען! אָבער מיך מיינען זיי דאָך. מיך רופֿן זיי דאָך 'פֿאַלשע מטבע'. איך טויג ניט! זיי זאָגן, אַז מע מוז פֿון מיר פּטור ווערן אין דער פֿינצטער, און זיי האָבן מיך באַליידיקט. בײַ טאָג: 'פֿאַלש! טויג ניט! מע דאַרף זען פֿון דעם פּטור ווערן'".

און דער שילינג האָט געציטערט צווישן די פֿינגער יעדעס מאָל ווען מע האָט אים געוואָלט אַרויסגעבן ווי אַ קוראַנטע מטבע.

„אָרעמער שילינג וואָס איך בין! וואָס טויג מיר מײַן זילבער, מײַן ווערדע, מײַן מינץ, אַז דאָס מיינט אַלץ גאָרניט? מ'איז פֿאַר דער וועלט דאָס וואָס די וועלט גלייבט וועגן דיר. עס איז שרעקלעך צו האָבן אַזאַ זאַך ליגן אויפֿן געוויסן און צו קריכן אויף שלעכטע וועגן. איך, וואָס איך בין אין גאַנצן אומשולדיק, קען זיך פֿילן אַזוי שלעכט, ווײַל מע מיינט, אַז איך בין יאָ שולדיק. יעדעס מאָל וואָס מע נעמט מיך אַרויס, ציטער איך פֿאַר די אויגן וואָס וועלן מיך אָנקוקן. איך ווייס, אַז מע וועט מיך ניט נעמען און מיך אַ וואָרף טאָן אויפֿן טיש, ווי איך וואָלט געווען אַ ליגנער און אַ באַטריגער.

„איין מאָל בין איך אָנגעקומען צו אַן אַלטער, אָרעמער פֿרוי. זי האָט מיך באַקומען פֿאַר אַ טאָג שווערער אַרבעט, פֿאַר ראַמען און שײַערן. זי האָט, אָבער, פֿון מיר ניט געקענט פּטור ווערן. קיינער האָט מיך ניט געוואָלט נעמען. איך בין געוואָרן פֿאַר איר אַ גרויס אומגליק.

„'איך װעל מוזן מיט דעם אימיצן אָפּנאַרן', האָט זי געזאָגט. 'איך װעל ניט האַלטן קיין פֿאַלשן שילינג. דער רײַכער בעקער מעג אים האָבן. עס װעט אים ניט אַזוי שאַטן. עס איז, אָבער, ניט ריכטיק אַזוי צו טאָן'.

„אוי, און איך מוז ליגן שװער אויף דער אָרעמער פֿרויס געװיסן", האָט דער שילינג אָפּגעזיפֿצט. „בין איך שוין טאַקע אַזוי פֿאַרענדערט געװאָרן אויף דער עלטער?

„און די פֿרוי איז אַװעק צום רײַכן בעקער. ער האָט, אָבער, גוט פֿאַרשטאַנען װעלכע שילינגען ס'זײַנען גײַיקע. איך בין נאָך אַ מאָל ניט אָנגענומען געװאָרן. ער האָט מיך אַ שמיץ געטאָן אין דער פֿרויס פּנים, און זי איז אַװעק אָן ברויט. דאָס האַרץ האָט מיר װיי געטאָן װיסנדיק, אַז צוליב מיר זאָלן אַנדערע דאַרפֿן אַזוי פֿיל לײַדן. איך, װאָס אין די יונגע יאָרן בין געװען אַזוי שטאָלץ און זיכער און אַזוי איבערגעצײַגט מיט מײַן װערדע און מיט מײַן מינצונג. איך בין געװוען אַזוי מעלאַנכאָליש װי נאָר אַ בידנער שילינג קען װערן. נאָר אַזוי װי קיינער האָט מיך ניט געװאָלט נעמען, האָט די פֿרוי מיך צוריק געבראַכט אַהיים און מיך מיט ליבלעכע אויגן גוט באַטראַכט. 'ניין, איך װעל קיינעם ניט נאַרן מיט דיר', האָט זי געזאָגט. 'איך װעל דורכהאַקן אַ לאָך דורך דיר כּדי אַלע זאָלן װיסן, אַז דו ביסט אַ פֿאַלשע זאַך. און דאָך. . . אפֿשר ביסטו אַ מזלדיקער שילינג? דאָס גלייב איך טאַקע! דער געדאַנק איז מיר נאָר װאָס אײַנגעפֿאַלן. איך װעל דורכהאַקן אַ לאָך אין שילינג און דורכציִען אַ שנירל דורכן לאָך און װעל אים אָפּגעבן דעם שכנס קליינעם קינד צו טראָגן אויפֿן האַלדז װי אַ מזלדיקער שילינג'.

„און זי האָט דורכגעשלאָגן אַ לעכל דורך מיר. עס איז גאָר ניט אַזוי אָנגענעם דורכגעשלאָגן צו װערן. אָבער װען יענער מיינט גוטס צו טאָן, קען מען אַ סך אַריבערטראָגן. מע האָט מיר אַ שנירל

דורכגעצויגן, בין איך געוואָרן אַ מין מעדאַליאָן, און מע האָט מיך אָנגעטאָן אויפֿן קינדס האַלדז. דאָס קינד האָט מיר אַ שמייכל געטאָן, מיך אַ קוש געטאָן, און איך בין געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אויפֿן קינדס וואַרעמען, אומשולדיקן הערצל.

„אין דער פֿרי, ווען דעם קינדס מוטער האָט מיך אַרײַנגענומען אין אירע פֿינגער איז איר אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק, וואָס איך האָב גלײַך באַנומען. זי האָט גענומען אַ שערל און האָט איבערגעשניטן דעם שנירל.

„'אַ מזלדיקער שילינג!' האָט זי געזאָגט. 'דאָס וועלן מיר טאַקע איצט זען'. און זי האָט מיך אײַנגעטונקען אין עסיק ביז איך בין גרין געוואָרן. זי האָט פֿאַרקלעפּט דאָס לעכל אין מיר. און אַרום בין־השמשות איז זי מיט מיר אַוועק צום לאָטעריע־פֿאַרקויפֿער צו נעמען אַ לאָטעריע־צעטל, וואָס זאָל איר ברענגען גליק.

„אַך, ווי שלעכט איך האָב זיך געפֿילט. עס האָט מיך אַזוי פֿאַרקלעמט, נאָר צוזאַמענצוברעכן. איך האָב געוווּסט, אַז מע וועט מיך רופֿן פֿאַלשער און מיך צוריקשמײַסן אין דער פֿרויס פּנים. דער לאָטעריע־פֿאַרקויפֿער האָט מיך שווער געקוועטשט און געדריקט, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך וועל צעשפּאָלטן ווערן. מע האָט מיך שוין געהאַט אַזוי באַליידיקט, גערופֿן פֿאַלש און אַוועקגעוואָרפֿן. עס זײַנען דאָרטן געלעגן אַ סך שילינגען און מטבעות מיט אויפֿשריפֿטן און אָנווײַזונגען אויף זיי, וואָס זיי קענען אפֿשר שטאָלצירן דערמיט. איך בין זיי מוחל. עס זײַנען געווען אַזוי פֿיל מענטשן בײַם לאָטעריע־פֿאַרקויפֿער, און ער איז געווען שטאַרק פֿאַרנומען, און כּמעט אומבאַמערקט בין איך קלינגענדיק אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ שיפֿלאָד צווישן אַנדערע מטבעות.

„צי מײַן צעטל האָט עפּעס געוווּנען ווייס איך ניט, אָבער שוין אויפֿן צווייטן טאָג בין איך דערקענט געוואָרן פֿאַר אַ פֿאַלשער שילינג. מע האָט מיך אַוועקגעלייגט אין אַ זײַט און שפּעטער אַרויסגעשיקט

אָפּצונאַרן עמעצן אַנדערש – תּמיד אָפּצונאַרן. דאָס האָב איך שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן, איבער הויפּט ווײַל איך האָב געהאַט אַ ריין געוויסן. און מיט דעם בין איך זיכער.

„אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך בין איך אַזוי געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, פֿון שטוב צו שטוב, תּמיד באַליידיקט און תּמיד אומגעבעטן. קיינער האָט צו מיר ניט געהאַט קיין צוטרוי. איך האָב נאָך אַלץ געגלייבט אין זיך, אָבער זייער ווייניק שוין אין דער וועלט. דאָס איז פֿאַר מיר געווען זייער אַ שווערע צײַט.

„ענדלעך איז אָנגעקומען אַ פֿאָרער. האָט מען מיך אים געגעבן. ער איז געווען גענוג ערלעך מיך אָנצונעמען פֿאַר אַ קוראַנטער מטבע, אָבער איצט האָט ער מיך געוואָלט אויסגעבן. איך האָב, אָבער, גלײַך דערהערט: 'פֿאַלש! טויג ניט!'"

„'איך האָב דאָס אָנגענומען פֿאַר אַ גוטער מטבע'. ער האָט מיך גוט אָנגעקוקט און זײַן פּנים האָט זיך צעשטראַלט. קיינער האָט נאָך אַזוי ליבלעך אויף מיר ניט געקוקט. 'וואָס איז דאָס?' האָט ער אויסגערופֿן. 'דאָס איז דאָך אונזערס אַ מטבע. אַ גוטער, אמתער שילינג פֿון דער היים. און מע האָט אים דורכגעהאַקט אַ לעכל און אים געמאַכט פֿאַר אַ פֿאַלשן. דאָס איז אַ מאָדנער צופֿאַל! איך וועל אים אָפּהיטן און מיטנעמען מיט זיך אַהיים'.

„אַ פֿרייד איז מיר דורכגעגאַנגען. מע רופֿט מיך אַ גוטער אמתער שילינג און נעמט מיך אַהיים, ווו יעדער איינער קען מיך און ווייסט, אַז איך בין פֿון עכטן זילבער און גוט געמינצט.

„איך וואָלט געקענט אַרויסלאָזן פֿונקען פֿאַר פֿרייד, אָבער עס ליגט ניט אין מײַן נאַטור צו פֿינקלען. דאָס טוט שטאָל, אָבער ניט זילבער. מע האָט מיך אײַנגעוויקלט אין דין, ווײַס פּאַפּיר, כּדי איך זאָל ניט אויסגעמישט ווערן מיט אַנדער מטבעות, און מע זאָל מיך

ניט אויסגעבן.

„און אַ מאָל אין אַ יום־טובֿ, צו אַ געלעגנהייט, ווען לאַנדסלײַט קומען זיך צוזאַמען, פֿלעגט מען מיך ווײַזן און לויבן. זיי האָבן געזאָגט, אַז איך בין אינטערעסאַנט. דאָס איז מערקווערדיק ווי מע קען זײַן אינטערעסאַנט אַפֿילו ניט אויסרעדנדיק קיין איינציק וואָרט!

„און אַזוי בין איך אָנגעקומען אַהיים! אַלע מײַנע צרות האָבן זיך געענדיקט. אַ פֿריילעך לעבן האָט זיך פֿאַר מיר אָנגעהויבן. איך בין טאַקע פֿון גוטן זילבער. איך בין אויך ריכטיק געמינצט, און מער האָב איך שוין קיין אומאָנגענעמלעכקייטן ניט געהאַט. מע האָט דורכגעשלאָגן אַ לאָך דורך מיר ווי אַ פֿאַלשן, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. ווען מ׳איז אין אמתן ניט פֿאַלש, קען מען דאָס אויך אַריבערטראָגן. מיט דער צײַט ווערט אַלץ צו רעכט.

„אַזוי גלייב איך", האָט דער שילינג געזאָגט.

# 32
# דאָס שניי־גלעקל


ס איז ווינטער געווען: די לופֿט איז געווען קאַלט און דער ווינט שאַרף, אָבער אינעווייניק אין שטוב איז געווען היימיש און וואַרעם. אינעווייניק, הינטער אַ פֿאַרמאַכטער טיר, איז געלעגן אַ בלום אײַנגעהילט אין איר ציבעלע אונטער דער שניי־באַדעקטער ערד.

איין טאָג האָט גערעגנט. טראָפּנס וואַסער האָבן דורכגעדרונגען דעם שניי־דעק ביז צו דער ערד און אָנגערירט די בלומען־ציבעלע און איר דערציילט פֿון דער ליכטיקער וועלט אויבן. באַלד האָט אַ זונענשטראַל, דין און שאַרף, דורכגעשניטן דעם שניי ביז צו דער פֿאַרמאַכטער בלומען־ציבעלע און האָט זי געגלעט. ניט לאַנג נאָך דעם האָט זיך עפּעס אין דער ציבעלע אָנגעהויבן צו רירן.

„קום אַרײַן", האָט דאָס בלימל געזאָגט.

„ איך קען ניט", האָט דער שטראַל געענטפֿערט. „איך בין נאָך ניט גענוג שטאַרק אויפֿצועפֿענען די טיר. איך וועל ווערן שטאַרקער ווען דער זומער וועט קומען".

„ווען וועט זײַן זומער?" האָט געפֿרעגט דאָס בלימל און האָט ווידער געפֿרעגט ווען נאָר אַ זונענשטראַל איז דורכגעדרונגען. עס איז, אָבער, נאָך געווען ווײַט צו זומער. דער שניי איז נאָך געלעגן אויף דער ערד, און יעדע נאַכט האָט אײַז באַדעקט דאָס וואַסער.

„ווי לאַנג נאָך? ווי לאַנג נאָך?" האָט געפֿרעגט דאָס בלימל. „איך פֿיל אין זיך אַ ווייען און אַ דרייען. איך וואָלט זיך געוואָלט אויסציִען,

זיך אויסשפּרייטן, זיך אויפֿעפֿענען. איך וויל אַרויסגיין און זאָגן גוט־מאָרגן דעם זומער. דאָס וועט זײַן פֿאַר מיר די פֿריילעכסטע צײַט".

און דאָס בלימל האָט זיך געהויבן און געצויגן אינעווייניק אונטער דעם דינעם שאָלעכל וואָס איז ווייך געוואָרן פֿון וואַסער, וואָס איז געווען אויסגעוואַרעמט פֿון דעם שניי און דער ערד און געגלעט געוואָרן פֿון דעם זונענשטראַל. די בלום האָט געגעבן אַ שיס אַרויס פֿון אונטער דעם שניי, מיט אַ ווײַס־גרינעם קנאָספּ אויף אַ גרין שטענגל, מיט שמאָלע גראָבע בלעטלעך וואָס האָבן זיך געקרײַזלט אַרום דעם בלימל. דער שניי איז געווען קאַלט, אָבער ער איז דורכגעדרונגען געוואָרן פֿון דעם זונענשטראַל, איז שוין געווען גרינגער, ווײַל דער זונענשטראַל איז שטאַרקער און מעכטיקער געווען ווי פֿריִער.

„ברוך־הבאָ! ברוך־הבאָ!" האָט געזונגען און געקלונגען יעדער שטראַל. און די בלום האָט זיך אויפֿגעהויבן איבער דעם שניי אין אַ וועלט פֿון ליכט. דער זונענשטראַל האָט זי געקושט און געצערטלט ביז זי האָט זיך אין גאַנצן צעעפֿנט, אַ ווײַסע ווי שניי, אַ באַפּוצטע מיט גרינע פּאַסן. זי האָט אײַנגעבויגן איר קאָפּ אין פֿרייד און עניוות.

„פּראַכטיקע בלום", האָט דער זונענשטראַל זיך צעזונגען. „ווי פֿריש דו ביסט און לויטער. דו ביסט די ערשטע און די איינציקע! דו ביסט אונדזער באַליבטסטע. דו קלינגסט אויס דעם זומער, דעם ליבלעכן זומער, איבער פֿעלד און שטאָט. אַלע שנייען וועלן זיך צעגיין און דער קאַלטער ווינט וועט פֿאַרטריבן ווערן! מיר וועלן רעגירן; אַלץ וועט גרינען. דעמאָלט וועסטו האָבן געזעלשאַפֿט – דעם בעז און דעם גאָלדרעגן, און צום סוף די רויזן. אָבער דו ביסט די ערשטע, אַזוי גראַציעז און דעליקאַט".

פֿאַרן בלימל איז עס אַ גרויסע פֿרייד געווען. ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז עס זינגט און קלינגט די לופֿט און ליכטיקע שטראַלן דרינגען דורך אירע בלעטלעך און שטענגל. און זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַזוי

צאַרט און ציטערדיק און דאָך קרעפֿטיק אין איר יוגנטלעכער פּראַכט. זי האָט זיך באַוויזן אין איר ווײַס קליידל מיט גרינע פּאַסן, כּדי דעם זומער צו פֿאַרלויבן. ס'איז, אָבער, נאָך געווען ווײַט צו זומער. וואָלקנס האָבן נאָך פֿון צײַט צו צײַט באַהאַלטן די זון און שאַרפֿע ווינטן האָבן אויף דעם בלימעלע געבלאָזן.

„דו ביסט אַ ביסל צו פֿרי געקומען", האָבן דער ווינט און דער וועטער איר געזאָגט. „מיר זײַנען נאָך צו שטאַרק, און דאָס וועט דיך טײַער קאָסטן. דו האָסט זיך נאָך געדאַרפֿט האַלטן פֿאַרמאַכט און ניט אַרויסלויפֿן אַ הוילע. עס איז נאָך ניט די צײַט דערצו!"

עס איז געווען אַ בײַסנדיקע קעלט! טעג זײַנען אָנגעקומען און קיין איין זונענשטראַל האָט זיך ניט באַוויזן. עס איז געווען אַזאַ פֿראָסט, אַז דאָס בלימל איז שיִער ניט אַ שטיקל אײַז געוואָרן. זי האָט, אָבער, אין זיך געהאַט כּוחות מער ווי זי אַליין האָט געוווּסט. זי איז געווען שטאַרק און גליקלעך מיט איר גלויבן אין זומער, אַז ער מוז שוין גאָר נאָענט זײַן. און דאָס האָט זי געפֿילט אין איר האַרץ. און די וואַרעמע זונענשטראַלן האָבן איר גלויבן באַשטעטיקט. דאָס בלימל איז דעריבער געשטאַנען אין איר ווײַס קליידל מיט געדולד און האָפֿענונג אין ווײַסן שניי און האָט אײַנגעבויגן איר קעפּל ווען אַ שווערער און שטאַרקער שניי איז געפֿאַלן און ווען אײַז קאַלטע ווינטן האָבן איבער איר געבלאָזן.

„ווערסט צעבראָכן ווערן", האָבן זיי געזאָגט. „קומסט אום אין דער קעלט. וואָס טוסטו דאָ אין דער קעלט? וואָס האָט דיך אַהער געצויגן? דער זונענשטראַל האָט דיך פֿאַרנאַרט. איצט האָסטו וואָס ס'קומט דיר, דו זומער־יעקל!"

„זומער־יעקל", האָט אָפּגעקלונגען אין דער קאַלטער פֿרימאָרגן־לופֿט. „זומער־יעקל", האָבן קינדער געזאָגט אַרײַנקומענדיק אין גאָרטן. „זעט נאָר ווי צאַרט און שיין איז די ערשטע און די איינציקע בלום".

און די דאָזיקע ווערטער האָבן דאָס בלימל אַ סך געמונטערט. זיי זײַנען אַזוי ווי וואַרעמע זונענשטראַלן פֿאַר איר געווען. אין איר פֿרייד האָט זי ניט באַמערקט, אַז מ'האָט זי גאָר אָפּגעריסן. זי איז געלעגן בײַ אַ קינד אין דער האַנט. אַ מײַלכל האָט זי געקושט. מ'האָט זי אַרײַנגעבראַכט אין אַ וואַרעמען צימער. ליבלעכע אויגן האָבן זי אָנגעקוקט. מ'האָט זי אין וואַסער אַרײַנגעטאָן. זי איז דערפֿרישט און פֿאַרשטאַרקט געוואָרן. דאָס בלימל האָט געמיינט, אַז עס איז איצט שוין מיטן זומער.

דאָס טעכטערל אין שטוב איז געווען אַ יונג, שיין מיידל, קוים דרײַצן יאָר אַלט. זי האָט געהאַט אַ יונגן פֿרײַנד אין דעם זעלביקן עלטער, וואָס האָט שטודירט צוליב פּרנסה. „ער וועט ווערן מײַן נאַר", האָט זי געזאָגט. זי האָט דאָס שיינע בלימל אַרײַנגעטאָן אין אַ שמעקעדיק שטיקל פּאַפּיר אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן אַ ליד וועגן אַ בלום וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן זומערנאַר און זיך אויסגעלאָזט מיטן זומערנאַר. „ליבער פֿרײַנד, זײַ מײַן ווינטערנאַר". זי האָט אים געשיקט מיטן זומער. און דאָס אַלץ איז טאַקע געווען אין דעם ליד. זי האָט דאָס פּאַפּירל צונויפֿגעלייגט ווי אַ בריוו און דאָס בלימל אַהין אַרײַנגעלייגט. עס איז דעם בלימל דאָרט געווען פֿינצטער, פֿינצטער אַזוי ווי ווען זי איז געלעגן אין איר פֿאַרמאַכטער ציבעלע. די בלום איז אַזוי אַרום אַרויס אויף אַ נסיעה, ליגנדיק צוזאַמענגעפּרעסט און צעקוועטשט אין דער פּאָסטטאַרבע. עס איז איר ניט געווען גאָר אײַנגענעם, אָבער אַ סוף איז אויך געקומען דערצו.

שוין אַריבער די נסיעה, און דער יונגער פֿרײַנד האָט דעם בריוו געעפֿנט און איבערגעלייענט. ער האָט זיך אַזוי דערפֿרייט, אַז ער האָט אַ קוש געטאָן דאָס בלימל און עס פֿאַרשלאָסן אין שופֿלאָד, ווו עס זײַנען געלעגן נאָך טײַערע בריוו, אָבער אָן בלומען אין זיי. און דאָ איז זי ווידער געווען די ערשטע, די איינציקע, ווי דער זונענשטראַל

האָט פֿריִער געהאַט אויסגערופֿן. און עס האָט איר זייער הנאה געטאָן פֿון דעם צו טראַכטן.

זי האָט געהאַט געננוג צײַט צו טראַכטן, און זי האָט געהאַלטן אין איין קלערן דורכן זומער און דורכן ווינטער, ביז נאָך אַ זומער איז געקומען. נאָר אָט לאָזט דער זומער זיך שוין אויס. דעם יונגן־מאַן איז אומעטיק געוואָרן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן די פּאַפּירן און אַ שמייכל געטאָן די פֿערזן אַזוי, אַז דאָס בלימל איז אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן דיל. זי איז געווען פֿאַרוויאַנעט און פֿאַרגעלט, אָבער דאָך האָט מען זי ניט געדאַרפֿט וואַרפֿן אויף דער ערד. און טאַקע נאָך אַלעמען איז געווען בעסער ווי צו ליגן אין פֿײַער מיט די אַנדערע ברענענדיקע בריוו און פֿערזן. וואָס האָט פּאַסירט? דאָס וואָס עס טרעפֿט זיך גאָר אָפֿט. דאָס בלימל האָט אים אָפּגענאַרט. עס איז אַלץ געווען אַ וויץ. דאָס יונגע מיידל האָט אים צום נאַר געמאַכט. און דאָס איז שוין ניט קיין געלעכטער. זי האָט דורכן זומער אַן אַנדער געליבטן זיך געהאַט אויסגעקליבן.

צו מאָרגן אין דער פֿרי האָט די זון אַרויפֿגעשײַנט אויף דעם קליינעם צעקוועטשטן זומערנאַר וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ געפֿאַרבטער פֿלעק אויפֿן דיל. דאָס דינסטמיידל, וואָס האָט אויפֿגעראַמט, האָט די בלום אויפֿגעהויבן און זי אַרײַנגעלייגט אין אַ בוך אויפֿן טיש. זי האָט געמיינט, אַז די בלום איז אַרויסגעפֿאַלן ווען זי האָט אויפֿגעראַמט און אַלץ אין אָרדענונג געברענגט. און ווידער איז דאָס בלימל געלעגן צווישן פֿערזן, געדרוקטע פֿערזן, און זיי האָבן אַ גרעסערן פֿאַרנעם ווי מיט דער האַנט געשריבענע. זיי קאָסטן כאָטש מער.

יאָרן זײַנען אַוועק. דאָס בוך איז געשטאַנען אויף דער פּאָליצע. צום סוף האָט מען עס אַרויסגענומען, געעפֿנט און געלייענט. עס איז געווען אַ גוט בוך: פֿערזן און לידער פֿון דעם דענישן דיכטער אַמברוסיוס שטוב, וואָס עס איז כּדאַי אים צו לייענען. דער מענטש

וואָס האָט עס געלייענט האָט איבערגעמישט אַ בלאַט. „אָט ליגט אַ בלום", האָט ער געזאָגט, „אַ שניי־גלעקל, אַ זומער־יעקל, אַ פּאָעט אַ נאַר! עס האָט עפּעס אַ באַטײַט דאָס וואָס זי ליגט דאָ. נעבעך, אַמברוסיוס שטוב איז אויך געווען אַ זומערנאַר, אַ פּאָעט אַ נאַר. ער איז געקומען צו פֿרי, פֿאַר זײַן צײַט. דעריבער האָט ער אָנגעטראָפֿן אויף שלעכטע וועטערן און שאַרפֿע ווינטן און האָט געמוזט אַרומגיין פֿון איין פּריץ צום אַנדערן. זיי האָבן זיך פֿרעזענטירט מיט אים, ווי ער וואָלט געווען אַ בלום אין אַ גלאָז, אַ בלום אין גראַמענדיקע סטראָפֿעס! אַ זומערנאַר, אַ ווינטערנאַר, פֿאַרווײַלונג און נאַרישקייט – און דאָך איז ער אויך געווען דער ערשטער ,דער איינציקער, דער פֿרישער דענישער פּאָעט פֿון זײַנע צײַטן. יאָ, ליג ווי אַ סימן אין בוך, דו קליינער זומערנאַר, דו ליגסט דאָרט מיט אַ באַטײַט".

און אַזוי איז דער זומער־יעקל ווידער געלעגן אין בוך מיט כּבֿוד און פֿאַרגעניגן, וויסנדיק, אַז דאָס ליגן דאָרטן אין אַ שיינעם לידערבוך מיינט עפּעס, און דער וואָס האָט געשריבן און געזונגען וועגן דער בלום איז אַליין אַ שניי־גלעקל, אַ זומערנאַר געווען, וואָס האָט זיך צום נאַר געמאַכט אין ווינטער. די בלום האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען אויף איר אופֿן, ווי מיר פֿאַרשטייען זאַכן אויף אונדזער אופֿן.

אָט דאָס איז דאָס מעשׂהלע וועגן אַ זומער־יעקל.

# 33

# די ווינטמיל

אויפֿן באַרג איז געשטאַנען אַ ווינטמיל, שטאַרק אָנזעעוודיק און שטאָלץ מיט זיך אַליין.

„איך בין גאָר ניט אַזוי שטאָלץ", האָט ער געזאָגט, „הגם איך בין שטאַרק באַלויכטן פֿון אינעווייניק און פֿון דרויסן. פֿון דרויסן האָב איך די זון און די לבֿנה. פֿון אינעווייניק האָב איך אויך ליכט: וועקסענע, חלבֿנע און אייִלענע דערצו. יאָ, איך מעג זאָגן, אַז איך בין באַלויכטן, אויפֿגעקלערט און איך קען טראַכטן. צו דעם אַלעמען בין איך אַזוי גוט אויסגעבויעט, אַז עס איז אַ פֿאַרגעניגן מיך אָנצוקוקן. איך האָב אַ גוטן ווינטרער אין מײַן ברוסט און איך האָב פֿיר פֿליגלען איבער מײַן קאָפּ, פּונקט אונטער מײַן היטל. אַפֿילו די פֿייגל האָבן נאָר צוויי פֿליגל און מוזן זיי טראָגן אויף די פּלייצעס. איך בין געבוירן געוואָרן אַ האָלענדער! מע קען דאָס דערקענען אויף מײַן פֿיגור – אַ פֿליִענדיקער האָלענדער! מענטשן זאָגן, אַז זיי זײַנען איבערנאַטירלעכע באַשעפֿענישן. איך ווייס דאָך, אַז איך בין גאַנץ נאַטירלעך. ס'איז פֿאַראַן אַ גאַלעריע אַרום מײַן ברוסטקאַסטן און אַ וווינונג פֿון אונטן; דאָרטן געפֿינען זיך מײַנע געדאַנקען, מײַן שׂכל, וואָס פֿירט און רעגירט, וואָס ווערט אָנגערופֿן בײַ אַנדערע: דער מילנער. ער ווייסט וואָס ער וויל. ער באַלעבאַטעוועט איבער דעם מעל און דעם האָבער; ער האָט, אָבער, אַ העלפֿער אויך, וואָס הייסט „די מוטער". זי איז מײַן אמתדיק האַרץ. זי לויפֿט ניט אַרום משוגענערווײַז; זי ווייסט וואָס זי וויל און וואָס זי קען טאָן. זי

איז ווייך ווי אַ זעפּירווינטל און שטאַרק ווי אײַזן. זי ווייסט ווי דורכצופֿירן אַ זאַך שׂכלדיק, פּונקט ווי זי פֿאַרשטייט. זי איז מײַן מילדע זײַט, און דער פֿאָטער איז מײַן שטאַרקע זײַט; זיי זײַנען צוויי און דאָך איינס. איינער רופֿט דעם צווייטן „מײַן בעסערע העלפֿט". די דאָזיקע צוויי האָבן קליינע, יונגע געדאַנקען וואָס ווען אויסוואַקסן. דאָס קליינוואַרג מאַכט אַ גרויסן טומל.

„יענעם טאָג האָב איך קלוג געטאָן. איך האָב געלאָזט דעם פֿאָטער און זײַנע אַרויסהעלפֿערס באַקוקן מײַן האַלדז און די לאָך אין מײַן ברוסטקאַסטן. איך האָב געוואָלט וויסן וואָס מיר פֿעלט, ווײַל עפּעס איז קאַליע געוואָרן, און ווען מ'איז ניט מיט אַלעמען איז בעסער, מע זאָל זיך לאָזן באַזוכן. דאָס יונגוואַרג האָט געמאַכט אַזאַ מין טומל, אַז עס איז מיר דערגאַנגען צום האַרצן, ווײַל איר דאַרפֿט וויסן, אַז אויף דעם באַרג וווּ איך שטיי בין איך שטאַרק אָנגעזען, און יעדערער פֿאַרלאָזט זיך אויף דעם. דער ייִנגסטער איז אַרויפֿגעשפּרונגען אין מײַן היטל אַרײַן און האָט געמאַכט אַזעלכע קולות, אַז עס האָט מיך אַזש געקיצלט. יאָ, איך ווייס, אַז די קליינע געדאַנקען ווען אויסוואַקסן. אַנדערע געדאַנקען קומען אויך אַרויס אויף דער וועלט, אָבער ניט אַלע זײַנען מײַן זגאַל, איך קוק זיך אַרום און קען ניט זען קיין אַנדערן אַזוי ווי איך. יענע ניט־באַפֿליגלטע הײַזער, וואָס קענען ניט מאַכן קיין קולות אין זייערע העלדזער, האָבן געדאַנקען אויך, און די דאָזיקע קומען אַ מאָל צו גאַסט צו מײַנע געדאַנקען און שפּילן זיך מיט זיי אין ליבע, ווי מענטשן רופֿן עס אָן. יאָ, עס איז זייער מאָדנע, אָבער עס זײַנען פֿאַראַן אַ סך מאָדנע זאַכן: עפּעס בין איך געוואָרן אַ פֿאַרביטענער, צי עפּעס האָט זיך געביטן אינעווייניק בײַ מיר: ס'איז עפּעס אַנדערש דאָ אין דער ווירקונג פֿון מיל. עס דאַכט זיך, אַז איין העלפֿט, דער פֿאָטער, איז געוואָרן בעסער און אָנשטענדיקער און אַ מער צוגעלאָזטער מאַן – יונג און גוט ווי פֿריִער, נאָר עפּעס צאַרטער

און פֿײַנער דורך דער צײַט. די פֿאַרביטערניש איז פֿאַרשוווּנדן, און אַלץ איז מער אײַנגענעם.

„די טעג זײַנען פֿאַרבײַ און אַנדערע טעג זײַנען געקומען. עס ווערט אַלע מאָל ליכטיקער און פֿרײלעכער. אָבער אַ מאָל וועט דער טאָג קומען ווען עס וועט זײַן אַ סוף פֿון מיר, אָבער ניט אין גאַנצן. איך וועל דאַרפֿן אַראָפּגעריסן ווערן, כּדי מע זאָל מיך קענען ווידער אויפֿבויען, נײַ און בעסער; איך וועל מער ניט זײַן, אָבער איך וועל נאָך לעבן! כ׳וועל ווערן עפּעס אַנדערש, אָבער דאָך בלײַבן די זעלביקע! דאָס איז מיר שווער צו באַנעמען. אַפֿילו באַלויכטן ווי איך בין מיט זון, לבֿנה, וואַקס, אײל און חלבֿ, איז עס מיר נאָך אַלץ שווער צו פֿאַרשטײן. מײַנע אַלטע ברעטלעך און ציגל וועלן זיך ווידער אויפֿהייבן פֿון שטויב!

„איך האָף, אַז איך וועל קענען אָנהאַלטן מײַנע אַלטע געדאַנקען: דעם מילנער, די מוטער, די גרויסע און די קליינע – די משפּחה, ווי איך רוף די גרויסע און די קליינע קאָמפּאַניע געדאַנקען, ווײַל איך קען אָן זיי ניט אויסקומען.

„און איך מוז זיך אויך אָנהאַלטן אין מײַן אידענטיטעט: מײַן האַלדז און מײַן ברוסטקאַסטן, מײַנע פֿליגלען אויפֿן קאָפּ; אַנדערש וואָלט איך זיך אַליין ניט דערקענט, און אַנדערע וואָלטן מיך אויך ניט דערקענט און וואָלטן געזאָגט: ׳אָט איז די מיל אויפֿן באַרג, אַ שטאָלץ זי אָנצוקוקן, און דאָך שטאָלצירט זי ניט מיט זיך אַליין׳”.

דאָס איז אַ טייל פֿון דעם וואָס די מיל האָט געזאָגט. זי האָט אַ סך מער זאָכן געזאָגט, אָבער דאָס איז דאָס וויכטיקסטע געווען.

טעג זײַנען געקומען און טעג זײַנען אַוועק. און נעכטן איז געווען דער לעצטער טאָג. אין מיל האָט אויסגעבראָכן אַ שׂרפֿה. די פֿלאַמען האָבן זיך געריסן אַרויף און געזעצט אַרויס און אַרײַן. זיי האָבן פֿאַרכאַפּט באַלקנס און פּלאַנקענס און האָבן זיי פֿאַרצערט. די

מיל איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, בלויז אַ בערגל אַש איז פֿאַרבליבן. אַ רויך האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון דעם זשאַר, און דער ווינט האָט אים אַוועקגעטראָגן.

וואָס עס האָט געלעבט פֿריִער אין מיל איז פֿאַרבליבן. ס'האָט קיינעם גאָר ניט געשאַט. אין דער אמתן איז זיי נאָך עפּעס צוגעקומען, אָבער דאָס האָט ניט קיין שײַכות צו דער מעשׂה.

דעם מילנערס משפּחה – איין נשמה, אַ סך געדאַנקען און דאָך איין געדאַנק – האָבן אַ נײַע, שיינע מיל אויפֿגעבויט, אַ מיל וואָס מיט איר האָבן זיי זיך געקענט שטאָלצירן. זי האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי ווי די אַלטע. „זעט נאָר", האָבן מענטשן געזאָגט וועגן דער מיל אויפֿן באַרג, „ס'אַ שטאָלץ זי אָנצוקוקן!"

די מיל איז, אָבער, בעסער געווען אײַנגעאָרדנט, מער צוגעפּאַסט צו די צײַטן ווי די פֿריִערדיקע, ווײַל אַלץ מוז גיין פֿאָרויס. די אַלטע ברעטער, וואָס זײַנען שוין געווען פֿײַכט און צעוווערעמט, זײַנען געלעגן אין שטויב און אַש. דאָס געבײַ פֿון מיל איז ניט אויסגעוואַקסן פֿון דעם שטויב, ווי זי האָט געגלייבט עס וועט זײַן. זי האָט גענומען די אידעע ווערטערלעך, און ניט אַלצדינג דאַרף מען ווערטערלעך אָננעמען.

# 34
# די בראָסקע


ער ברונעם איז געווען טיף, דער שטריק לאַנג. די ראָד האָט זיך געדרייט שווער, און עס האָט גענומען אַ סך מי איידער דער עמער וואַסער האָט דערגרייכט דעם ראַנד. די זון האָט ווײַט ניט געקענט אַרײַנקוקן אין וואַסער און אָפּשפּיגלען זיך, אָבער ווי ווײַט זי האָט געקענט אַרײַנשײַנען זײַנען גרינע גרעזעלעך געוואָקסן צווישן די שטיינער.

דאָרט האָט געוווינט אַ משפּחה בראָסקעס. זיי זײַנען געווען אײַנגעוואַנדערטע און האָבן אַלע אָפּגעשטאַמט פֿון דער אַלטער מוטער בראָסקע, וואָס איז אַ מאָל געהאַט אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם ברונעם. זי לעבט נאָך. די גרינע פֿרעש וואָס זײַנען אין וואַסער אומגעשווומען האָבן שוין פֿון לאַנג דאָ געמאַכט זייער היים, האָבן אָנערקענט זייערע שוועסטערקינדער און זיי גערופֿן „ברונעמגעסט”. זיי, די בראָסקעס, איז אין גאַנצן ניט אײַנגעפֿאַלן צו פֿאַרלאָזן דעם דאָזיקן פּלאַץ. דאָ, אויף דער „יבשה”, ווי זיי פֿלעגן רופֿן די נאַסע שטיינער, האָבן זיי זיך געפֿילט באַקוועם.

די אַלטע מוטער בראָסקע האָט אויך אַ מאָל געוואַנדערט. מע האָט זי אַ מאָל אַרויפֿגעצויגן אין אַן עמער וואַסער. זי האָט, אָבער, ניט געקענט פֿאַרנעמען די ליכט און האָט באַקומען אַ ווייטיק אין די אויגן. צום גליק איז זי מיט דער צײַט אַרויסגעשפּרונגען פֿון עמער און צוריק אַרײַנגעשפּרונגען אין ברונעם מיט אַזאַ פּליוסק, אַז זי איז אָפּגעלעגן דרײַ טעג מיט אַ ווייטיק אין רוקן. צו פֿיל האָט זי ניט געהאַט צו דערציילן פֿון דער העכערער וועלט, אָבער איין זאַך האָט

זי יאָ געוווּסט, און דאָס האָבן אַלע געוווּסט, אַז דער ברונעם איז ניט די גאַנצע וועלט. די מוטער בראָסקע וואָלט זיי אַפֿילו געקענט עפּעס דערציילן, נאָר זי האָט פּײַנט געהאַט צו ענטפֿערן אויף פֿראַגעס. דעריבער האָט מען זי מער ניט געפֿרעגט.

„אַזאַ מיאוסע, אײַנגעגעסענע זאַך. און פֿעט נאָך דערצו!" האָבן די יונגע גרינע פֿרעשלעך געזאָגט, „און איר קליינוואַרג איז ניט בעסער פֿון איר".

„אפֿשר אַזוי", האָט די מוטער בראָסקע געזאָגט, „אָבער איינער פֿון זיי האָט אַ בריליאַנט אין קאָפּ, און אַפֿשר האָב איך דאָס אַליין".

און די גרינע פֿרעש האָבן זיך אײַנגעהערט און זײַנען געווען פֿאַרחידושט. און אַזוי ווי דאָס איז זיי ניט געפֿעלן געוואָרן, האָבן זיי די פּנימער אָוועקגעדרייט און געשפּרונגען מיטן קאָפּ אַראָפּ צום גרונט. די יונגע בראָסקעלעך זײַנען, אָבער, מיט דעם געווען אַזוי שטאָלץ, אַז זיי האָבן אויסגעצויגן די הינטערשטע פֿיסלעך. יעדער פֿון זיי האָט געמיינט, אַז דאָס האָט ער דעם בריליאַנט, און יעדער האָט זײַן קאָפּ געהאַלטן רויִק. ענדלעך האָבן זיי גענומען פֿרעגן וואָס איז דאָס אַזוינס מיט וואָס זיי דאַרפֿן זיך שטאָלצירן, און וואָס איז דאָס טאַקע אַ בריליאַנט.

„דאָס איז אַזאַ שיינע און טײַערע זאַך", האָט די מוטער בראָסקע געזאָגט, „אַז איך קען אים אײַך גאָר ניט באַשרײַבן. דאָס איז אַזוינס וואָס מע טראָגט אים פֿאַרן אייגענעם פֿאַרגעניגן, דעם צווייטן אויף צעפּיקעניש. אָבער בעסער פֿרעגט מיך ניט אַזוי פֿיל. איך וועל אײַך ניט ענטפֿערן".

„נו, איך האָב ניט קיין בריליאַנט", האָט דאָס קלענסטע בראָסקעלע זיך באַקלאָגט. זי איז געווען מיאוס ווי מיאוס קען נאָר זײַן. „ווי אַזוי קען איך האָבן אַזאַ שיינע זאַך ווען עס פֿאַרדריסט אַ צווייטן? ניין. אַזאַ זאַך וואָלט מיר ניט פֿאַרשאַפֿט קיין פֿאַרגעניגן. איך וואָלט נאָר

געוואָלט אַרויפֿגיין צום ראַנד פֿון ברונעם און בלויז אַ קוק טאָן. דאָס וואָלט געווען ווונדערלעך".

„בלײַב ווו דו ביסט", האָט געזאָגט די אַלטע. „דאָ ביסטו אין דער היים; קענסט אַלע. גיי ניט צו נאָענט צו צום עמער. ער קען דיך נאָך צעקוועטשן. און ווען דו שפּרינגסט שוין אַפֿילו יאָ אַרײַן אין עמער, קענסטו נאָך חלילה אַרויספֿאַלן אויך. ניט אַלע זײַנען אַזוי גליקלעך ווי איך, אַרויסצוקומען מיט גאַנצע פֿיסלעך און גאַנצע אייערלעך".

„קוואַק!" האָט דאָס בראָסקעלע געמאַכט. דאָס מיינט אַזוי ווי מיר מענטשן וואָלטן געזאָגט: „אוי".

אָבער דער יצר־הרע האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. דאָס גרינע גראָז פֿון אויבן האָט זי שטאַרק געצויגן, און אין דער פֿרי, בעת מע האָט אַרויפֿגעצויגן דעם מיט וואַסער אָנגעפֿילטן עמער, האָט ער זיך אומגעריכטערהייט אָפּגעשטעלט לעבן דעם שטיין ווו דאָס בראָסקעלע איז געשטאַנען. דאָס קליינע באַשעפֿעניש האָט דורכויס געציטערט, אָבער זי איז פֿאָרט אַרײַנגעשפּרונגען אין עמער וואַסער. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום דנאָ פֿון דעם וואַסער וואָס מע האָט גלײַך אויסגעגאָסן.

„פֿע, אַן אָנשיקעניש", האָט געזאָגט דער מאַן וואָס האָט זי באַמערקט. „דאָס איז דאָס מיאוסטע וואָס איך האָב ווען עס איז געזען". ער האָט זי אַזאַ שטאַרקן בריקע געטאָן מיט זײַן הילצערנעם שוך, אַז ער האָט זי שיִער ניט צעקאַליעטשעט. דאָס בראָסקעלע איז קוים מיטן לעבן אַרײַנגעפֿאַלן צווישן דער הויכער קראָפּעווע. זי האָט געזען שטאָק און שטעקלעך פֿון אַלע זײַטן וואָס גייען הויך אַרויף. די זון האָט אַרויפֿגעשײַנט אויף די בלעטער, איז אַלץ אַרום געוואָרן דורכזיכטיק. פֿאַרן בראָסקעלע האָט עס אויסגעזען אַזוי ווי פֿאַר אונדז מענטשן בעת מיר קומען פּלוצלינג אַרײַן אין אַ גרויסן וואַלד, ווו די זון שײַנט אַראָפּ צווישן די בלעטער און צווײַגן.

„דאָ איז אַ סך שענער ווי אינעם ברונעם! מע וואָלט געקענט דאָ ווינען דאָס גאַנצע לעבן", האָט דאָס קליינע בראָסקעלע געזאָגט. זי איז דאָרט אָפּגעלעגן אַ שעה־צוויי. „איצט וואָלט איך געוואָלט וויסן וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. נו, איך בין שוין געקומען אַזוי ווײַט, וועל איך נאָך גיין ווײַטער!" און זי איז געקראָכן אַזוי גיך ווי זי האָט נאָר געקענט. די זון האָט אויף איר געשײַנט, איז זי געוואָרן אין גאַנצן באַדעקט מיט שטויב בעת זי האָט אַריבערגעשפּאַנט דעם שליאַך.

„דאָ פֿילט זיך אַזוי ווי איך וואָלט געווען אויף דער יבשה", האָט דאָס בראָסקעלע געזאָגט. „מיר דאַכט זיך, אַז איך קריג שוין צו פֿיל פֿון אַל דאָס גוטס. עפּעס קיצלט מיך אינעווייניק".

איצט איז זי צוגעקומען צו אַ גראָבן. דאָרט זײַנען געוואַקסן פֿאַרגעס־נישטלעך און שפּירבלומען! פֿון הינטן האָט זיך געצויגן אַ קוסטנצוים פֿון ווײַסדאָרן און בוזינע, און דאָס שלענדערל האָט פֿאַרפֿלאָכטן אירע בלעטלעך צווישן זיי. די פֿאַרבן האָבן דאָס אויג פֿאַרכאַפּט. אַ קליין זומער־פֿייגעלע איז אומגעפֿלויגן. די בראָסקע האָט געמיינט, אַז דאָס האָט אַ בלימל פֿון איר צווײַגל זיך אָפּגעריסן און פֿליט אין דער נײַער וועלט אַרום. און אַלץ האָט אַזוי נאַטירלעך אויסגעזען.

„אַך, ווי גוט עס איז אַזאַ לעבן!" האָט געזאָגט די בראָסקע. „קוואַק, קוואַק. ווי פּראַכטיק דאָס איז".

דאָ, אין דעם גראָבן, איז זי אָפּגעלעגן אַכט טעג און אַכט נעכט. עסן האָט זי ניט געוואָלט. אינעם נײַנטן טאָג האָט זי גענומען טראַכטן וועגן גיין ווײַטער. אָבער קען מען שענערס דען געפֿינען, סײַדן אפֿשר אַ קליין בראָסקעלע צי אַ גרין זשאַבקעלע?

נעכטן בײַ נאַכט האָט זי דערהערט אַ קלאַנג וואָס דער ווינט האָט פֿאַרטראָגן, אַזוי ווי פֿון אייגענע און נאָענטע.

„שיין איז דאָס לעבן! מע קומט אַרויס פֿונעם ברונעם, מע לייגט זיך אַוועק אין קראָפּעווע, מע קריכט אַריבער איבערן שטויביקן וועג

און מע רוט זיך אויס אין דעם נאַסן גראָבן. אָבער פֿאָרויס! ווײַטער גיין! קענסט נאָך אָנטרעפֿן אַ מאָל אַ בראָסקע צי אַ פֿראָש, אָבער דאָס איז דאָך אַ קלײנער וווּנדער. די נאַטור אַליין איז ניט גענוג פֿאַר מיר", און ווידער האָט זי זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

זי האָט דערגרייכט אַ פֿעלד מיט אַ גרויסער אָזערע באַוואָקסן מיט ריטער. אַ קול האָט פֿון דאָרט גערעדט: „דאָ איז אפֿשר צו נאַס פֿאַר דיר", האָבן די פֿרעש געזאָגט. „ביסטו אַן ער צי אַ זי? עס מאַכט ניט אויס. דו ביסט סײַ ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט. מיר זײַנען צופֿרידן וואָס דו ביסט דאָ!"

אין אָוונט האָט מען זי פֿאַרבעטן אויף אַ קאָנצערט, אַ משפּחהדיקן קאָנצערט. עס זײַנען געווען שוואַכע שטימען און גרויס באַגײַסטערונג. עפּעס צוצובײַסן האָט מען ניט געגעבן – נאָר צו טרינקען, און דאָס איז געווען אָן געלט: די גאַנצע אָזערע און וויפֿל מע האָט נאָר געוואָלט.

„איצט פֿאָר איך ווײַטער", האָט דאָס קליינע בראָסקעלע געזאָגט. עס האָט זי אַלע מאָל געצויגן צו עפּעס בעסערס. זי האָט דערזען ווי די שטערן האָבן געווונקען אַזוי גרויס און אַזוי קלאָר און געזען די נײַע לבֿנה לויכטן, און דערנאָך האָט זיך די זון געהויבן אַלץ העכער און העכער.

„איך בין זיכער נאָך אין אַ ברונעם, אין אַ גרויסן ברונעם. איך דאַרף אַרויפֿגיין. איך פֿיל אין זיך אַן אומרו און אַ פֿאַרלאַנג". און דערווײַל האָט די לבֿנה זיך באַוויזן אַ פֿולע און אַ קײַלעכדיקע. דאָס אָרעמע באַשעפֿעניש האָט געמיינט, אַז דאָס איז דער עמער וואָס לאָזט זיך אָראָפּ צו איר אין ברונעם. „איך מוז שפּרינגען. איך וויל אַרויפֿגיין העכער. אָבער אפֿשר איז די זון דער גרויסער עמער? אוי, ווי גרויס זי איז, ווי שיין זי שײַנט. זי קען אונדז אַלעמען אַרײַננעמען. איך מוז אויסניצן די געלעגנהייט, אָבער ווי זי לויכט אין מײַן קאָפּ! איך גלייב, אַז אַפֿילו אַ בריליאַנט קען בעסער ניט לויכטן. אַ בריליאַנט! איך האָב

אים ניט און איך וועל נאָך אים ניט וויינען. אָבער ניין, נאָך העכער צו כּבֿוד און צו גליק. איך פֿיל זיך זיכער און דאָך שרעק איך זיך. עס איז אַ שווערער שריט. מע מוז עס, אָבער, טאָן. פֿאָרויס, אַרויס אויפֿן ברייטן שליאַך".

און זי האָט געשטעלט פֿיס ווי נאָר אַזאַ שרץ האָט געקענט. ביז זי איז געקומען צו אַ דורכפֿאָר, ווו עס האָט זיך געפֿונען אַ מענטשלעכער ייִשובֿ. זי האָט באַמערקט צוויי גערטנער. אין איינעם איז געוואָקסן בלומען און אין צווייטן – קרויט. זי האָט אויסגעקליבן דעם קרויטגאָרטן. דאָרט וועט זי זיך פֿאַרווײַלן.

„וויפֿל פֿאַרשיידענע באַשעפֿענישן געפֿינען זיך דאָ. וואָס איך האָב קיין מאָל גאָר ניט געוווּסט פֿון זיי, און וואָסער גרויסע און געבענטשטע וועלט עס איז. מע מוז זי אויך אָנקוקן און ניט בלײַבן זיצן אויף איין אָרט", און זי איז גלײַך אַרײַנגעשפּרונגען אין קרויטגאָרטן. „ווי שיין דאָ איז! ווי גרין דאָ איז!"

„דאָס ווייס איך שוין", האָט געזאָגט דער קרויטוואָרעם אויפֿן בלאַט. „מײַן בלאַט איז דער גרעסטער אָט אַ דאָ. ער איז גרויס ווי אַ האַלבע וועלט, און אָן דער איבעריקער טייל וועלט קען איך זיך גאַנץ גוט באַגיין".

„קלוק! קלוק!" האָט זיך דערהערט. הינער זײַנען אָנגעקומען און האָבן אַרײַנגעשפּאַנט אין קרויטגאָרטן. די ערשטע הון איז געווען אַ ווײַטזעיִקע. זי האָט באַמערקט דעם וואָרעם אויפֿן געקרײַזלטן בלאַט און אים אַ פּיק געטאָן, איז ער אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד. ער האָט זיך געדרייט און געוואָרפֿן. די הון האָט אים צום ערשטן אָנגעקוקט מיט איין אויג און דערנאָך מיטן צווייטן, ווײַל זי האָט געוואָלט זען וואָס ס'וועט זײַן דער סוף פֿונעם וואַרפֿן זיך.

„ער טוט דאָס ניט מיט קיין גוטן ווילן", האָט געטראַכט די הון און אויפֿגעהויבן דאָס קעפּל אים אַ פּיק צו טאָן. דאָס בראָסקעלע האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זי איז פֿאַרקראָכן גלײַך צו דער הון.

„הייסט עס, אַז ער האָט אַרויסהעלפֿער. זעט נאָר וואָס עס קריכט דאָ", האָט די הון געדרייט מיטן עק. „איך וויל זיך ניט פֿאַרנעמען מיט דעם קליינעם גרינעם ביסן. עס מאַכט מיר נאָר אָן אַ קיצלעניש אין האַלדז". די אַנדערע עופֿות זײַנען געווען בײַ דער זעלביקער מיינונג און זײַנען זיך צעגאַנגען.

„איך האָב זיך אַרויסגעדרייט", האָט דער קרויטוואָרעם געזאָגט. „מע קען דאָס טאָן נאָר ווען מע האָט שׂכל, אָבער ס'וועט ערשט קומען דאָס ערגסטע. ווי אַזוי קום איך צוריק צום קרויטבלאַט? וווּ איז עס דען?"

און דאָס קליינע בראָסקעלע איז אָנגעקומען און האָט אויסגעדריקט איר מיטלײַד. זי איז געווען צופֿרידן, וואָס זי איז אַזאַ מיאוסקייט, אַז די הון האָט זיך פֿאַר איר אַזש דערשראָקן.

„וואָס מיינסטו דערמיט?" האָט דער קרויטוואָרעם געזאָגט. „איך האָב זיך אַליין אַרויסגעדרייט פֿון איר. און עס איז אמת, אַז ס'איז ניט אָנגענעם אַ קוק צו טאָן אויף דיר! איך קען זיך אַליין פֿאַרזאָרגן. איצט שמעק איך קרויט. אָט איז מײַן בלאַט. גאָרניט איז אַזוי גוט ווי אייגנס. אָבער איך מוז גיין העכער, העכער".

„יאָ, שטײַגן העכער", האָט דאָס קליינע בראָסקעלע געזאָגט און געטראַכט, ער שטרעבט העכער. דאָס האָב איך אַלע מאָל געוואָלט. ער איז, אָבער, הײַנט ניט גוט אויפֿגעלייגט. דאָס קומט פֿון שרעק. מיר אַלע ווילן שטײַגן נאָר העכער! און זי האָט אַרויפֿגעקוקט ווי הויך זי האָט נאָר געקענט.

דער בושל איז געזעסן אין נעסט אויף אַ פּויערשן דאַך. ער האָט געקלאַפּט מיטן שנאָבל; די מוטער בושל האָט אויך אויסגעקלאַפּט אַן ענטפֿער.

„ווי הויך זיי ווינען", האָט זיך דאָס בראָסקעלע געוווּנדערט. „ווי קען מען אַרויפֿגיין אַזוי הויך?"

בײַם פֿויער אין שטוב האָבן געוווינט צוויי יונגע סטודענטן, איינער אַ פּאָעט און דער אַנדערער אַ נאַטור־פֿאָרשער. דער פּאָעט האָט געזונגען און געשריבן אין פֿרייד וועגן אַלץ וואָס דער אייבערשטער האָט באַשאַפֿן און אַלץ וואָס זײַן האַרץ האָט אָפּגעשפּיגלט. ער האָט עס אויסגעזונגען קורץ, קלאָר און רײַך אין קלינגענדיקע פֿערזן. דער אַנדערער, דער נאַטור־פֿאָרשער, האָט אויפֿגענומען אַלץ ווי עס איז. ער האָט עס צעגלידערט ווען נייטיק. ער האָט באַהאַנדלט דעם אייבערשטנס באַשאַף אַזוי ווי אַ שטיק אַריטמעטיק, געחיסורט און געחיבורט. ער האָט געזוכט אויסצוגעפֿינען פֿון אינעווייניק און פֿון אויסנווייניק. ער האָט גערעדט פֿון דעם מיט שׂכל און וועגן דעם דערציילט מיט פֿרייד און פֿאַרשטאַנד. ביידע זײַנען זיי געווען צוויי גוטהאַרציקע מענטשן.

„דאָרט זיצט אַ גוטער עקזעמפּלאַר פֿון אַ בראָסקע", האָט דער נאַטור־פֿאָרשער געזאָגט. „איך דאַרף זי אַרײַנטאָן אין ספּירט".

„דו האָסט שוין צוויי", האָט דער פּאָעט געזאָגט: „לאָז זי צו רו. זאָל זי הנאה האָבן פֿון לעבן".

„אָבער די איז אַזוי ליבלעך מיאוס", האָט דער נאַטור־פֿאָרשער געזאָגט.

„וואָלטן מיר נאָר געקענט געפֿינען דעם בריליאַנט בײַ איר אין קאָפּ", האָט דער פּאָעט געזאָגט, „וואָלט איך דיר אַליין געהאָלפֿן איס צעשפּאַלטן".

„דעם בריליאַנט", האָט דער אַנדערער געזאָגט, „דו ווייסט אַ סך פֿון נאַטור־געשיכטע!"

„זעסט ניט אין דעם דאָזיקן פֿאָלקסגלויבן אַ סך שיינקייט? אַז די בראָסקע, די מיאוסטע פֿון אַלע באַשעפֿענישן, באַהאַלט גאַנץ אָפֿט בײַ

זיך אין קאָפּ דעם טײַערסטן ברילײאַנט? טרעפֿט זיך ניט דאָס זעלביקע מיט מענטשן אויך אַ מאָל? איז אַזאַ ברילײאַנט ניט געווען באַהאַלטן אין די קעפּ פֿון עזאָפּ און סאָקראַטעס?"

מער האָט די בראָסקע ניט געהערט, און אַפֿילו דאָס וואָס זי האָט יאָ געהערט האָט זי בלויז האַלב פֿאַרשטאַנען. בעת די צוויי פֿרײַנד האָבן געהאַלטן אין רעדן, איז די בראָסקע דערווײַל אַנטלאָפֿן און האָט אויסגעמיטן אַרײַנגעטאָן צו ווערן אין ספּירט.

„זיי האָבן אויך גערעדט וועגן אַ ברילײאַנט", האָט די בראָסקע געזאָגט. „עס איז אַ גוטע זאַך וואָס איך האָב אים ניט. אַנדערש וואָלט מיר געווען פֿינצטער און ביטער".

בײַם פּויער אויפֿן דאַך האָט זיך אָנגעהויבן אַ קלאַפּעניש. דאָס האָט דער פֿאָטער בושל געהאַלטן אַ רעדע פֿאַר דער משפּחה, בעת אַלע האָבן אַראָפּגעקוקט אויף די צוויי יונגע מענטשן אין קרויטגאָרטן.

„דער מענטש איז אַזאַ באַשעפֿעניש וואָס האַלט זייער פֿון זיך", האָט דער בושל אָנגעהויבן. „הערט ווי דאָס קלאַפּן גייט בײַ זיי. מע קען פֿון זיי אַפֿילו ניט הערן קיין ריכטיקן גראַגערקלאַנג. עפּעס בלאָזן זיי און פּלוידערן מיט ווערטער אויף זייער שפּראַך. סאַראַ מאָדנע לשון עס איז בײַ זיי. נאָכן אָפּפּאָרן אַ טאָג פֿאַרשטייען זיי שוין ניט איינער דעם אַנדערן. אונדזער שפּראַך קענען מיר רעדן איבער דער גאַנצער וועלט, סײַ אין דענמאַרק סײַ אין מצרים. פֿליִען קענען די מענטשן גאָר ניט. זיי פֿאָרן אום מיט אַזאַ מאַכערײַקע, וואָס הייסט אַן אײַזנבאַן. זיי ברעכן, אָבער, האַלדז־און־נאַקן. מײַן שנאָבל נעמט מיר ציטערן ווען איך טראַכט פֿון דעם. די וועלט קען באַשטיין אָן די מענטשן אויך. מיר דאַרפֿן זיי אין גאַנצן ניט. מיר דאַרפֿן נאָר פֿרעש און ווערעם!"

דאָס איז געווען אַ שטאַרקע רעדע! האָט געטראַכט דאָס קליינע בראָסקעלע. „אָט דאָס איז אַ גרויסער מענטש. און ווי הויך ער געפֿינט

זיך עס: העכער ווי איך האָב ווען עס איז עמעצן געזען. און אוי, ווי ער קען שווימען!" דאָס האָט זי אויסגעשריגן ווען דער בושל איז געפֿלויגן און האָט זײַנע פֿליגל צעשפּרייט.

און די מוטער בושל איז געבליבן אין נעסט. זי האָט דערציילט פֿונעם לאַנד מצרים, פֿונעם וואַסער פֿונעם טײַך ניל און פֿון די מערקווערדיקע בלאָטעס וואָס געפֿינען זיך אין דעם פֿרעמדן לאַנד. דאָס האָט געקלונגען נײַ און שיין אין די אויערן פֿונעם קליינעם בראָסקעלע.

„איך מוז זען מצרים", האָט זי געזאָגט. „ווען דער בושל וואָלט מיך נאָר מיטגענומען. צי איינער פֿון די יונגע וואָלט מיך אפֿשר מיטגענומען. איך וואָלט אים זיכער אָפּגעדינט מיט עפּעס אויף זײַן חתונה. יאָ, איך וועל זען מצרים, ווײַל איך האָב אַ סך מזל. דער גאַנצער באַגער און פֿאַרלאַנג וואָס איך האָב איז נאָך בעסער ווי אַ בריליאַנט אין קאָפּ".

און אַ בריליאַנט האָט זי געהאַט, טאַקע אַן אמתן: דעם אייביקן פֿאַרלאַנג און באַגער צו גיין העכער, תּמיד העכער. דער דאָזיקער בריליאַנט האָט אין איר געשײַנט. ער האָט געלויכטן מיט גליק און געשטראַלט מיט בענקעניש.

דערווײַל איז געקומען דער בושל. ער האָט דערזען דאָס בראָסקעלע אין גראָז. ער האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן און אַ כאַפּ געטאָן דאָס אָרעמע באַשעפֿעניש אין זײַן שנאָבל. דער שנאָבל האָט זי געקלעמט. דער ווינט האָט געפֿײַפֿט. עס איז איר ניט געווען באַקוועם, אָבער העכער אַרויף איז זי געפֿלויגן, אַרויף אויפֿן וועג קיין מצרים. דאָס האָט זי געוווּסט. דעריבער האָבן אירע אויגן אַזוי געפֿינקלט. און עס האָט אויסגעזען ווי אַ פֿונק וואָלט פֿון זיי אַרויסגעפֿלויגן. „קוואַק־אוי".

דער קערפּער – טויט: דאָס בראָסקעלע – דערהרגעט. אָבער דער פֿונק פֿון אירע אויגן, וואָס איז פֿון דעם געוואָרן?

דער זונענשטראַל האָט אים צוגענומען. דער זונענשטראַל האָט פֿאַרטראָגן דעם ברילִיאַנט פֿונעם בראָסקעלעס קעפּל. וווּהין?

פֿרעגט ניט דעם נאַטור־פֿאָרשער, פֿרעגט בעסער דעם פּאָעט. ער וועט עס דיר דערציילן ווי אַ מעשׂהלע; דער קרויטוואָרעם וועט זײַן דערבײַ און אויך די בושלען וועלן זיך דאָרטן געפֿינען. גיב נאָר אַ טראַכט! דער קרויטוואָרעם וועט מגולגל ווערן אין אַ שיין פֿלאַטערל. די בושלען וועלן פֿליִען איבער ימים, איבער בערג, אַוועק ווײַט קיין אַפֿריקע, און דאָך געפֿינען זיי דעם קירצסטן וועג אַהיים צוריק צו דער דענישער מדינה, צום זעלבן אָרט, צום זעלבן דאַך! יאָ, עס איז ניט קיין מעשׂהלע, ס'איז אמת. איר קענט עס גערן פֿרעגן בײַם נאַטור־פֿאָרשער. ער וועט זיך זיכער מודה זײַן. איר אַליין ווייסט עס אויך, ווײַל איר האָט עס געזען.

אָבער דער ברילִיאַנט פֿונעם קליינעם בראָסקעלעס קאָפּ? זוך אים אין דער זון. קוק אין איר אַרײַן אויב איר קענט.

די לויטערקייט איז צו שטאַרק. מיר פֿאַרמאָגן נאָך דערווײַל ניט די אויגן וואָס זאָלן אַרײַנקוקן אין דער הערלעכקייט, וועלכע דער אייבערשטער האָט באַשאַפֿן. אָבער די צײַט וועט קומען און מיר וועלן עס נאָך האָבן. און דאָס וועט זײַן דאָס שענסטע, ווונדערלעכסטע מעשׂהלע, ווײַל מיר וועלן אין דעם האָבן אַ חלק.

## 35

# זוניקע געשיכטעס



„יצט וועל איך עפּעס דערציילן", האָט געזאָגט דער ווינט.

„ניין, זײַ מוחל", האָט דער רעגן געזאָגט. „איצט איז מײַן ריי. דו ביסט גענוג געשטאַנען אויפֿן ראָג און געוואויעט".

„איז דאָס דײַן דאַנק צו מיר?" האָט דער ווינט געזאָגט. „צו מיר, דער וואָס האָט צוליב דײַן כּבֿוד איבערגעקערט שירעמס און זיי צעבראָכן, ווען מענטשן האָבן מיט דיר ניט געוואָלט האָבן צו טאָן?"

„שטיל זאָל זײַן! איך וועל אַצינד דערציילן", האָט די זון געזאָגט. זי האָט עס געזאָגט מיט וואַרעמקייט און מאַיעסטעט, אַזוי אַז דער ווינט איז אַוועקגעפֿאַלן. דערווײַל האָט דער רעגן געפּרוּווט דעם ווינט דערמונטערן און האָט געזאָגט, „מיר וועלן צו דעם ניט דערלאָזן! זי שפּאַרט זיך אַלע מאָל אַרײַן, די דאָזיקע מאַדאַם זון. מיר וועלן זיך צו איר ניט צוהערן. עס איז גאָר ניט ווערט זיך צוצוהערן צו איר".

און די זון האָט דערציילט:

„אַ שיינער שוואַן איז געפֿלויגן איבער די זיך טרייסלענדיקע, זיך וואַרפֿנדיקע כוואַליעס פֿון ים. יעדע פֿעדער זײַנע האָט געשײַנט ווי גאָלד. איין פֿעדער וואָס דער שוואַן האָט אַרויסגעלאָזט איז געפֿאַלן אויף דער גרויסער האַנדלסשיף וואָס איז מיט צעוויקלטע זעגלען פֿאַרבײַגעשוווּמען. די פֿעדער איז געפֿאַלן אויף די געגרײַזלטע האָר פֿון אַ יונגן־מאַן, דער ממונה איבער דער סחורה. 'סופּערקאַרגאָ' האָט

מען אים גערופֿן. דעם פֿויגלס מזלדיקע פֿעדער האָט אָנגערירט זײַן שטערן, איז באַלד געוואָרן אַ פֿעדער אין זײַן האַנט און האָט אים געבראַנגט אַ סך מזל. ער איז גלײַך געוואָרן אַזוי שטאַרק רײַך, אַז ער האָט זיך געקויפֿט שפּאָרן פֿון גאָלד. ער האָט אויך געקענט מאַכן אַן אַדלמאַנס שילד פֿון אַ גאָלדענעם טעלער. איך ווייס, ווײַל איך האָב אויף דעם אַרויפֿגעשײַנט", האָט געזאָגט די זונענשײַן.

„דער שוואַן איז געפֿלויגן ווײַטער, איבער אַ גרינער לאָנקע, וווּ אַ קליינער פּאַסטעך, אַ ייִנגל פֿון זיבן יאָר, איז געלעגן אין שאָטן פֿונעם איינציקן בוים דאָרט. האָט דער שוואַן, אַזוי פֿליִענדיק, אַ קוש געטאָן אַ בלעטל פֿונעם בוים. דאָס בלעטל איז אַרײַנגעפֿאַלן דעם פּאַסטעכל אין די הענט. פֿונעם בלעטל איז געוואָרן דרײַ בלעטלעך און דערנאָך צען בלעטלעך, ביז דערפֿון איז געוואָרן אַ גאַנץ בוך. און פֿון דעם דאָזיקן בוך האָט ער אַרויסגעלייענט אַלע וווּנדער פֿון דער נאַטור וועגן וויסן און גלויבן. בײַ נאַכט האָט ער דאָס בוך זיך געלייגט צוקאָפּנס, כּדי ער זאָל ניט פֿאַרגעסן דאָס וואָס ער האָט געלייענט. דאָס דאָזיקע בוך האָט אים געבראַכט צו דער שולבאַנק, צום טיש פֿון לערנונג. איך האָב זײַן נאָמען באַגעגנט צווישן די גרויסע געלערנטע", האָט די זון געזאָגט.

„דער שוואַן איז געפֿלויגן איבערן שטילן, איינזאַמען וואַלד און האָט זיך געווײַלט אויף דער שטילער שוואַרצער אָזערע, וווּ די וואַסער־ליליעס וואַקסן, וווּ די ווילדע וואַלדעפּל וואַקסן, וווּ די קוקאַווקעס און די ווילדע טויבן האָבן זייערע נעסטן געמאַכט.

„אַן אָרעמע פֿרוי האָט דאָרט געקליבן שטיקלעך האָלץ און דאַרע צווײַגן. זי האָט זיי געטראָגן אין אַ פּאַק אויף דער פּלייצע און אַ קינד האָט זי געהאַלטן בײַ איר ברוסט. זי איז געווען אויפֿן וועג אַהיים ווען זי האָט באַמערקט דעם גילדענעם שוואַן. האָט זיך פֿון גליק דער שוואַן אויפֿגעהויבן פֿון גילדענעם איי און עס אַוועקגעלייגט לעבן איר. זי האָט דאָס איי אַרײַנגעלייגט צו זיך אין בוזעם און עס

אויסגעוואַרעמט. ׳עס איז זיכער אַ לעבן אין דעם איי פֿאַראַן. זיכער! עס פּיקט זיך אינעווייניק׳. דאָס פּיקן האָט זיך קוים געהערט, האָט זי געמיינט, אַז דאָס קלאַפּט עס בײַ איר דאָס האַרץ אַזוי.

„בײַ זיך אין אָרעמען שטיבל האָט זי דאָס איי אַרויסגענומען פֿון בוזעם. טיק־טיק, האָט עס געמאַכט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ טײַער גאָלדן זייגערל. עס איז, אָבער, געווען אַן איי, אַן איי מיט לעבן אין זיך. דאָס איי האָט געפּלאַצט און אַ קליין שוואַנדל, מיט פֿעדערן פֿון ריינעם גאָלד, האָט דאָס קעפּל אַרויסגעשטעקט. אויף זײַן האַלדז האָט ער געטראָגן פֿיר רינגלעך. און אַזוי ווי די אָרעמע פֿרוי האָט געהאַט פֿיר יינגלעך – דרײַ אין דער היים און דאָס פֿערטע האָט זי אין איינזאַמען וואַלד געהאַט מיט זיך – האָט זי שוין פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָ אַ רינגל פֿאַר יעדן יינגל. ווי באַלד זי האָט דאָס געטראַכט, איז דאָס יונגע גילדענע שוואַנדל אַוועקגעפֿלויגן.

„זי האָט אַ קוש געטאָן יעדעס רינגל באַזונדער. זי האָט אויך יעדעס קינד געלאָזט קושן די רינגלעך, האָט עס צוגעלייגט צום קינדס הערצל און אָנגעטאָן אַ רינגל אויף יעדן קינדס פֿינגער.

„איך האָב עס אַלץ געזען", האָט די זון געזאָגט. „און איך האָב געזען וואָס ס׳איז פֿון דעם אַלץ געוואָרן".

„איין יינגל איז געזעסן אין אַ ליימגרוב און זיך געשפּילט מיטן ליים. ער האָט דאָס ליים געדרייט און געקנאָטן מיט זײַנע פֿינגער, ביז ער האָט אויסגעפֿורעמט אַ פֿיגור – און אַ גאָלדענע הויט האָט זיך באַוויזן אויפֿן געשטאַלט.

„דאָס צווייטע יינגל איז גיך צוגעלאָפֿן צום פֿעלד, וווּ ס׳זײַנען געוואַקסן בלומען פֿון פֿאַרשידענע פֿאַרבן. ער האָט אָנגעריסן אַ פֿולע זשמעניע מיט זיי און זיי געדריקט אַזוי שטאַרק, ביז דער זאַפֿט האָט אים אַרײַנגעשפּריצט אין די אויגן און באַנעצט דאָס רינגל. די בלומען האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זײַנע הענט און זײַנען אים פֿאַרקראָכן אין די געדאַנקען.

אַ יאָר און אַ מיטוואָך איז אַריבער, און מ׳האָט אין דער גרויסער שטאָט שוין גערעדט וועגן דעם גרויסן מאָלער.

„דאָס דריטע ייִנגל האָט דאָס רינגל שטאַרק געהאַלטן אין זײַן מויל און עס האָט אָפּגעהילכט אַ ליד וואָס איז געקומען פֿונעם טיפֿעניש פֿון זײַן האַרץ. געפֿילן און געדאַנקען זײַנען אַרויס אין מוזיקאַלישע טענער! זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן ווי זינגענדיקע שוואַנען און ווי שוואַנען האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אַזוי טיף ווי די טיפֿקייטן פֿונעם ים. ער איז געוואָרן אַ גרויסער זינגער, אַ גרויסער מײַסטער. און יעדעס לאַנד האָט די רעכט געהאַט צו זאָגן: ׳ער געהערט צו אונדז׳.

„און דאָס פֿערטע ייִנגל, דאָס קלענסטע, איז געווען אַן אויסוואָרף. ער פֿלעגט קרייען ווי אַ האָן, האָט מען געזאָגט, אַז מע זאָל אים געבן פּוטער מיט פֿעפֿער אַזוי ווי מע גיט די קראַנקע הינדעלעך. מע פֿלעגט אים רייצן: ׳פּוטער מיט פֿעפֿער׳. און דאָס טאַקע האָט ער געקראָגן״.

„אָבער פֿון מיר״, האָט געזאָגט די זון, „האָט ער געקראָגן אַ וואַרעמען קוש. פֿון מיר האָט ער באַקומען צען קושן פֿאַר יעדן איינעם וואָס די אַנדערע קינדער האָבן באַקומען. ער איז געווען אַ פּאָעט. מ׳האָט אים געצערטלט און געקושט. אָבער זײַן גליק האָט ער באַקומען פֿון דעם גילדענעם שוואַן וואָס ברענגט מזל. זײַנע געדאַנקען זײַנען געפֿלויגן הויך, אַזוי ווי גילדענע פֿלאַטערלעך – דער סימבאָל פֿון אומשטאַרביקייט״.

„דאָס איז אַ שרעקלעך לאַנגע געשיכטע״, האָט דער ווינט געזאָגט. „און אַ נודנע״, האָט דער רעגן צוגעגעבן. „בלאָז אויף מיר, וועל איך קענען קומען צו זיך״.

און דער ווינט האָט געבלאָזן, און די זון האָט דערציילט: „דער שוואַן פֿון גליק איז געפֿלויגן איבער אַ טיפֿער, שיינער אָזערע וווּ פֿישערס האָבן זייערע נעצן פֿאַרוואָרפֿן. דער אָרעמסטער פֿון זיי האָט געקלערט וועגן חתונה האָבן, האָט ער טאַקע חתונה געהאַט. פֿאַר אים

האָט דער שוואַן געבראַכט אַ שטיק בורשטין. דער בורשטין האָט אַ כּוח צוצוציִען גליק צו די וואָס האָבן אים, און ער האָט געצויגן גליק צום פֿישערס היים. דער בורשטין מאַכט אַ ווונדערלעכן ווײַרעך, וואָס גיט אַרויס ריחות פֿון זיך אַזוי ווי אַ קלויסטער און אויך ווי די זיסע דופֿטן פֿון דער נאַטור. האָט דאָס יונגע פּאָרל זיך געפֿילט גליקלעך און צופֿרידן אין זייער קליינער היים, אַזוי אַז זייער לעבן איז געוואָרן אַ 'זוניק מעשׂהלע'".

„שוין צײַט אויפֿצוהערן", האָט דער ווינט געזאָגט. „די זון האָט שוין געגנוג גערעדט. איך בין שוין פֿאַרנודיעט געוואָרן".

„און איך אויך", האָט דער רעגן געזאָגט.

און מיר, די אַנדערע וואָס האָבן געהערט די געשיכטע, וואָס האָבן מיר צו זאָגן?

מיר זאָגן: „די מעשׂה איז אויס".

## רשימה געוויקסן

ז. 39 מאַרגעריטקעס daisies
מײַ־כּוסעלעך lillies-of-the-valley
רויטע אַמאַראַנטן red amaranthus
פֿיאָלעטן violets
היאַצינטן hyacinths
זאָפֿראַנבלומען crocus
טוליפּאַנען tulips
טיגער־ליליעס tiger lillies

ז. 41 שטעכיקע קראָפּעווע stinging nettle
רויט נעגעלע red carnation

ז. 45 קראָקוסבלום crocus

ז. 48 מאָנבלומען poppies
פּיוואָניעס peonies
שנייגלעקלעך snowdrops

חנהלעס אייגעלעך pansies

ז. 63 קוקורוזע corn

ז. 79 נאָדלבוים evergreen, conifer

ז. 81 בוקעס beech trees
פּעטרישקע parsley

ז. 100 רעטשקע buckwheat
ווערבע willow
יאַגעדעס berry
תּבֿואות grains
קאָרן rye
האָבער oats

ז. 134 לאָפּעכע־בלעטער burdock leaves

ז. 140 קאָמישן rushes (type of reed)

ז. 146 בעז lilacs

ז. 153 לאַווענדל lavender

ז. 163 יאַסמיניק jasmine
ווינטערייזעלע anemone, windflower
שלענדערל convulvis, glorybind
אָזשענעס European dewberries
מאָכן mosses

ז. 166 דעמבעס oaks

ז. 178 טענענבוים spruce tree

ז. 186 אַגרעסקוסט gooseberry bush
ז. 232 מירטלביימל myrtle tree

ז. 251 זאַפֿראַנבלומען saffron flowers

פֿיאָלקעס violets
לינדנבלומען linden blossom
אַרבעסקווייטל pea blossom

ז. 252 צינגבלעטער honeysuckle
דאַליעס dahlias
כריזאַטעמעס chrysanthamums
מענטע mint

ז. 263 פּאַלמעס palm trees

ז. 264 ווײַנבלאַט grape leaf

ז. 270 בוזינע קוסטן elder bush

ז. 282 בערעזע birch

ז. 290 קוסטן מיט האָזענע ניסלעך hazelnut bushes
ניסן קוסטן nut bushes

ז. 304 בלומען־ציבעלע bulb

ז. 305 גאָלדרעגן laburnum

ז. 321 פֿאַרגעסנישטלעך forget-me-nots
שפּירבלומען meadowsweet
ווײַסדאָרן whitethorn

ז. 322 ריטער (here) reeds

# אָנערקענונגען

אַ סך מענטשן מוזן צוזאַמענאַרבעטן כּדי אַרויסצוגעבן אַזאַ בוך, און דאָ וויל איך זיי דערמאָנען און באַדאַנקען:

אַ דאַנק ד״ר הערשל גלעזער וואָס האָט באַלד פֿון אָנהייב מיט עטלעכע יאָר צוריק צוגעלייגט אַ האַנט אין רעדאַקציע.

ליז עלסבין פֿון ירושלים קומט אַ דאַנק פֿאַר אירע חנעוודיקע אילוסטראַציעס.

כ׳וויל אויך באַדאַנקען דבֿורה הגר וואָס האָט באַאַרבעט די אילוסטראַציעס כּדי זיי זאָלן זײַן צוגעפּאַסט צו די געוויסע ספּעציפֿיקאַציעס פֿונעם בוך.

און אימאַזשיקאָם (ImagiCom) קומט אַ האַרציקן ישר כּוח. די פֿירמע האָט אַלץ צוזאַמענשטעלט אין אַזאַ שיינעם פֿאָרעם, ניט קיין גרינגע אַרבעט. זיי האָבן געמוזט איבעראַרבעטן אַלע פּאַפּקעס פֿון מײַן אַלטן קאָמפּיוטער, אַן אויפֿטו וואָס נאָר זייערע מענטשן האָבן געקענט באַוויַיזן.

צו אײַך אַלע, ווידער אַ מאָל, אַ האַרציקן דאַנק!

חנה־פֿײַגל טערטלטויב